די מענשען דערמיט די פּנים'ער פערשמירט.... אין מיין קינד'ס נאָמען האָבען זיי מיינע קינדער געשאָכטען. עס זיינען מיינע מתים... מיינע הרוגים... מיינע קינדער האָבען דאָס געטהאָן, אין מיין קינד'ס נאָמען... לאָז מיך דיר העלפען פלאַכטעס נעהען.... מיינע מתים פערדעקען, אַז די פויגעל פון הימעל זאָלען זייערע לייבער נישט עסען... לאָז מיך דיר העלפען, די פלאַכטעס נעהען....

און די מאַמע רחל מיט איהר טאָכטער מרים האָבען זיך אין מי־טען מארק געזעצט, אין נאכט און שווארצען געהילט, האָבען פלאַכטעס גענעהט, פון צוריסענע ספרי־תורות פלאַכטעס גענעהט, פון צוריסענע טליתים, פון צוריסענע פּרוכת'ער, וואָס די מאַמע רחל האָט אין איהר שירץ אויפגעקליבען, — און די טויטע לייבער פון איהרע זיהן פער־דעקט, פערשטעלט פון די פויגעל פון הימעל, און ווייט אויסגע־צויגען די פלאַכטעס, ווייט אויף צו פערדעקען דעם איינעם זוהן, וואָס איז געלעגען פאר דעם פערשלאָסענעם טויער, פאר'ן הייזעל.

ציהט עפּעס פון איהר ברייטער שירץ ארויס. זעה: שטיקער צוריסענע ספרי־תורות, שטיקער צוריסענע טליתים, שטיקער צוריסענע פּרוכת'ער, און נעהט, נעהט א לאנגע, לאנגע פלאכטע, און רעדט שטיל און שמייכלענדיג צו זיך.

.... מיינע קינדער האָבען זיי מיר געטויט, האָבען זייערע לייבער אין די גאַסען געוואָרפען. כ'האָב מורא, די פויגעל זאָלען מיר זיי ניט אויפעסען, מיה איך מיר! לייליכער נעהען, לייליכער נעהען.... גיט מיר שטיקער ספרי־תורות, גיט מיר צוריסענע פּרוכת'ער, גיט מיר טליתים, גיט מיר... גיט מיר... איך מוז דאָך מיר לייליכער נעהען, לייליכער נעהען. מיינע קינדער'ס לייבער צודעקען. כ'האָב דאָך מורא, פויגעל זאָלען זיי נישט אויפעסען...

צי איז זי נישט די, וואָס שטעהט אליין אויפ'ן וועג קיין בית־לחם, איהרע איינענע האָבען זיך אין דער מערת המכפּלה בעהאלטען, איהר מאַן מיט איהר שוועסטער... האָבען זי אליין אויפ'ן וועג איבער־געלאָזט, אז זי זאָל די קינדער היטען. שטעהט זי יעדע נאכט אויף און קוקט דורך די פענסטער, דורך די לאָדען אריין, אָבער איהרע קינדער טהוען שלאָפען.

איז זי אליין פון וועג וואָס פיהרט קיין בית־לחם אַנגעקומען, פלאכ־טעס נעהט זי זיך, — איהרע קינדער'ס לייבער צו פערדעקען.

און ווער איז די, וואָס געהט איהר נאָך, א טריט נאָך א טריט? יונג איז זי, ווי איר'ס א טאָכטער. זעה, זי שטרעקט נאָך איהר איהרע הענד אויס, און בעט זיך ביי איהר: — לאָז מיך, מאמעשי, לאָז מיך דיר העלפען די פלאכטעס נעהען... מיין קינד האָב איך פאר זיי צום קרבן געבראכט.... איך האָב געזעהען ווי די בלוט רינט פון די לעבער פון זיינע הענד, פון די לעבער פון זיינע פיס, ווי זיי האָבען איהם מיט די נעגעל אין האָלץ געקלאפּט, און זיין רוקען ברעכט זיך הינטער איהם. און ווי ער האלט די אויגען צום הימעל געווענדעט און בעט מיט די ליפּען: „וואסער“. זיי האָבען איהם א שוואָם אין עסיג דערלאַנגט. פרעהליך בין איך געוועזן, מאמע, איך האָב די טרערען אין מיר געשלונגען און פרעהליך בין איך געוועזן. איך האָב מיך געפרעהט, מאמעשי, אז איך ברענג מיין קינד א קרבן פאר זיי, א קרבן ברענג איך איהם צו גאָט, פאר די וועלט, פאר זיי, פאר זייערע זינד, פאר זייערע זינד.... זעה, יעצט האָבען זיי מיין קינד'ס בלוט גענומען, און צום געלעכטער

און די זון האָט זיך אין אַ בלאָהען, טונקעלען וואָלקען געהילט, איהר ליכט האָט זיך דאָ און דאָרט פון די וואָלקען־רים געגאָסען און בעקושט וואַסער, פעלד, הויז און בוים מיט הימעל־ליכט. נאָר באַלד האָט דער וואָלקען זיינע רים בעהעפטען און מאַט איז געוואָרען וואַסער, פעלד, הויז און בוים. נאַכט איז געוואָרען איבער דעם טרויאַנאַווער הימעל און איבער די טרויאַנאַווער ערד. זעה די שוואַרצע האַנד, וואָס ציהט שוואַרצע שלייערען פון אַלע עקען פון דער וועלט, און וואַרפט זיי איינס אין אַנדערען אַריין, און שלעפט זיי איבער טרויאַנאַוו אַרום. שוואַרץ און נאַכט איז איבער טרויאַנאַוו; שוואַרץ און נאַכט איז איבער די הייזלעך, וואָס שטעהען, טהיר און לאָדען פערהאַקט, פון פאַר זונען־אונטערגאַנג ביז נאָך זיין אויפגאַנג, און דער טויט וואויגט אין זיי. לעבעדיגער טויט און טויטעס לעבען, און דער מלאך המות האָט זיין מאַנטעל פערשפרייט איבער זיי. שטעהען זיי, די הייזלעך, ווי נאָך וידוי אָבגעזאָגט, אָנגעגרייט צו אַלעם. נור פון איין זייט זעהט מען נאָך אַ רויטען ווייטען שטראַנד איבער'ן הימעל אויף מערב זייט, ווי אַ ראַנד פון אַ רויטען ווייסען פייערדיגען ברעג אויף אַ שוואַרצען ים. און פון איין עק דאָרט שטראַהלען אַרגיס פראַנק און פריי אין די נאַכט אַריין ליכטיגע שטראַהלען פון אַ ברענענדען לאָמפּ און באַהרען דורך מיט שרעק די טויט־נאַכט איבער דער שטאָדט. און פון דאָרט הערט מען אַ ווייט ווייט שפּיעלען פון אַ האַרמאָניקאַ, נאָר די ליכטיגע שטראַהלען פון די פענסטער און די קלאַנגען פון דער האַרמאָניקאַ שרעקען מעהר ווי די שוואַרצע טויטע נאַכט וואָס איז אויסגעשפרייט...

און אין פנים אַריין פון שוואַרצען הימעל טראָגט די טרויאַנאַווער ערד אויף זיך, אין מיטען פון איהר שעהנסטען פלאַץ פון איהר מאַרק, איבערגעגעבען הפקר דער נאַכט און דעם שוואַרצען שלייער, פיער טויטע לייכען אין ברודיגע וואָכעדיגע אָנגעטהוערס. און איינער ליעגט, אין זיין שוואַרץ בלוט געגליווערט, פאַר אַ פערמאַכטע טהיר, הינטער דעם טרויאַנאַווער נאַכט־הימעל.

און זעה, ווער איז דאָס? פון וואַנען קומט דאָס די וואָס געהט אַרויס פון דער נאַכט און פון דעם שוואַרצען, אין איהרע ווייסע תכריכים, אין איהר הויב אויפ'ן קאָפּ, און איהרע שבת אויערינגלעך אין איהרע אויערען? און הויך איז זי ווי אַ קעניגין, און געהט, ווי אַ משוגע'נע מאַמע וואָלט זי געווען, און טראָגט עפּעס אין איהר ברייטער שירץ און

אַראָבגעוואָרפען געשרייען און צורופען. די מאַסע האָט זיי נאָכגעיאָגט מיט האַנד־פּאָכערען און רוישענדען געלעכטער, און די אַלטע אידען, געיאָגט פון די שמייז פון די קאַרנאַוואַל־וועכטער אויף די פערד, גע־רייצט פון דעם ווילד־געוואָרענעם עולם, פערטויבט פון רוישענדען לאַכען און געוואַלדען, זיינען ווי משוגע געלאָפען. געלאָפען ווי אויס א שרפה, נישט וויסענדיג פון וואַנען און וואוהין, געלאָפען ווי צומישטע; בעגלייט מיט שפּאַס און שמייז, זיינען זיי ווי אויס זיך אליין געלאָפען; געלאָפען ווי אין א חלום, נישט געזעהן קיין מענש און הויז, נאָר שדים און רוחות, און לאַכען און שמייז, ביז זיי זיינען צו די מעטאַ פאַר דער סאַן־מאַרקאָ אַנגעקומען... נאָך רוישט די צוהיצטע מאַסע, נאָך רופט זי זיי מיט לויטען לאַכען, און נאָך פּאָכערען די טיכער פון די באַלקאָנען געגען דעם ערשטען וואָס איז צו צו דער מעטאַ. — נור פּלוצלונג, זעהט: די הימ אראָב! דער עולם פאַלט מיט די פּנים'ער צו דער ערד, און א שרעקעדיג שטילשווייגען רוהט איבער די ליעגענדע אקסלען און די איינגעגראָבענע פּנים'ער אין דר'ערד. דאָ און דאָרט פערהאַקען זיך די פענסטער, די סינאָרעס און די סינאָרען אויף די באַלקאָנען פאַלען אויף די קניע, בויגען די קעפּ; און די גאַנצע קאָרזע — ווי איין שטראָם ליעגענדע קעפּ — און די שטילקייט, און דער שרעק רוהט איבער זיי.

ער, דער מענש־גאָט, איז געווען צווישען די „לויפערס“, זייער גאָט האָבען זיי געשמיסען, זייער גאָט האָבען זיי געיאָגט. מיט זיין בלייך פּנים האָט ער זיך אומגעדרעהט פון דער סאַן־מאַרקאָ וואַנד. מיט יוסף'ס ליילעך פון דער שטאָדט עריםתא האָט ער זיינע נאַקעטע פיס צוגעדעקט, און הויך האָט ער אויפגעהויבען דעם קרייז איבער די ליעגענדע קעפּ און איז אדורכגעגאַנגען דורך זיי....

.4

דער לעצטער פון די פינף האָט אין א פענסטער אריינגעקלאַפּט:

— מענשען! אונזערע ליגען געשאָכטען אין מיטען מארק... מען לויפט מיר נאָך... לאָזט זיך פערשטעקען....

פערשלאָסען איז געווען דעם ברודער'ס האַרץ ווי די טהיר פון'ם הייזעל.

און עס האָט געבלישצעט.... און א יונגלינג־בלוט האָט א טויטעס שטאָהל אין א לעבעדיגער האַנד געוואָרימט....

.3

...עס איז געקומען די צייט פון „לויפען". די ענגע קאָרזע, וואָס שטעהט מיט איהרע אַלטע בעלי־בתים — די ערנסטע הייזער — פון דור־דורות, איז געוואָרען איינגעטונקט אין אַ ים פון פּערסישע היט און טערקישע מיצען. געפּאַקט זיינען געוועזען די באַלקאָנען מיט די פאָרנעהמסטע סינאָרעס און סינאָרען, וועלכע, אין ווילדע מאַסקעס און אויסגעלאַסענע קאָסטיומען, האָבען זיך מיט גרויס נייגיריגקייט צוגעקוקט צום „לויפען". פון יעדען פענסטער און באַלקאָן, וואו די רוימער געזעלשאַפט איז געוועזען פערזאַמעלט, פון אַרקאַדאַ מיציאַנאַ איבער די גאַנצע קאָרזע, ביז צו דער קירכע סאַן־מאַרקאָ, האָבען אַראָבגעהאַנגען ברייטע פערשיעדען־קאָלירטע טעפּיך־בענדער, קראַנצען בלומען און זיינען אַרויפגעפאַלען אויף די מאַסע קעפּ פון דער אָנגעפילטער קאָרזע. מיט שווערליכקייט האָבען די אויפזעהער פון דעם קאַרנאַוואַל, וואָס זיינען געוועזען אָנגעטהאָן אין רויטע, ווילד־אינדישע פעדערן־היט, מיט נאַקעטע פיס, געקענט פּלאַץ מאַכען צווישען די מאַסקעס פאַר די לויפערס. און איבער דער קאָרזע, איבער דעם זעלבען אָרט, וואָס זיינען אַמאָל, פאַר די קריסטען־צייט, די שעהנסטע און פאָרנעהמסטע יונגלינגען פון רוים נאַקעטערהייד געלאָפען פאַר ווילדקייט און פרייקייט פון מעטאַ צו מעטאַ, און די שעהנסטע יונגפרויען פון רוים האָבען זיך זיי אין די אָרעמס געוואָרפען און געשטערט זיי, — זיינען היינט, — פאַר די אויגען פון דעם הייליגען „פּאָטער", וועלכער איז געזעסען אין פענסטער פון דער מעטאַ, אין סאַן־מאַרקאָ'ס קירכע, — געלאָפען אַכט גרייז־גראָע אידען, געיאָגט פון קאַרנאַוואַל־זעלנער אויף פערד און אונטערגעשמיסען מיט ריטער. די אידען וואָס זיינען נאַקעט געוועזען, נור בלויז אויף זיך לייכטע העמדער געהאַט, האָבען, מיט זייערע אויסגעקרימטע פיס און פולע בייכער (ווייל מען האָט זיי פיעל צום עסען געגעבען פאַר'ן לויפען), דאָס ווילדעסטע געלעכטער אַרויסגערופען ביי די רוימער. געהעצט און געיאָגט פון די מאַסען, זיינען די אַלטע אידען געלאָפען. וועלענדיג פערדעקען זייער טהיילס־נאַקעט לייב, שעהמענדיג זיך פאַר די פרויען, זיינען זיי געפאַלען און זייערע קרומע בעוועגונגען האָבען אַרויסגערופען דאָס ווילדעסטע לאַכען און די רוישענדסטע העצרייען ביי דעם אויפגערודערטען עולם. פון די פענסטער האָט מען זיי

צער צווייטען מיינע ברידער צו פערברייטען מיט מיין נאָמען אויף זייערע ליפּען. מיין וואָרט צו שלום האָבען זיי צו מלחמה פערדרעהט, מיין וואָרט צו סליחה האָבען זיי צו נקמה פערקעהרט. די בחורים פון מיין פאָלק האָבען זיי צו זייערע וועגען געשפּאַנט. און די כלות — מיינע שוועסטער — מיט שאַנד און שפּאָט האָבען זיי זייערע אויגען צו דער ערד געדריקט.

משיח האָט דעם קאָפּ געבויגען צו דער ערד און געשוויגען.

— און אויף מיין שטוהל האָבען זיי זיך געזעצט צו פרעסען און צו זויפען און צו רעגיערען איבער די וועלט. זעה, זיי זאָגען ווערטער אין מיין נאָמען, וואָס איך האָב זיי נישט געזאָגט, דעם טרויעריגען געמיטה האָבען זיי נישט געטרייסט, די טרערען פון דעם אונגליקליכען האָבען זיי נישט געווישט. דעם אונטערדריקטען טהוען זיי נאָך מעהר אונטערדריקען, און דעם ערהויבענעם טהוען זיי חנפ'ענען. אָ, איהר פרעמדע, וועך האָט איך דאָס רעכט געגעבען, איהר זאָלט משפּט'ען צווישען א ברודער און א ברודער? מיין וועהטאָג טהוט איהר דאָך נישט פיהלען, און מיין צער טהוט איהר דאָך נישט פערשטעהן.

משיח האָט דעם קאָפּ געבויגען צו דער ערד און געשוויגען.

— דאָ ביי דיר וויל איך זיצען, מיינע הענד, ווי דיינע, לאָזען זיי צו די מויערען קייטען. מיינע אויגען, ווי דיינע, וועל איך אין דער ערד איינגראָבען. און מיט מיינע ברידער אינאיינעם, און מיט מיינע שוועס־טער אינאיינעם — שאַנד און שפּאָט אריבערטראָגען, וואָרים דערווידער איז מיר זייער ליעב אין געזאַנג. וואָרים צו מיין האַלז טהוען זיי זיך בוקען, און מיין וואָרט האָבען זיי געטהאָן פערגעסען. דאָ מיט דיר וויל איך וואַרטען, ביז עס וועט קומען דער טאָג פון גאָט, אין דו וועסט מיט דיין שופר בלאָזען, צי פערזאַמלען די פעלקער הינטער דיין באַרג. און — ווי דער געטרייער שעפער זיין שאָף, אין טאָג פון היין און וואַרעמ־קייט, זאַמעלט פון וואַסער אויף — וועל איך מיין סטאַדע צוזאַמענ־נעהמען און וועל גאַנץ מאַכען דאָס, וואָס דער ליעב האָט פערצוקט, און וואַרעמען דאָס, וואָס דער ווינטער האָט פערקיהלט, און היילען דאָס, וואָס די הינד האָבען צוביסען. און ווישען וועל איך די טרערען פון אונגליקליכען, און הייבען דעם צובראָכענעם געמיטה, וואָרים דענסטמאָל וועל איך זיין מיט זיי און מיינע ווערטער וועלען לעבען אין זיי.

און אז דער הייליגער פּאַטער, ווען ער וועט זיין פוס אויפ'ן קאָפּ פון אַלטען רב טרעטען, זאָל דאָס ספר תורה וואָס מען וועט איהם דערלאַנגען, נישט צו דער ערד וואַרפען. ער איז פערביי דעם קאָלאָסעאום געגאַנגען. די לבנה אַליין האָט אין דעם גרויסען שרעקליכען מויער אַרומשפּאַצירט, נישט צו קענען פון איהם אַרויסצוקומען. דעם איד פון דער שטאָדט נצרת האָט זיך געדאַכט נאָך צו פערנעהמען די רופען פון זיין נאָמען פון זיינע ערשטע גלויביגע, וואָס האָבען, ראַנגלענדיג זיך מיט די חיות, איהם אויסגערופען ביי דעם לעצטען זיפץ.

דער מענשען־גאָט איז דורכגעגאַנגען דעם „אויגוסט"־טויער, וואָס שטעהט ביי דעם אַריינגאַנג פון דער שטאָדט רוים. אין נאַכט געהילט האָט ער דאָרט געטראָפען משיח'ן זיצען אויף אַ שטיין און אָנגעבונדען צו דער וואַנד בייביידע פיס מיט צוויי שוואַרצע שווערע קייטען. אין האַנד האַלט ער דעם שופר, דאָס קריגעל אויל שטעהט ביי איהם, און ער וואַרט אויף גאָט'ס וואָרט, ער זאָל איהם הייסען צו בעפרייאונג בלאָזען. די אויגען איינגעגראָבען אין דר'ערד, און דער שטאָלצער הויכער, שטאָלענער שטערען — ווי אַ שילד געגענאיבער די שרעקליכע לאַנגע "פּיאַ אַפּיאַ". דער מענשען־גאָט האָט זיך צו משיח'ן געווענדעט און האָט געזאָגט אַזוי:

— משיח, איך בין צו דיר געקומען. זיי מיר מוחל איבער אַלעס וואָס זיי טהוען אין מיין נאָמען.

משיח האָט דעם קאָפּ געבויגען צו דר'ערד און געשוויגען.

— צו בין איך דען נישט צו אייך געקומען? צו האָב איך דען אייך נישט ווי אַ הוהן, וואָס נעהמט איהרע יונגע היהנדעלעך אונטער איהר פליעגעל אַרונטער, — נישט געוואָלט אַרונטערנעהמען? צו האָב איך דען פאַר אייך מיין בלוט נישט פערגאָסען אין מיין מאַמע'ס אויגען? צו ווען בין איך דען געגאַנגען? אין אונזערע בתי־מדרשים האָב איך מיך דען נישט געפונען? אין די שוהל־הויפען האָב איך מיך דען ניט אויפגעהאַלטען, און צווישען אייך און פאַר אייך מיין וואָרט פערשפּרייט? און ווי פון אַן אָבקרעציגען האָט איהר זיך פון מיר אָבגעשיידט. און יעצט זיינען פרעמדע געקומען, דאָס לייַלעך האָבען זיי פון מיין לייב געריסען און אויף פעהנער עס צושניטען. די פעהנער האָבען זיי אין מיין בלוט געטונקט, און מיט זיי ציהען זיי אויס — טרערען און

די פאַרבען טונקעלער געוואָרען. אין גאָר נישט צו רעדען, האָט זי די חתן־מתנה, פון די כלה־הענד געהעפט, אין שטוב אריינגעבראַכט און שווייגענדיג אויף דעם טיש אַניעדערגעלעגט.

און יעדע כלה נאָך איהר איז אַהיים געגאַנגען און פון איהר קאַסטען איהר חתן'ס־זאַק, מצה־צוועל און חופה־טוך ארויסגענומען, אין שטוב צו ר' יוסף געבראַכט, אין שווייגענדיג אויף דעם טיש אַניעדערגעלעגט.

און די אידיישע מיידלעך האָבען די טלית־זעק צוזאַמענגענעהט און פון דעם אַ גרויסען טעפיך געהעפט צו בעפוצען דעם טיטוס־בויגען, וואָס די אַלטע רוימער האָבען לכבוד איהם אויפגעשטעלט, ווען ער איז פיין רוים צוריקגעקומען פון דעם נצחון איבער ירושלים.

.2

אין דער זעלבער נאַכט האָבען זיך די שווערע טויערען פון דער הייליגער פעטרוס־קירכע אויפגעעפענט. און דער איד פון דער שטאַדט נצרת, וואָס איז אין גליל, איז פון זיין קרייז אראַב און די מזרח־וואַנד פון דער פעטרוס־קירכע פערלאָזט. זיין וואונד אין דער זייט און זיין קערפער האָט ער ארומגעהילט מיט יוסף'ס ליילעך פון דער שטאָדט ערימתא און האָט אַליין איבער די גאַסען פון רוים געוואַנדעלט. קיין געלען פלעק אויף זיין רוקען, דעם צייכען פון זיינע ברידער, האָט ער נישט געטראָגען, און די שומרים האָבען איהם נישט אָבגעהאַלטען, כאָטש די טהויערען פון גהעטאָ זיינען שוין לאַנג געווען פערקלאַפט און ער, אלס איד, האָט זיך נישט געטאָרט געפינען אויף יענער זייט גהעטאָ־טויער נאָך דעם לעצטען קלאַנג. רוים איז געווען בעשעפטיגט מיט מאַסקעס קלעבען און קאָסטיומען זיך אויפנעהען צום מאָרגענדיגען קאַרנאַוואַל. די רוימער האָבען נישט געזעהן דעם מענשען־גאָט, וואָס האָט זייער הייליגע קירכע פערלאָזט, און צווישען זיי זיך ארומגעדרעהט. עס האָט זיך זיין ליילעך געבלייכט צווישען די הויכע זיילען וואָס זיינען אויפ'ן פעטרוס פלאַץ. אַליין איז ער איבער דעם אַלטען בית־המדרש פערביגעגאַנגען, וואָס שטעהט געגענאיבער דעם קאָלאָסעאום, ער האָט געהערט די אידענ'ס געוויין פון אינווייניג, ווי זיי בעטען, אז גאָט זאָל זיי בייסטעהן מאָרגען, ביי דעם ערשטען קאַרנאַוואַל זונטאָג, נישט פערשעהמען, אז זיי זאָלען נישט פיעל חרפות אריבערטראָגען,

פּרוכת׳ן פון אייערע שוהלען און די העמדלעך פון אייערע ספרי־תורות אראָבריייסען און מיט זיי דעם בויגען אויספּוצען.

— זעה, דאָס שעהנסטע, דאָס בעסטע, — האָבען זיך טהייל פון די אידען געפּרובט ביי איהם בעטען.

— ביז צום ערשטען קלאַנג פון דער פּעטער׳ס קירכע האָט איהר צייט !... — האָט ער שטרענג געזאָגט, און איז ארויס פון דער שטוב.

די מיידלעך האָבען זייער ארבייט אָבגעהאַקט, און, האַלטענדיג די פּעדעם אין די הענד, האָבען זיי טהייל אויף דער ערד געקוקט, טהייל צו די פֿאָטערס, טהייל ווייט אין פענסטער אריין, געשטעהמט זיך צו בעגעגענען מיט די בליקען. די פֿאָטערס אויף דער שוועל פון דער טהיר זיינען אויך שווייגענדיג געבליבען, א מינוט נאָכגעדענקט. אזוי האָבען אלע געוואַרט אין שווייגען.

דער עלטסטער, דער בעל־הבית פון דער וואוינונג, ר׳ יוסף, האָט זיך אָבגערופען:

— אידישע טעכטער, דער כבוד פון דער תורה איז יעצט אין אייערע הענד. טהוט ווי איהר פערשטעהט.

א מינוט האָבען נאָך די אידישע טעכטער געוואַרט.

באַלד דערויף, מיט רוהיגע טריט, אָהן א וואָרט צו רײדען, האָט זיך אויפגעהויבען דעם בעל הבית טאָכטער, די כלה פון לאה׳ס ברודער, און איז אין איהר צימער אריינגעגאַנגען, איהר קאַסטען אויפ־געעפענט, אין וועלכען עס איז געלעגען איהר אויסשטייער, און האָט פון דאָרט ארויסגענומען א שוואַרץ סאַמעט מענטעל, אויסגעהעפּט מיט גאָלדענע פעדעם די כותל־מערבי מיט די פּיער טענען־בוימער. די בלעטער פון די טענען־בוימער זיינען געווען אויס מאַטע זילבער־פעדעם, בעפּוצט ארום מיט וויינטרויבען־בלעטער אויס דעם זעלבען מאַטען שטאָף, און דאָ און דאָרט זיינען אויף די בלעטער געהאַנגען טהוי־טראָפּען, ארויפגעוואָרפען אויס א מאַטען זילבער־טראַז. די ארבייט איז געווען זעהר קינצליך און עדעל אויסגעפיהרט. שוין דאָס דריטע יאָהר, זינט זי איז א כלה געוואָרען, העפט זי אויס פאַר איהר חתן א טלית־בייטעלע, אין וועלכען מען וועט איהם דאָס ערשטע מאָל דעם טלית דערלאַנגען צו דער חופּה. אלע איהרע מיידעל־חלומות, אלע איהרע כלה־חלומות האָט זי אריינגענעהט מיט די פעדעם אין דעם זעקעל אריין. מיט איהר פרייד זיינען די פאַרבען העלער געוואָרען; מיט איהר טרויער זיינען

ווארים דאס העפטען איז געווען אן ארבייט פון אונטערטהעניגקייט און שאנד. די אידיישע כלה־מיידלעך האבען דיוואנען אויסגעהעפט צו בעפוצען דעם טיטוס־בויגען, וואס מען האט געשטעלט לכבוד טיטוס, נאכדעם ווי ער איז פון דער עראבערונג פון ירושלים צוריק געקומען. איצטער בעפוצט מען דעם בויגען לכבוד די פראצעסיאן פון דעם „הייליגען פאטער", וואס וועט מארגען, אין ערשטען טאג פון קארנא־וואל, דורך דעם טיטוס־בויגען דורכגעהן, און מיט זיין פוס טרעטען אויפ'ן קאפ פון עלטסטען רב, וואס וועט איהם א ספר תורה דערלאנגען. און די מנורה מיט דעם שלחן הזהב, וואס זיינען אויסגעהאקט אין די וואנד פון דעם בויגען, וועלען ארויסקוקען פון די דיוואנען, וואס די אידישע טעכטער האבען אויסגעהעפט, און וועלען אין דער שטיל, מיט א שטילער ווירדע, ווי עס פאסט פאר אזעלכע מיוחסים ווי זיי זיינען, איבערטראגען זייער צער.

אזוי זיינען געזעסען די אידיישע טעכטער און האבען, ניט מיט איין ווארט די טרויעריגע שטילקייט צו שטערען, געטהאן זייער ארבייט.

אין דעם איז אריינגעקומען דער אויפזעהער פון דער מארגענדיגער צערעמאניע און, אהן א ווארט צו רעדען, איז ער צוגעגאנגען צו דער ארבייט, האט אנגענומען די שטיקער און בעקוקט זיי איינס נאכ'ן אנדערען.

די פאטערס פון די מיידלעך האבען זיך אין דער טהיר געוויזען, נישט איבערצולאזען דעם גוי מיט אידיישע טעכטער אליין, אזוי ווי דער דין איז. אריינצוגעהן האבען זיי דאך מורא געהאט, זיי זאלען דעם גוי ניט דערצארענען.

דער אויפזעהער האט איין שטיק נאך דעם אנדערען אויס דער האנד געווארפען און, נישט ווי עפעס קענענדיג מעיז פנים זיין די מיידלעך, וואס, אין זייערע שווארצע זיידענע שטאפען־קליידער און די פערלען געשמיקט, זיינען עהנליך געווען צו געפאנגענע פרינצעסינען, האט ער זיך צו די אידען געווענדעט אין דער טהיר: אידען, גנבים! איהר ווילט אונז אבנארען מיט'ן שטאף און פערעם!...

און ארויסגעהענדיג האט ער זיך צו זיי געווענדעט: וועט איהר ניט מיט אנדערע דיוואנען דעם בויגען בעפוצען, וועל איך לאזען די

כאָטש זיי האָבען שוין אַזוי פיעל מאָל די העברעאישע ווערטער אַראָבגעלעזען פון די קירכע און זיינען ביידע שוין ניט איינמאָל געוואָרען אַריינגעשמיסען מיט די בייטש פון די שומרים שבת נאָכמיטאָג צו הערען די דרשות פון די פּרעדיגער, דאָך האָבען, ווי אויף דעם ברודער, אַזוי אויך אויף דער שוועסטער, די העברעאישע ווערטער פון קרייץ אַראָב געמאַכט אַ מין ווילדען איינדרוק, און אַ טיעפער שרעק, אַ בעהאַלטענער שרעק איז זיי פּלוצלונג בעפאַלען. שטיל־שווייגענדיג זיינען זיי ביידע געבען אַנאַנדער געגאַנגען, ביז זיי זיינען אָנגעקומען פאַר ר' יוסף'ס הויז. דער ברודער האָט ניט געוואָלט מיט־אַריינגעהן; ער האָט געוואוסט אַז דרינען געפינט זיך זיין כלה, כ׳ ט װעלכע ער וואָלט זיך ניט געוואָלט טרעפען יעצט, אין אַזאַ מינוט. האָט ער זיך אָבגעשיידט פון די שוועסטער מיט אַ בלויז „גוטע נאַכט" און אַזוי ווי זיי זיינען שווייגענדיג געגאַנגען, אַזוי האָבען זיי זיך שווייגענדיג אָבגעשיידט.

ביי ר' יוסף'ן אין דער גרויסער שטוב זיינען שוין געווען פערזאַמעלט די פּאָרנעהמסטע אידישע טעכטער פון דער קהלה רוים און ביי דעם שיין פון קליינע אויל־לעמפּלעך האָבען זיי אויף טהייערע רויטען־זיידען שטאָף מיט זילבער־פעדעם און פּורפּור־פעדעם אויסגעהעפט דיוואַנען.

דעם מיידעל'ס אַריינקומען האָט ניט געמאַכט קיין אויפזעהן, ווי עס וואָלט אַן אַנדער מאָל דער פאַל געווען. זי האָט זיך ניט געוויטעוועט מיט איהרע חבר'טעס; זי האָט נאָר לייכט מיט'ן קאָפּ געגריסט צו איהר ברודער'ס כלה, וואָס האָט איהר שוואַרצען אידיש־שפּאַנישען קאָפּ אויפגעהויבען ביי איהר אַריינקומען. שווייגענדיג האָט זי זיך, ווי איהרע חבר'טאָרינס, צו דער אַרבייט אַנידערגעזעצט, האָט אַ קאָפּ פון אַ לייב, וועמעס פוס איהרס אַ חבר'טע האָט געהאַט, אָנגעהויבען אויסצונעהען. און שטיל איז געווען ביים אַרבייטען, ווי עס וואָלטען דאָ נישט יונגע כלה־מיידלעך געזעסען מיט יונג בלוט אין די אָדערען, און מיט יונג ווילען אין האַרץ. ניט עס האָט אָבגעקלונגען דאָס ריינע מיידעל־לאַכען, וואָס בעגלייט אַזאַ אַרבייט, ווען דאָס כלה־מיידעל העפט אויס אַ טלית־בייטעל פאַר איהר חתן און דאָס לאַכען מאַכט די פאַרב העלער. עס איז גיכער גלייך געווען, ווי אַלטע ווייבער וואָלטען געזעסען אין אַ מגפה־נאַכט און וואָלטען זיך תכריכים אויפגענעהט — צו דעם קומענדען טויט.

# אין א קאַרנעוואל נאַכט

.1

ר׳ שמואל הוירדעס האָט בעגלייט די טאָכטער ביז צו דער טהיר. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגען, נור די מיידעל האָט שטיל אראָבגעהאַל־טען די אויגען צו דער ערד, און דער קנייטש וואָס האָט זיך פערקרימט איבער איהר אויבערשטער ליפּ האָט אזוי געשוויגען, אז דער אלטער איד האָט, קוקענדיג אויף איהם, אראָבגעשלונגען די ווערטער און זיך איינינגע מאָל די ברייטע האנד איבער די באָרד אריבערגעצויגען און שוויינענדיג האָט ער זיך איבער די שטוב ארויף און אראָב געדרעהט.

אז דאָס מיידעל מיט איהר ברודער, וועלכער האָט זי בעגלייט מיט די לאָמטערן, האָבען שוין געהאָט די שטוב פערלאָזט, האָט זיך דער אלטער געטראַכט: רבונו של עולם, לאָז קומען פאַר דיר די שאַנד פון יונגע קינדער וואָס טראָגען זי רוהיג איבער פאַר דיין כבוד וועגען.

דאָס מיידעל, וועלכעס האָט אין איהר אָרעם געהאַלטען רויטען זיידען־שטאָף און נאָדלען און האקלען מיט זילבער־פּערעס און גאָלד־פּערעס, האָט שטיל נעבען איהר ברודער די שמאָלע געסלעך פון דער רוימער געטאָ דורכגעצויגען. עס איז געווען א ליכטיגע לבנה־נאַכט און די לאָמטערן, וואָס דער ברודער האָט געהאַלטען אין האַנד, איז מעהר געווען לכבוד איהר, — ווייל א כלה מיידעל טאָר נישט אליין געהן ביינאַכט, און עס הייסט: זעהט א כלה־מיידעל געהט, — איידער דעם וועג צו בעלייכטען, וועלכער איז גענוג העל געווען פון לבנה־ליכט און לאָמטערן־שטראַהלען, וואָס האָבען ארויסגעשיינט פון די הייזער. שטיל זיינען זיי ביידע פערבייגעגאַנגען די אָקטאַוויאַ אלעע, אין וועלכע די אלטע רוימער האָבען טיטוס׳ען מקבל פּנים געווען נאָך זיין ירושלים־נצחון, און פון וועלכער עס האָט יעצט ארויסגעשיינט א שטאָלצער קרייז מיט די העברעאישע ווערטער: „הארטנעקיג פאָלק וואָס דו טהוסט אָבקעהרען דיין רוקען פון גאָט׳ס וואָרט“.

קרימט, און ער האָט זיך פערשעהמט פאר די געדאנקען, וואָס ער האָט פריהער געהאַט, און געזאָגט אין דער שטיל: „ניין, רחש׳ע לעבען, ניין — איך וועל זיך מיט דיר ניישט גט׳ען — ניין, איך וועל מיט דיר שטענדיג זיין, שטענדיג, רחש׳ע לעבען — אלעס וועל איך טהאָן פאר דיר, אלעס!“

דאָס ווייבעל האָט שוואך די אויגען געעפענט, ווי א טייבעל, וועלכעס פערגלייסט מיט די אויגען און האָט קוים געקרעכצט:

— בע־ריל!

און זי האָט די בלייכע אונמעכטיגע האנד פון אונטער דער קאָלדרע ארויסגעגליטשט.

דער יונג האָט זיין פנים איינגעגנאָרעט אין די בלייכע האנד, און מיט טרעהרען זי בענעצט.

— שוויג, רחש׳ע, שוויג! — איך וועל מיט דיר אייביג זיין, אייביג.

דאָס ווייבעל האָט די אויגען פערגלייסט.

דער יונג מיט א געבייזער געזאגט, נישט אומדרעהענדיג זיך צו איהר.
דער שפּילטער האט צום ווייב געוואונקען, אז זי זאל אויפהערען— האט זי אויפגעהערט.

---

דערנאך, אז די קראנקע איז איינגעשלאפען, האבען שווער און שווינער אויף א מינוט פערלאזט דעם צימער, און בעריל איז אריינגעגאנגען צו איהר. ער איז אריינגעקומען אויף די שפּיץ נעגעל, ביז און מיט א שלעכטען געפיהל צו איהר.

אין שטיבעל וואו די קראנקע איז געלעגען איז געווען שוואך בעלויכטען, א ליכט האט געברענט אויפ'ן טישעל פאר איהר, און דאס געזיכט, וואס האט ארויסגעקוקט פון דעם ווייסען לייליך איז בלייך געווען, און די האאר נאס און צולאזען, די אויגען געשלאסען, די הייטלעך איבערגעצויגען איבער דעם אויג־אפּעל, האבען אויסגעזעהן ווי ביי א טויב ווען מען דריקט עס בייב האלז... אין די דינע בלייכע ליפּען האלב אפען, און א שטילע גרימאסע פון צער האט גערוהט איבער איהר שמייכעל, און א חן'דעל איז געווען אויף איהר בלייך פּנים'על, דאס זעלבע חן'דעל, וואס האט געלויכטען איבער איהרע ליפּען דענסמאל אין גארטען — נור יעצט האט עס גאר נישט געוואלט, נור שוואך און אונשולדיג האט עס גערוהט איבער איהר איינגעשלאפענעם פּנים'על, ווי איבער א קינד, און די גרימאסע פון צער איבער איהרע ליפּען האט עפּעס אין דער שטיל געבעטען — א רחמנות האט עס געבעטען, ווי א טייבעלע, וואס בייגט דאס קעפּעלע איין, אזוי האט זי איהר קעפּעל איינגעבויגען. און דעם יונג האט אזא רחמנות ארומגענומען אויף דער ווייבעל, אז עס האט איהם דאס גאנצע הארץ צוזאמענגעקניפּט. איהרע פערמאכטע אויגען האבען יעצט געקוקט אויף איהם נית מיט יענעם בעקאנטען אנגעשטרענגטען בליק, נור האבען אויסגעדריקט אן אונטערטהעניגקייט, ווי א שוואכע פייגעלע, וואס בייגט דאס קעפּעל איין, און דער יונג האט דאס געפיהל געהאט, ווי זי בייגט איהר קעפּעל פאר איהם איין און בעט זיך ביי איהם: „פערלאז מיך נישט!“ „פערלאז מיך נישט!“ און דאס האט זיין הארץ אזוי דערוואריכט, אז טרעהרען האבען זיך איהם געוויעזען אין די אויגען, שטילע טרעהרען האבען גערונען איבער זיינע באקען, און אזא רחמנות־געפיהל האט איהם ארומגענומען, אז א גרימאסע פון צער האבען זיינע ליפּען פער־

אַזאַ שרעק, אַז דער יונג האָט זיך געגעבען אַ וואָרף אין אַ ווינקעל, איינגעגראָבען דעם פּנים אין די הענד און געבליבען אַהן איין וואָרט. אַזוי איז ער אָבגעלעגען אַ לאַנגע צייט. ער האָט געהערט ווי די טיהר עפענט זיך, און טריט לויפען איבער דער שטוב אין קיך אריין, מען טראָגט איבער כלים פון קיך אין שטוב. ער האָט זיך נישט געוואָלט אומקוקען, נישט זעהן, נישט הערען, נור געבליבען אין דער שטיל אָהן ווערטער, ביז נאָך אַ לאַנגע צייט איז די מוטער צוגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם אָנגעריהרט ביים פּלייצע:

— מעגסט זיך שוין אייפהויבען — עס איז שוין נאָך אַלעמען.

ער האָט שוין נישט געפרעגט, אויב „עס לעבט נאָך?“ — ער האָט געוואוסט... נור נאָך אַ קליינע ווײלע האָט ער אין דער שטיל די מוטער געפרעגט, שעהמענדיג זיך צו קוקען איהר אין די אויגען:

— וואָס איז עס געווען, אַ אינגעל?

— וואָס איז דער אונטערשיעד? עס איז שוין ניטאָ — האָט די מוטער געקרעכצט.

דער יונג האָט שוין גאָר נישט געפרעגט, נישט אויפ׳ן ווייבעל, נישט אויף קיינעם, האָט צוריקגעוואָרפען דעם פּנים אין די הענד אריין, און איז געלעגען, און האָט שוין ניט מעהר געבליבען.

באַלד האָט ער זיך אויפגעהויבען און איז ארויס פון שטוב, מיט קיינעם קיין וואָרט נישט גערעדט. ער האָט זיך איבער דעם געסעל געדרעהט אהין און צוריק אין דער נאַכט, און האָט עפּעס געברומט צו זיך — באַלד איז ער ווידער אין שטוב אריינגעקומען, געטראָפען די שוויגער מיט דעם שווער, וועלכע האָבען זיך געדרעהט אויף די שפּיץ נעגעל, די קראַנקע ניט צו שטערען. ער האָט נישט געקוקט אויף זיי. ער איז צו צום פענסטער אין געקוקט אין די טונקעלע נאַכט אריין.

— בעריל, ווערסט נישט אריינגעהן צו איהר? — רחש׳ע האָט געפרעגט אויף דיר, זי איז געבעך אַזוי שוואַך — האָט די שוויגער געזאָגט אין אַ וויינענדיגע שטימע — ווער ווייס, אויב זי וועט שוין קענען איבערטראָגען.

— זי וועט שוין איבערטראָגען, שוין איבערטראָגען!

— ווערסט ניט אריינגעהן צו איהר? — האָט די מוטער ווייטער געפרעגט.

— איך וועל שוין אריינגעהן, איך וועל שוין אריינגעהן — האָט

אומגעקוקט אויף איהם, וואונדערענדיג זיך פון וואנען נעהמט זיך ביי דעם אידעל אזא קראפט.

ער איז אריין נאכ'ן פאטער צו די קינפעטאָרין.

דער יונג האָט זיך געגעבען א וואָרף אָן דר'ערד און זיך אָנגע־הויבען די האָאר פון קאָפ צו רייסען, אין געשריען און געברומט מיט אַן אונמענשליכע שטימע.

— מאמע, מאמע, עס לעבט נאָך! — האָט דער יונג אָנגעכאפט ווי א קינד די מוטער'ס שירץ, ווען די מוטער זיינע איז ארויס פון די קינפעטאָרין'ס צימער און זיך געאיילט פלינק מיט א טעפעל אין קיך אריין — מאמע, מאמע לעבען — מיין קינד, איך וועל אויסגעהן — עס לעבט, מאמע, עס לעבט.

— אוי, בעריל, וואָס האָסטו געטהאָן? — האָט די מוטער גע־וויינט און איז אריין אין קיך מיט'ן טעפעל.

דער יונג האָט זיך אויפגעכאפט און איז ארויס מיט א געוויין אין גאס, ארונטער אין בית־המדרש, געכאפט א תהילים, און זיך אוועק־געשטעלט פאר'ן עמוד, און האָט זיך אָנגעהויבען צו שאָקלען, אָבער תהילים האָט ער נישט געזאָגט, נור ער האָט געבליפעט מיט א געוויין:

— אוי, רבונו של עולם, הימעל, גאָט, טאטע, עס לעבט דאָך נאָך! עס לעבט דאָך נאָך.

די אידען, וועלכע זיינען געווען אין בית־המדרש, האָבען געקוקט אויפ'ן יונג און געשאָקעלט מיט די קעפ, זאָגענדיג איינער צום צווייטען: אז עס איז זיי שלעכט, קומען זיי אריבער אין בית־המדרש. „וואוילע יונגען", הע?

לאַנג איז ער נישט געשטאנען. ער איז מיט דעם זעלבען געוויין אהיים געלאָפען, פאר די טהיר האָט ער געטראָפען א קופע ווייבער. ער האָט אריינגעוואָרפען א פראגע: „עס לעבט נאָך?" און ניט וואר־טענדיג אויף קיין אַנטוואָרט איז ער אין שטוב אריין. אין פאָרער־צימער איז קיינער נישט געווען — נור א שטילקייט איז געווען ארום, און פון „דאָרט", פון די צוגעמאכטע טיהר האָט זיך נאָר געהערט א קלאפען פון איין געשיער אין די צווייטע. א קרעכץ פון מינוט צו מינוט. ער איז צו, אונטערגעלייגט דאָס אויער און זיך איינגעהאָרכט. ער האָט געהערט ווי מען גיסט עפּעס איבער פון איין כלי אין די צווייטע, און א שטיל, שטיל קרעכצען האָט אויף איהם געוואָרפען

דער דאָקטאָר אויפגערעגט — נישט געטאָרט; עס וועט איהר איהר לעבען קאָסטען.

— וואָס? — האָט דער בלייכער איד אזש אויסגעשריען מיט אזא געזונדען געשריי, ווי ער וואָלט אויס א פּאָר געזונטע ברוסטען ארויס־געקומען, און דאָס איז געוועזן אזוי אונגאטירליך פאר דעם בלייכען געזיכט פון דעם אידעל.

— ניין, ניין, ניין — האָט דער אידעל אויסגעשריען — ווי עס וואָלט זיך עפּעס געהאנדעלט אום א שלעכט געשעפט, און די אויגען האָבען איהם מיט א מאָל אָנגעהויבען צו בלישטשען און די הענד צו ציטערען — ניין, ניין, ניין — האָט דאָס קליינע אידעל געשריען מיט אן אונמענשליכע שטימע.

— וועט מען דאָס קינד מוזען צושניידען, צוצווייען; קיין אנדער עצה איז ניטאָ, אן אונמעגליכע זאך — ווי האָט מען דאָס געלאָזט חתונה האָבען? — האָט דער דאָקטאָר געשריען הויך אויפגערעגט און בייז.

— אוי, געוואלד, עס לעבט דאָך נאָך! — האָט דער יונג געברומט און טרעהרען זיינען איהם ארויס פון די אויגען, און ער האָט געבליפּעט ווי א קליין קינד — עס לעבט דאָך נאָך, און ער האָט זיך געהאקט מיט'ן קאָפּ אָן וואנד, און האָט די פינגער געביסען, און די האָאר זיך פון קאָפּ געריסען, און געוויינט ווי א אינגעל — עס לעבט דאָך נאָך, שווער, עס לעבט דאָך נאָך! — דאָקטאָרשי, דאָקטאָרשי!

— מיין איינציגע קינד, מיין איינציגע טאָכטער, מיין איינציגע קינד! — האָט דער איד גע'טענה'ט, און קאלטע טראָפּען שווייס האָבען איהם געגעבען א זעץ ארויס אויף דעם שטערען — דאָקטאָר, — האָט ער שוואך ארויסגערעדט, און שווער אָבגעאָטהעמט, און האָט א פּאָר סעקונדען נישט קיין וואָרט געקענט ריידען.

דאָס קינד איז א געזונדס, און עס לעבט — האָט דער דאָקטאָר וגי פאר זיך געזאָגט מיט א קרעכץ.

— עס לעבט נאָך! עס לעבט נאָך! — האָט דער יונג געבליפּעט.

— געוואלד, זי חליש'ט, דאָקטאָר! — האָט די מוטער דעם קאָפּ פון די קינפּעטאָרין'ס טיהר ארויסגעשטעקט — דאָקטאָר!

— מיין טאָכטער! מיין טאָכטער! — האָט דער שפּילטער געגע־בען א כאפּ דעם דאָקטאָר מיט אזא קראפּט, אז דער דאָקטאָר האָט זיך

פון די אויגען אראפגענומען, געפינקעלט מיט די אויגען און געזאגט זעהר ערנסט און נערוועז:

— עס איז אן אונמעגליכע זאך. דאס קינד איז צוויי מאל אזוי גרויס ווי זי — איך ווייס נישט ווי אזוי ער האט זיך ערהאלטען, עס מוז א לעבען קאסטען, א לעבען קאסטען — האט דער דאקטאר געשריען אויפגערעגט — ווי האט מען דאס חתונה מיט אזא אונענטוויקעלטעס קינד? — האט דער דאקטאר זיך געבייזערט קוקענדיג אויפ'ן יונג.

— אבער עס לעבט נאך, דאקטערשי? — האט דער יונג געשריען — עס לעבט נאך אינעווייניג?

— עס לעבט נאך! עס לעבט נאך! — האט דער דאקטאר גערעדט אויפגערעגט — אבער איך ווייס נישט ווי אזוי — אונמעגליך, סיידען עס וועט די מוטער'ס לעבען קאסטען.

— וואס איז? ווי? ווי? — האט לייזער שפילטער געהעשעט, ארויסקומענדיג פון דער קינפעטארינס צימער, א בלייכער ווי טויט, אז די נשמה האט איהם נעפאכט פאר די נאז, און מיט איין האנד האט ער זיך פאר'ן הארצען געהאלטען, און האט שווער די לופט נעכאפט — וואס איז, דאקטאר?

— אוי, שווער לעבען, עס לעבט נאך — האט דער יונג געזאגט אין אזא טאן, אזוי ווי לאכען און וויינען וואלטען זיך צונויפגעמישט, און האט געציטערט ווי א קליין קינד, און מיט די הענד געבעטען דעם דאקטאר פון דערווייטענס, און דאס פנים זיינס האט זיך אזוי פערקרימט צום שמייכעל, און די טרעהרען האבען זיך איהם געוויזען אין די אויגען.

— אוי, דאקטאר, עס לעבט דאך נאך! — שווער, שווער, עס לעבט דאך אינעווייניג.

דער שפילטער איז געשטאנען ווי פריהער מיט די בלייכע שרעקענדע פראגען אויף זיינע ליפען, און אנגעקוקט דעם דאקטאר מיט יענעם בליק, וועלכער האט דערמאהנט די טאכטער'ס, נור מיט שרעק.

— ווי מאכט מען דאס חתונה אזא קינד פאר אזא יונג? — ווייזט דער דאקטאר אויף דעם יונג — ווי מאכט מען דאס חתונה אזא אונענטוויקעלטע קינד — זי האט ניט געטארט חתונה האבען — שרייט

— און זי האָט פון הינטער איהר פּנים'ל אויך געשיקט צו איהם אַ שמייכעלע, און דאָס „חן'דעל“ האָט זיך געוויזען אויף איהרע בלייכע ליפּעלעך.

דער יונג האָט איהר געגלעט מיט די האַנד איבער'ן רוקען. נאַ, נאַ — און געהייסען, אז זי זאָל שטיל זיין, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אז דער „בליק“ און דאָס „חן'דעל“ זאָל פון איהר נישט צופיעל כח אוועקנעהמען.

און איין מאָל איז ער אריינגעקומען אין אַ פאַר־נאַכט פון זיין ווערקשטעל אויף די שפּיץ נעגעל, — איז לייכט צו צו דער קאַנאַפּע, און האָט געזעהן ווי זי שלאָפט און זי האָט הויך און שווער אָבגע־אָטהעמט. עס איז שוין געוועזען פאַרנאַכטליך, אין צימער איז טונקעל געוועזען, און איהר געזיכט איז אזוי בלייך געוועזען, און איהרע אויגעלעך האָבען זיך בעהאַלטען טיעף אונטער איהר שטערען, — און גרויסע טראָפּען שוויים זיינען גערונען אויפ'ן שטערען, — און די ליפּעלעך זיי־נען געוועזען עפּעס מאָדנע פערקרימט, — און די נאָז־לעכער זיינען ברייט געוועזען און הויך געאַטהעמט — גאָט מיינער, אזא רחמנות האָט דעם יונג ארומגענומען איבער דער ווייבעל, דאָס פּנים'על, מיט די פער־קרימטע ליפּעלעך האָבען איהם אזוי געריהרט, אז עס האָט איהם ביים האַרץ אַ נאָג געגעבען, און ער האָט זיך דאַן בעטראַכט ווי אַ גזלן, וואָס קוקט אויף זיין גע'שחט'ן קרבן. און אז ער האָט געגעבען אַ קוק אויף איהר ברייטקייט — האָט ער אַ שרעקליכע גרימאַסע געמאַכט, און זיך גערופען „פּאָדלעץ“...

* * *

דאָס ווייבעל איז געגאַנגען צו קינד.

דער דאָקטאָר אין זיין ווייסען פאַרטוך מיט די ארויפגעקאַשערטע ארבעל איז ארויס פון צווייטען צימער, וואו די קינפּעטאָרען איז גע־לעגען. נאָך איהם איז נאָכגעלאָפען בעריל. דער יונג, בלייך, מיט אויפגעעפענטע אויגען און מיט מאָדנע פערקרימטע ליפּען, ווי ער וואָלט געוואָלט וויינען, האָט דעם דאָקטאָר מיט אַ געבעט אין די אויגען אָנ־געקוקט.

— פאַני דאָקטאָר, פאַני — האָט ער אָנגעכאַפּט דעם דאָקטאָר ביים ארבעל.

דער דאָקטאָר, אַ יונגערמאַן מיט אַ שפּיציג בערדעל, האָט דיברילען

געשטאלט האָט אָנגענומען אן אינגאַטירליבעס אויסזעהן; זי איז ברייטער געוועזן ווי העבער, — און דער יונג האָט זיך געוואונדערט, אז זי לעבט נאָך — — — ער האָט זי נישט געלאָזט שטעהן, ער האָט זי נישט געלאָזט געהן און נישט בעוועגען זיך, און אז ער האָט זי געזעהן אויפהויבען זיך פון דער קאַנאַפּע, וואו זי איז געלעגען גאַנצע טעג — האָט דער יונג געמאַכט אזא געוואלד, אזוי ווי עס וואָלט חלילה אן אונגליק געשעהן:

— רחש׳ע, לייג זיך, געדענק אָן גאָט, לייג זיך.

און רחש׳ע האָט זיך צוריק איינגעלייגט, די מוטער האָט געוואכט איבער איהר גאַנצענע טעג, צום רב געלאָפען, געלאָזען מתיר זיין, אז מען זאָל איהר פלייש אויף פּיטער מעגען בראָטען, פון גוי׳אישען וויין־הענדלער וויין געלאָזט ברייגגען, וואו עס איז נור געוועזן אין א שטוב אין דעם געסעל א פּריש ביסעלע יויך האָט מען רחש׳ען געבראַכט. אלע האָבען געוואַכט איבער איהר, דער פאָטער, די מוטער און דער מאַן, יעדער איינער איז יעדע ווייליע מיט עפּעס אַנדערש געקומען און זיך געבעטען ביי רחש׳ען: „ניר פערזוך”, „נעהם צו דיר”, „א געזונד זאָל דיר זיין”. ווער עס האָט נור אין געסעל א ביסעל גוט איינגעמאַכטס געהאַט, ווער נור א ביסעל אלטען וויין, האָט מען צוזאַמענגעשלעפּט צו רחש׳ען, און זי ליג רוהיג, ריהר דיך נישט, חלילה — „אז דו זאָלסט געזונטער־הייד איבערקומען.”

און רחש׳ע איז טאקע געלעגען אויף דער קאַנאַפּע — האָט זיך נישט בעוואָויגען, — נור איז וואָס א מאָל ברייטער געוואָרען, אז דער יונג האָט זיך געוואונדערט. גאָט, ווי קען זיך דאָס אלעס אויף די דינע פיסלעך האלטען?

און דאָס הנ׳דעל אויפ׳ן פּנים האָט דיקא נישט אָבגעלאָזט, די אייגעלעך האָבען נאָך פון צייט צו צייט אָנגעשטעלט יענעם בעקאַנטען אָנגעשטערענגטען בליק, — אזא בליק פלעגט זי שענקען דעם יונג, ווען ער פלעגט אריינקומען פון די וועקשטעטעל אין זיין פאַרטיך אַנגעטהאָן, און צוגעהן צו איהר, און פרעגען זי מיט א ציטערנדע שטימע, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אז זיין שטימע זאָל איהר נישט שאַדען:

— וואָס מאכסטו, רחש׳ע לעבען?

און זיינע אויגען האָבען געבליצט און ער האָט געמאַכט צו איהר א שמייכעלע, ער האָט זיינע צייהן געוויזען כדי צו ערפרעהען,

דער טיש און די ביינקלעך האָבען געהאַט דינע געטאָקטע פיסעלעך, איידעל מעבעל, אזוי אז דער יונג האָט מורא געהאַט זיך אָרענטליך אוועקצוזעצען אויף א ביינקעל, אז עס זאָל נישט קנאַקען אונטער איהם. אלץ אין שטוב איז געווען ווי פאַר א קינד, און אלעס אזוי אויסגע־שטעלט, אז דעם יונג האָט זיך געדאַכט, אז עס וועט אראָבפאַלען און צובראָכען ווערען. פאַר'ן שפּיגעלע זיינען געשטאַנען פּערשיט־דענע קליינע פאַרצעלייענע טעלערלאַך, און פאַרצעלייענע גאַלאַנטעריי, און יעדעס מאָל, ווען דער יונג איז צוגעגאַנגען צום שפּיגעלע, האָט ער עפּעס צובראָכען...

-- אויף היהנער־פּיסלעך שטעהט דאָ אלעס — שרייט דער יונג.

דאָס ווייבעל פלעגט דאַן בלייך ווערען — איהרע אויגען האָבען זיך אָנגעצונדען, נור דאָס בלייכע פּנים'על (וואָס איז צייט נאָך דער חתונה נאָך בלייכער און איינגעפאַלענער געוואָרען) האָט אויף דעם יונג געמאַכט אַן איינדרוק, אז די אויגען האָבען זיך נישט אין וואָס צו האַלטען און פאַלען ארויס פון די צוויי ביינער, און דעם יונג האָט א שרעק אָנגעכאַפּט, פּלעגט ער די ליפּען פערבייסען און זיך אליין פּאַטשען:

— איך בין א חזיר, א פּאַרלעץ, — איך וועל נישט מעהר.

זי, אָבגעשוואַכטערהייד, האָט זיך אויך געזעצט אויף א קאַנאַפּע, און האָט הויך אָבגעעטעמט, און אויף דעם בלייכען שטערען זיינען אַנגסטען ארויס.

דאָס האָט דעם יונג אזוי אויפגערעגט, און דערביי האָט איהם אזא טיעף רחמנות געפיהל ארומגענומען איבער דער ווייבעל, אז ער האָט זיך אויף דר'ערד געוואָרפען און געשלאָגען זיך מיט די הענד אין פּנים אריין: —

— רחיש'ע, רחיש'ע, רחיש'ע, איך בעט דיך, הער אויף, הער אויף, און ער האָט זי אָנגעכאַפּט ביי די האַנד, אז זי איז שיער געפאַלען ארי־בער איהם.

זי האָט אייגענטליך נישט געוואוסט, וואָס זי זאָל אויפּהערען, זי האָט זיך שוין לענגסט כמעט בערוהינט, און האָט שוין לענגסט געוואָלט אויפהערען, נור די אנגסטען זיינען ארויס אויף איהר שטערען אונוויי־סענדיג און אונווילענדיג.

דאָס ווייבעל איז אריינגעקומען אין די הויכע חדשים, — איהר־

א קאַסטען ציינער.... נאָר באַלד איז דאָס קעפּעל פערשוואונדען געװאָרען, דאָן פלעגט פון פענסטעריל, וואָס איז איבער דעם גאַניקעל, עפּעס אַרויספאַלען. דער יונג פלעגט צולויפען עס אויפכאַפּען. דאָס איז געווען א בריוועל, אין וועלכען עס האָט זיך געפונען א פּאָאר פערטריקענטע בלעטער פון א „ראָזשע" (א רויז) און עס האָט זיך דאָרט געהאַנדעלט וועגען דעם „מאָנד" און די „שטערען" און די אויביג „הימלישע ליעבע" מיט די „ענגעלס", און דאָס איז אַזוי אידעל געווען, אַזוי פיין, אַזוי געבילדעט, אז דער יונג פלעגט שלאָפען דערמיט א גאַנצע נאַכט, און עס בעדעקען מיט קושען פון זיינע ברייטע גראָבע ליפּען — וועלכע האָבען זיך גאָר נישט צוגעפּאַסט צו אַזעלכע זאַכען....

---

און עס האָט גאָר נישט געהאָלפען. אין א פּאָאר וואָכען אַרום איז די תנאים געווען און נאָך שבת נחמו די חתונה....

---

ווען בעריל איז געבליבען איינער אַליין מיט זיין יונג וויבעל, און ער האָט געזעהען ווי זי טהוט זיך אויס, איז זי איהם א ביסעל מאָדנע געוואָרען, — איין קליידעל נאָכ׳ן צווייטען איז געפאַלען פון איהר, און זי איז געבליבען שטעהן א רינד פאר איהם, עפּעס מיט מאָדנע דינע פיסלעך, וועלכע האָבען זיך איהם געדאַכט, אז זיי ברעכען זיך אונטער דעם דיק פעט קערפּעריל, — און ער האָט פאר עפּעס מורא געקראָגען... נור אידרע אויגעלעך האָבען געשמייכעלט, און די ליפּעלעך זיינען רויט געווען — און דאָס ליכט איז געוואָרען פערלאָשען, און עס איז פינסטער געווען....

נור פון דענסמאָל אָן האָט דער יונג עפּעס מורא. קוקענדיג אויף דער וויבעל ווי זי שטעהט ביי דער קיך, און בעװעגט זיך אַהין און אַהער, האָט ער מורא, אז די דינע פיסלעך, וועלכע ער האָט אַמאָל געזעהן, זאָלען זיך נישט ברעכען אונטער איהר. אז ער האָט זי א מאָל געזעהן פלינק געהן איבער די טרעפּען — האָט ער זיך געוואונדערט ווי די קליינע דינע פיסלעך קענען אַזוי פיעל אויף זיך טראָגען, און ער האָט מורא געהאַט.... און אז ער האָט געטראַכט דעריבער, האָט ער די ליפּען געביסען.

און דאָס שטיבעל, וואָס זי האָט איהם אויפגערייניגט און צוגעפּאַסט נאָך זייער חתונה — האָט אויך אָנגענומען אַזא כאַראַקטער,

שמאק פון פארפיוב.... און געקוקט אויף איהם ליעבליך מיט די אויגען, און גערעדט צו איהם האלב פוילייש, עלעגאנטיש, און האט ביי יעדען זאטץ אריינגעווארפען דאס ווארט „וו'שאק“, און גערעדט מיט איהם וועגען דעם טאגין־מייכטער, וואס האט זיך אריינגעצויגען אין שטעדטעל:

— וו'שאק, פאן טאנשי?

דאס איז אזוי ערדעל געוועזן!

אויף דעם יונג האבען די ווערטער א גרויסען איינדרוק געמאכט, און כאטש באלד איז איבערגעגאנגען דער געשפרעך אויף אידייש, דאך, דאס ווארט „פאן“, וועלכען זי האט איהם געזאגט אין דער פוילישער שפראך, האט איבערגעלאזט אן אונפערגעסליכען אנדענקען אויף איהם.

און אין די זומערדיגע פארנאכטען, ווען ער איז מיט רח'שען אין שטאדט־פארק שפאצירען געגאנגען, און איהר פון גערטנער א „ראזשע“ (א רויז) געקויפט, און זי האט עס געשמעקט, איז געשפראכען געווארען פון „ראזשעס“ — דאס איז געוועזן אזוי ערדעל, אזוי פיין, אזוי געבילדעט....

דער פאטער, לייזער שפילטער, האט גאנץ גוט געוואוסט וואס ער טהוט, דאס וואס ער האט פערבאטען דעם יונג צו זעהן זיך מיט די טאכטער — דאס האט נאך מעהר גערייצט זיין ליעבע. זי האט זיך איהם פארגעשטעלט פיעל שעהנער ווי ביז איצט, און דער יונג איז שיער ניט אויסגעגאנגען פאר בענקעניש. אלע פארנאכט האט ער זיך גערעדט פאר'ן גאניקעל, הין און צוריק, און די ליפען זיך געביסען פאר אויפרעגונג. ער האט זיך געשעהמט פאר די פערבייגעהענדע. אלע האבען איהם געקענט, און א האלב געסעל האט געוואוסט פון די „ליעבע“. פלעגט ער זיך בעהאלטען אין א הויז געגענאיבער דעם גאניקעל און אריבערקוקען. און רחיש'ע האט „געפיהלט“, אז ער שטעהט דארטען, האט זי ארויסגעשטעקט איהר קעפעל. דער יונג האט דערזעהען איהרע אויגען און דעם בליק, און דאס שטילע חן'עוודיגע שמייכעלע, וועלכעס האט געלויכטען איבער איהרע ליפעלאך, אין די בלייבע, ראזע קאלירטע בעקעלאך — און דאס אלעס האט אהין געלויכטען צו איהם, און אויף דעם אלעם איז אזא שעהן, ערדעל חן'דעל געלעגען, אז איבער דעם יונג'ס גליעדער האט זיך צוגאסען א ווארימהייט, און א שמייכעל פון פרייד האט זיינע גראבע ליפען פערקרימט און געוויזען

טראָגט אַ הויכע ברוסט און אַ ברייט קליידעל, נישט ליט אידרע
יאָהרען....

דער יונג אָבער האָט דאָס נישט געזעהען. אויף איהם האָט אַן
איינדרוק געמאַכט איהר פּניב'ל, וועלכעס איז געווען פון אַ בלייכער
הויט, מיט אַ ניט־נאַטירליכע רויטע פאַרב, האָט געהאַט אין זיך פער־
באָרגען אַ געוויסען מיידעלישען חן: אַ קירין, דין נעזעל, וועלכעס זי
האָט אויסגעשטרעקט פאָראויס מיט די אויגען, און אַ קליין מיילבעל
מיט דינע רויטע ליפּעלאך, וועלכע זי פלעגט בייסען פון צייט צו צייט
מיט די דינע, נישט פולע ציינדלעך, אַז זיי זאָלען רויט זיין. און דער
עיקר די אויגען. אויגען האָט זי געהאַט ברוינע, אונטער שיטערע ברע־
מען, וועלכע זי פלעגט צופאַרבען, אַז זיי זאָלען מעהר איינדריק מאַכען,
און איהר גאַנצע ענערגיע האָט זי אָנגעשטרענגט אויף דעם בליק, אַז ער
זאָל ארויסקומען שטאַרק, ענערגיש און איינדרוקספאָל, און אַן איינדרוק
האָט זי דוקא געוואָלט מאַכען מיט דעם, וואָס זי האָט צום ווענינסטען
געקענט, מיט איהר פיזישע שטאַרקייט. אַז זי האָט מיט וועמען גע־
רעדט, האָט זי זיך געגעבען אַ שטעל אויעק, אײפגעעפענט ברייט די
אויגען, הויך געאָטהעמט מיט דער ברוסט און איהר געזיכט האָט אָנגע־
נומען אַן אינגאַטירליכעס בעלעבען. מיט אַ דין קאָקעטיש שמייכעלע
אויף די ליפּען איז זי געשטאַנען אַזוי גראַציעז, האָט פון צייט צו צייט
האַלב די אויגען פערגלאָצט און קאָרעטירט מיט איהר הויכע בריסט
און דינע פּיסלאך. ניר לאַנג האָט איהר בליק ניט געקענט אָנהאַלטען.
זי פלעגט פון דער אָנגעשטרענגטקייט צו בעלעבען איהר געזיכט באַל־
מיער ווערען. די אויגעלאך זיינען שוין שלאָפען געגאַנגען, די ליפּעלאך
בלאַס געוואָרען, און די גליעדערלאך זיינען פערלאָרען געגאַנגען און די
פיעל פּעטס, וואָס זי האָט געהאַט אייף אידרע דינע ביינדלעך, אי־
עס האָט זיך באַלד ארויסגעוויעזען די אָרימע ירושה וואָס זי האָט פון
איהר פאָטער גע'ירש'ענט....

דעם יונג האָט זי שוין געקענט פון לאַנג. אַלס קינדער האָבען זיי
זיך געשפּיעלט צוזאַמען, שכנים געווען, עלטער געוואָרען, זיינען זיי
פרעמד געווען. אַז זיי זיינען ערוואַקסענע געוואָרען, האָבען זיי זיך בע־
געגענט און פערליעבט זיך. אזוי ווי געזאָגט, דאָס אייז דעם יונג גע־
מאַכט אַן איינדריק אידרע חנדעלאך. אַז זי האָט גערעדט מיט איהם,
האָט זי העכער געדייבען די בריסט און דער יונג האָט דערפיהלט אַ גע־

עס האָט זיך געמאכט, אז ער האָט זיך בעקענט מיט דעם שפּיל־טער'ס מיידעל, אמאָל, אַ שבת, אין אַ גאָרטען, און ער האָט זיך איינ־געליעבט אין איהר און אָנגעהויבען ארויפצוגעהן צו זיי אין שטוב אריין.

לייזער שפּילטער, וועלכער פלעגט זיין אַן אָפּטער אריינגעהער ביי זיי אין הויז, ווען דער אַלטער יצחק האָט נאָך געלעבט און דאָס הויז איז געווען אין אַ מדרגה — האָט דער יונג גוט געקענט אַלס קינד, און טאַטע־מאַמע האָבען זעהר גערן געקוקט, וואָס עס וועט פון איהם ווערען. דער יונג איז געווען אַ פערדיענער און פון איינע פון די שעהנסטע משפחות אין שטעדטעל... ביז זיין מוטער איז דערפון געוואָהר געוואָרען און האָט צוגערופען איהר עלטערען זוהן גדליה'ן, און זיי האָבען מיט דעם יונג געמאַכט אַ געוואַלד.

וואָרים, ווי געזאָגט, איז ניט געווען בלויז דער יחוס דאָ אין שפּיעל. די אידענע, וועלכע האָט נאָך איהר מאַן'ס טויט ניט געהאַט שוין איין חרפה אויסצושטעהן, האָט זיך שוין געהאַט צו אַלעס צוגע־וועהנט. די עלטערע יונגען האָבען אויך געטהאָן שידוכים, אויף וועל־כע די אידענע האָט געזאָגט, אז איהר מאַן קען אין קבר נישט איינ־רוהען, וויסענדיג ווער זיינע מחותנים זיינען. דאָך איז ר' יצחק גאַנץ רוהיג אין קבר איינגעלעגען און די יונגען האָבען געטהאָן וואָס זיי האָ־בען געוואָלט. זי וואָלט דאָ אויך שטיל געשוויגען, נור דאָ האָט זיך געהאַנדעלט אום דעם, וואָס דער יונג, וועלכער איז ארויסגעקומען פון אַ שטאַרקע, געזונדע משפחה, איז געווען הויך, ברייט און שטאַרק גע־בויט, — האָט געקענט זיין געליעבטע, וועלכע האָט איהם קוים דער־גרייכט צו דער ברוסט, בעהאַלטען אין איין אָרבעל זיינעם. ער האָט זיך גאָר נישט געאייגענט פאַר דעם שידוך מיט דעם מיידעל, וואָס איז געווען, ווי איהר פאָטער'ס אַ קינד: דין, מיט ווייכע, דינע ביינדעלאַך. ווי איהרע, דאָס מיידעל'ס, פאָטער־מוטער האָבען זיך ניט געכטאַרעט זי אויסצופּאַשען און פעט צו מאַכען, איז זיי נור געלונגען אָנצוהענגען אויף איהרע דינע ביינדעלאַך אַ סך פעטס, וועלכעס האָט ניט געשטימט מיט דער דינקייט פון איהר האַלז און פון איהר טאַליע, און ווי הויך איהר ברוסט איז נישט געווען ענטוויקעלט, און ארום הינטען, דאַכט זיך, אַ שפּאַר ברייט מיידעל.... דאָך האָט איהר גאַנצעס אויסזעהן גע־מאַכט דעם איינדרוק ווי אַ קליין אונענטוויקעלטעס קינד, וועלכעס

דעם זעלבען אבענד, ווען די מוטער האָט בעריל'ן צום טיש גע־גרייט, — האָט ער געכאַפּט דעם טעלער מיט די זופּ און געגעבען אזא זעטין אין דר'ערד, אַז די קאַרטאָפלעס פון די זופּ האָבען זיך אויפ'ן באַלקען געזעצט.

ביי דעם יונג'ס עלטערען, ביי די ראָזענצווייגס, איז דער שדוך מיט לייזער שפּילטער'ס טעכטעריל נישט געווען בלויז א יחוס־פּראַגע. טאַקע די ראָזענצווייגס, וועלכע האָבען זיך גערעכענט פאר איינע פון די שעהנ־סטע משפּחות אין שטעדטעל, איז נישט אָנגעשטאַנען דער שדוך מיט לייזער'ן, אויך וועלכען עלטערע מענשען דערצעהלען, אז אין זיינע יונגע יאָהרען איז ער נישט געווען קיין גרויסער צדיק... דייטש, שעהן געקליי־דעט, און צופיעל מיט'ן שררה פון שטעדטעל קיין ווארשוי געפאָרען, און א גאַנצער „פּייערלעשער" געווען, — איז ער נישט געווען א געאיינ־געטער מחותן פאר ר' יצחק ראָזענצווייג, דער פרומער שטאַרקער בעל־הבית — וועלכען אַלע איינוואָהנער פון שטעדטעל פלעגען זאָגען צום ערשט מיט כבוד „גוט מאָרגען", ווען זיי האָבען איהם בעגעגענט מיט טלית און תפילין אין בית המדרש געהן דאַווענען. נור דער אַלטער יצחק איז שוין טויט געווען. עס איז איבערגעבליבען די אַלמנה מיט זעקס זיהן, איינס גרעסער פון צווייטען, און קיין מלאכה האָט איינס נישט געהאַט געלערענט (פאר ר' יצחק ראָזענצווייג האָט נישט געפּאַסט, אַז זיינע קינדער זאָלען בעלי־מלאכות ווערען) און דערנאָך, אַז דאָס „גע־וועלב" אין גאַס, וועלכעס האָט אָנגעהויבען שלעכט צו געהן ביי ר' יצחק'ס לעבען — האָט נאָך זיין טויט גאָר שלעכטע געשעפטען געמאַכט, אזוי אַז עס האָט נישט געקענט דערנעהרען דאָס הויז־געזינד, — איז דאָס גאַנצע הויז־געזינד צופאַלען. יעדער יונג האָט פאר זיך געמוזט אָנהויבען צו זאָרגען און זיי זיינען זיך צופאָהרען אויף זיבען ימים: דער נאָך אמעריקא, דער נאָך לאָדז. דאָן האָט זיך בעריל אויסגעלער־רענט זיין א טאַפּעצירער. א שטוב האָבען זיי נאָך געהאַט, וואָס האָט געהערט צו זיי, האָט ער זיך א פּאָאר מאַשינען אריינגעשטעלט און איז געוואָרען א בעל מלאכה פאר זיך. דער יונג איז פעהיג געווען, א גע־שיקטע האַנד, האָט ער אָנגעהויבען אַליין צו מאַכען ארבייט פאר זיך און פערדיענען זעהר שעהן, און נאָך דער מאַמע'ן צוגעהאָלפען. דורך דעם האָט מען פאר איהם דרך ארץ אין שטוב געהאַט און מורא געהאַט זיך שטאַרק בעגעגען איהם צו שטעלען.

דער פּאָטער האָט די לאָמפּ אָנגעצונדען, און איז געבליבען שטעהן מיט איהר אין דער האנד.

— וואָס איז געשעהען? — פרעגט דער פּאָטער נאָך אַ מאָל.

— ווייסט נישט וואָס? די ראָזענצווייגס (די יודענע האָט אויף בעריל׳ן געוויזען), רעדען זיך איין.

— און ווער האָט דען געשיקט נאָך זיי? — ווער דארף זיי דען דאָ? — האָט זיך דער פּאָטער אָנגעהויבען צו קאָכען, — נאָר קאָכען זיך לאנג האָט ער ניט געקענט, עס האָט איהם באלד געשטיקט דער הוסט, און זיין קול איז געוואָרען הויל, הייזעריג, און אונפערשטענדליך.

— שטיל דיך איין, שטיל דיך איין, — האָט די יודענע פון איהם די לאָמפּ גענומען און איהם אָוועקגעזעצט. די מיידעל האָט אויפגעהערט צו וויינען, איז געלאָפען, געבראַנגט אַ גלאָז וואסער, און דער יונג איז געשטאַנען דערביי, ווי מען האָט דעם פּאָטער דאָס וואסער אין מויל אריינגעגאָסען, און זיך די הענד געבראָכען, ביים קאָפּ זיך געריסען, און געשריען: „וואָס זאָל איך טהאָן?“ „וואָס זאָל איך טהאָן?“

אז לייזער שפּילטער האָט זיך בערוהיגט, האָט ער זיך גלייך גע־שטעלט, געוואַרט אַ מינוט, אזוי ווי ער וואָלט געוואַרט, ביז אלע גליע־דער וועלען ביי איהם פערטיג זיין צום דיענסט, אָנגעצויגען די אָדערען אין דעם האלז, און אויך ווי די טאָכטער געשטאַרקט זיך, אַ שטרענגען בליק פון דעם חרוב׳דיגען פּנים מיט די אויסגעלאָשענע אויגען ארויס־צוקריגען, — האָט ער צום יונג מיט אַן ערנסטע שטימע געזאָגט, וועלבע איז געווען פערבריפּעט (און געהערט האָט זיך, אז זי קומט נישט ארויס פון גאנצע לונגען — און דאָס האָט נאָך מעהר ערנסטקייט זיין שטימע געגעבען): — ביז די תנאים וועט נישט זיין, וויל איך ניט, אז די זאָלסט זיך מיט רחיש׳ען זעהען, — זי איז אַ מיידעל, דו ביסט אַ יונגער־מאַן, — דו פערשטעהסט, אז עס איז גלייכער. — רחיש׳ע, ארייין אין שטוב אריין! — האָט ער דעם מיידעל געוויזען אויף דער טהיר פון די צווייטע שטוב.

— אַ גוטע נאַכט — האָט דער יונג געזאָגט, און גענומען זיך שטיל ארויסצוגעהן, וואָס דאָס האָט געוויזען נאָך מעהר זיין אויפגערעגטקייט, — און דער שאָטען פון זיינע ברייטע פּלייצעס האָט זיך איבער די וואנד פערצויגען, אָוועקגענומען אַ האלב שטיבעל, און אין זיך אריינגענומען דעם פּאָטער מיט די טאָכטער.

---

דער יונג האָט געקוקט אויפ׳ן מיידעל, זי האָט געהאַלטען דאָס פּנים׳ל פערשטעלט אין איהרעביידע הענד, און איבער איהר גלאַטען קאָפּ האָר, וועלכער איז געוועזן פערקעמט גלאַט מיט א שרונד, און פער־נאַנדערגעפלאָכטענע צעפּ ארום דעם קאָפּ, האָט גערוהט א געוויסער מיידעלישער חן, וועלכער האָט דעם יונג גערירט, און איהר גאַנצע דינע פיגור, וועלכע האָט זיך יעצט אין די טונקעלהייט פון חדר ארויסגעווי־זען זעהר קינדיש, איז איהם זעהר געפעלען און עס האָט איהם ארומגע־נומען זעהר א ווארים געפיהל איבער איהר — און דער יונג האָט מיט די פּיס געטאָפּעט, די פינגער אין מויל געביסען, און גערופען מיט א ווייכע שטימע, וועלכע קומט מעהר פון רחמנות־געפיהל איידער פון ליעבע: רח׳שע, הער אויף, הער אויף, געוואלד, הער אויף — האָט ער איהר גענגעבען א טרייסעל מיט די הענד, ביי וועלכען דאָס מיידעל האָט זיך שיער אומגעדרעהט.

זי האָט איהרע הענד פון איהר פּנים׳ל אוועקגענומען און געקוקט יעצט אויף איהם מיט איהרע צוויי גרויסע אָפּגעעפענטע פייכטע אויגען מיט׳ן זעלבען אָנגעשטרענגטען שטארקען בליק וואָס פריהער, נור יעצט, מיט איהרע טרעהרען — האָט דער בליק ערוועקט מעהר מיטלייד, ווי די קאָקעטעריי, צוליעב וועלכע ער איז געוועזן אָנגעשטרענגט. דער בליק פון די פייכטע אויגען האָט דעם יונג נאָך מעהר גערייצט, און ער האָט אָנ־געהויבען צו שרייען:

— איך וועל מיר א מעשה אָנטהאָן, איך וויל דאָך חתונה האָבען, איך וויל דאָך...

— וואָס איז? — וואָס איז געשעהען? — האָט זיך פּלוצלונג א שטימע געהערט, און א ליכטיגקייט האָט אריינגעדרונגען דורך די גע־עפענטע טהיר אין טונקעלען שטיבעל אריין—דערנאָך האָט א ליכט פון אן אָנגעצונדענע שוועבעלע דאָס שטיבעל בעלויכטען. בעריל האָט דער־זעהען די צוויי אויסגעלאָשענע אויגען, וואָס זיצען אין דעם בלייכען גע־זיכט, ארומגעוואקסען מיט דעם שווארצען בערדיל, וואָס האָט אין דער אויגענבליקליכע ליכט־בעלויכטונג געמאַכט אן איינדרוק ווי א געזיכט פון א טויטען. בעריל האָט גאַנץ גוט געוואוסט, ווער דאָס איז. דאָס איז געוועזן איהר־פּאָטער.

קיינער האָט נישט אָבגעענטפערט אויף זיין פראגע.

נישט לויט איהר וואוקס ענטוויקעלטע ברוסט האָט זיך הויך געהויבען. זי האָט מיט איהרע האַלב אויסגעבראָכענע צייהנדלעך די דינגע ליפּ געביסען.

— עס וועט זיי גאָר נישט העלפען, לאָזען זיי שרייען, לאָזען זיי ריידען. ווען זיי וועלען נאָך עפּעס מיר זאָגען, וועל איך מיך גאָר אין גאַנצען ארויסציהען פון זיי, גאָר אין גאַנצען, — האָט דער יונג מיט אַ הויכע שטימע געזאָגט.

— כ'לעבען, זיי וועלען זיך נאָך מיט דיר דעם יחוס איינריכטען — האָט די מוטער פלוצלונג די טהיר פון גאניק געעפענט. זי האָט געמוזט הינטער דער טהיר דעם יונג'ס ווערטער הערען. און רופענדיג צום מיידעל, האָט זי אין אַ שטרענגען טאָן געזאָגט:

— אריין, רחש'ע, אריין זאָלסטו מיר געהן! מען קען זיך נאָך מיט דיר דעם יחוס איינריכטען.

— וואָס שרייט איהר? וואָס שרייט איהר? — האָט דער יונג צו דער מוטער געזאָגט, — וואָס איז?

— אודאי, איך האָב מיך מיט מיין קינד ניט צו שעהמען, אז עס געפעהלט זיי ניט דער שידוך, דאַרף מען ניט. איך לאָז זיי פון עסק ארויס! — האָט די אידענע הויך געשריען.

— קומט אריין! קומט אריין! נישט אויף דער גאַס! — האָט דער יונג אויפגערעגט געזאָגט.

זיי זיינען אריין אין שטוב; אין שטוב איז האַלב טונקעל געוועזן, און אין די טונקעלהייט איז די אידענע ערשט ארויס אויפ'ן קול:

— דו זאָלסט מיר לעבען, מיר האָבען געשיקט נאָך דיר? צו וואָס? זיי מיינען דאָך, אז מיר האַלטען דיך צו, אריינגעכאַפּט פון די ראָזענצווייגס אַ יונג און מען וויל איהם דוקא חתונה מאַכען; מיין רחש'ע קען נאָך וואַרטען, נישט־קשה, זי האָט נישט וואָס צו איילען זיך.

— אפשר שוין גענוג, — האָט דער יונג געזאָגט צו דער אידענע אין אַזאַ טאָן, וועלכער האָט געוויזען, אז ער איז ניט קיין פרעמדער אין דעם הויז.

— ווירקליך, בעריל, ווען דיינע עלטערען ווילען ניט, אפשר איז עס טאַקע ניט. (און צו רחש'ען, וועלכע איז געזעסען און האָט געוויינט, האָט זי זיך געווענדעט) — וואָס האָסטו צו וויינען, נישט־קשה, די האָסט נישט וואָס צו וויינען.

טעל ארויס, און א דינער קול׳כעל האָט צו איהם פון דער וויטענס גע־
רופען:

— וואָס שטעהסט דו אין דרויסען, בעריל?

בעריל איז צוגעגאנגען בייזלעך, נאָך אויפגערעגט, — כאָטש אויף זיינע גראָבע ליפען פון זיין ברייטע רויטע געזיכט האָט זיך געוויזען א געלעכטעריל, און זיינע שווארצע גרויסע אויגען האָבען צוגעלויכטען צו איהר — ער האָט פאר גדולה די צייהן געוויזען.

— דער טאַטע איז דאָ?

— ניין, ער איז נעגאנגען אין גאַס. קום אריין!

בעריל איז ארויף אויפ׳ן גאַניקעל. זי איז איהם געקומען אנטקעגען ביים טיהר פון גאַניקעל, איז געווען אין א לייכטע טיכעל איינגע־וויקעלט, וואָרים עס איז געווען פריהלינג. און יעצט האָט מען געזע־הען די אונגאַטירליכע רויטע ליפען איהרע, וועלכע זיינען זעהר דין גע־ווען, — און אז זי האָט גערעדט, האָט זי געוויזען איהרע צייהן, וועלכע זיינען געווען ווייס, אָבער נישט גאַנץ פול.

— עפעס ביזט דו מיר היינט צוטראָגען? — האָט זי געזאָגט מיט א שמייכעלע, און וועלכען זי האָט אויסגעשטעלט א פּאָר גרויסע אויגען מיט אַן ענערגיישען בליק, און מען האָט אָנגעזעהן, אז אום אָנצושטעלען דעם ענערגיישען בליק האָט דאָס דינע מיידעלע מיט די קליינע אונענט־וויקעלטע גליעדער און קינדערישען דינעם העלזעל אָנגעשטרענגט אלע איהרע כוחות, און עס האָט איהר שוין נישט מעהר געסטאַיעט אויף דעם האַנד־דרוק, ווען זי האָט בעריל׳ן אָנגענומען ביי זיין גרויסע קרעפטיגע האַנד, און דער האַנד־דרוק, וועלכער עס האָט געזאָלט אויסדריקען איהר טיעפע, שטאַרקע ליעבע צו איהם, איז ארויסגעקומען זעהר ווייך און שוואַך.

— אין דערהיים זיך צוקריעגט, — האָט דער יונג אָבגעענטפערט נאָך מיט דעם פריהעריגען געבייזער, — און האָט זיך נעבען איהר אויפ׳ן גאַניקעל אוועקגעזעצט.

א מינוט האָבען זיי ביידע געשוויעגען, ווי זיי וואָלטען זיך פער־קוקט ערגעץ־וואו.

באַלד האָט זיך דאָס מיידעל אָנגערופען:

— איבער מיר?...

דערביי איז איהר בלייך פּנים׳ל אָנגעבלאָזען געוואָרען, — און

# אַ חן'דעלע

— וואָס איז? — וואָס ווילט איהר? — איהר האָט דען חתונה מיט איהר? — איך, איך, איך! — האָט דער יונג געשריען הויך און בייז.

— אָבער זעה — האָט נאָך געפּרואווט די מוטער טענה'ען.

— וואָס ווילסטו פון איהם? ער האָט דאָך רעכט, — האָט דער עלטערער ברודער גדליה צו דער מוטער געזאָגט — אז ער וויל זיך דוקא א שווארץ יאָהר אויסריכטען, וואָס ווילסטו פון איהם?

דער יונג בעריל איז האסטיג פון שטוב ארויס און האָט האסטיג צוגעהאקט די טהיר הינטער זיך.

— און וואָס ועסטו טהאָן, אז ער וועט זיך גאָר אין גאנצען פון שטוב ארויסציהען, די פּרנסה נישט אהיים ברענגען, — קענסט עפּעס ריידען מיט איהם? ער איז דאָך דער גאנצער פּרנסה־געבער — האָט די מוטער צום עלטערען ברודער געזאָגט, נאָך בעריל'ס ארויסגעהן.

דער יונג, וועלכער האָט געהאט די שטוב פערלאָזען, האָט זיך נאָך א קליינע ווייל ארומגעדרעהט אין געסיל, און געשלאָגען זיך מיט דער דעה, וואו ער זאָל געהן. ער איז געוועזען אויפגערעגט פון דעם געשפּרעך מיט די עלטערען. ער האָט אייניגע מינוטען אָנגעטרעטען אויפ'ן וועג, נישט זעהענדיג, און האָט אלין גע'טענה'עט צו זיך: וואָס ווילען זיי? וואָס ווילען זיי?

אז עס איז א ביסעל טונקעלער געוואָרען, האָט ער זיך אָבגעקעהרט אין אן עק ליקעל, צווישען צוויי גאסען. ער האָט זיך אָבגעשטעלט פאר א גאניקעל, וואָס איז דאָרט געוועזען אין א קליין הייזעל, געביסען די ליפּען און געקלעהרט וועגען עפּעס. באלד האָט זיך פון פענסטערעל, וואָס איז איבער'ן גאניקעל, געוויזען א מיידעלישע קעפּיל, צוויי שווארצע הָאָהעטע אויגען האָבען איהם צוגעוואונקען פון א בלייכע קליינע געזיכ־

יאָקע אַרויסגעוואָרפען אין דער קאָפּ מיט א טוך פערדעקט, לויפט געשווינד פערביי פאַר אונז, געהט צו צו דער קיך, און האַקט האָלץ.

דאָס קינד וויינט אין צווייטען צימער.

עס הערט זיך דער אידענע'ס קול פון הינטער דעם טוך, האָלץ האַקענדיג:

— וואָס שטעהסטו? דאָס קינד וויינט דאָך.

דער ווייבער כאָלאַט ווערט פערשוואונדען אין צווייטען צימער. מען הערט ווי ער שטילט דאָס קינד איין.

— לאַ־לאַ־לאַ, שווייג, שווייג.

— ווי הייסט דיין טאַטע? — פרעגט מיך ווער.

אָהנע צו קלעהרען, וואַרף איך א וואָרט — יצחק זשאַבלינער.

און באַלד דערוויף הער איך „ביוסטישיק'ס" פראַגע, ווי ער שטעלט די אידענע:

— ווי לאַנג זייט איהר שוין פערהייראַטהעט?

— אַכט יאָהר — ענטפערט אָב די פרוי'ס שטימע פון הינטער דעם טוך.

און פּלוצלונג ווי א דונער וואָלט אויסגעבראָכען:

— איהנען האָט מען אַמאָל גערעדט א שידוך מיט יצחק זשאַבלינער'ס א זוהן פון פּיאַנטקע, ווען זי זיינען א כלה־מיידעל געוועזען — וואָס, ניין?

— פון וואַנען וויסען זי דאָס? — ווייזט זיך די אידענע'ס פּנים אַרויס פון הינטער דעם טוך, און איך האָב געזעהן א שמייכעל, ווי עס פערקרימט איהר אויבערשטע ליפּ, און ווייזט אַרויס איהרע שוואַרצע ציינער...

„שוואַרצע ציינער" — דאָס האָב איך צו מייסטענס געזעהן פון איהר געזיכט, און דער שמייכעל וואָס פערקרימט איהר ליפּ.

איך בין אַרויס פאַר דער טהיר, די נאַכט איז שוואַרץ געוועזען און די ערד איז פייכט געוועזען, און איך בין ווייט, ווייט אין די נאַכט אין פעלד געגאַנגען.

איך געדענק ניט מעהר וועגען וואָס איך האָב געקלעהרט, וועגען וואָס איך האָב געטראַכט — נור א שמייכעל אויף שוואַרצע ציינער, דאָס איינע איז מיר איבערגעבליבען אין מיין געדאַנק פון מיין שעהנסטע ליעבע.

— צום מילנער־איד.

— אַט שטעהען מיר דאָך שוין פאַר דעם טהויער — זאָגט דער גוי.

— איז טאַקע אויף דאָ די קרעטשמע פון דאָרף — לייגט ער צו.

פון צוגעמאַכטען לאָדען שימערט אַרויס אַ ליכט. אַ באַנק שטעהט פאַר דער טהיר, טעלער אָנגעשטעלט, איך זעה מיך אויף דער באַנק.

— נו, קלאַפּ אָן צו דיין בת־מלכה, — רופט „ביוסטשיק" אויס און מאַכט גאָר מיט אַ ווייבערשע שטימע:

— קעניגין, פערשלאָפענע קעניגין, דיין ריטער שטעהט פאַר דיין טהיר.

נור דאָס, זעהט זיך אויס, האָט אפילו גרינבערג'ן פערדראָסען און ער רופט זיך אָב:

— שווייג, שווייג, זעה, ער ליידט דאָך!

נור דער פויער קלאַפּט שוין אין טהויער:

— העי, איד, עפען אויף! הערען זיינען געקומען.

און באַלד שטאַרט אַ קאָפּ אַרויס דורכ'ן לאָדען, און עס הערט זיך אַ שטימע:

— ווער איז דאָרט?

ליכטיג ווערט. מיינע פיס ברעכען זיך אונטער מיר. מען פיהרט מיך ערגעץ־וואו אַריין, איך האָב גאָר ניט געזעהן נור אַ ליימענע פאָד־לאָגע. רויטע ציגעל ביי דער טהיר, אַ לאָך איז דאָרט ערגעץ־וואו געווען, און אַ פינסטערער טומאַן אַרום. נור אַ קליין לעמפעלע האָט געלויכטען אויפ'ן אויוון. יאַ, אַ קינד האָט געוויינט אין אַ צווייטע שטוב...

„ביוסטשיק" רעדט דאָס מיט וועמען — איך זעה נישט קיין מענש, נור אַ ווייסען פלעק פון כאַלאַט, עס מוז זיין אַ יונגער מאַן, וואָרים אַ שוואַרצע באָרד ווייזט זיך פון כאַלאַט אַרויס.

און באַלד דאַרויף ווייזט זיך אַ פרויען־קאָפּ פון אַ צווייטע שטוב אין אַ ווייסע הויב אָנגעטהאָן.

איך הער נור גרינבערג'ס קול:

— קען מען עפּעס קריגען צו עסען?

— אודאי. — פרעמדע, שרה'לע, שרה'לע — רופט ווער אין דעם צווייטען צימער.

יעצט ווייזט זיך שוין דאָס פרויענצימער אין גאַנצען, אַ ברוינע

ניט געזעהן, נור מען האָט געפיהלט זייער פּייכטקייט, און ליכט האָבען זיך פון דער ווייטענס געפינקעלט. מיין הארץ האָט געקלאפּט אין מיר, איך האָב מיך געשראָקען פאַר עפּעס, און האָב געהאַט דאָס געפיהל, ווי איך וואָלט אַהיים געפאָהרען צו ערגעץ עפּעס א גאַנץ ווייטער היימאַטה. נור וואָס איך בין נעהנטער אַנגעקומען אין דאָרף אריין, אַלץ רוהיגער בין איך געוואָרען. מיין פאַנטאַזיע האָט מיר געמאָהלען די פערשיעדענסטע בילדער, און איך האָב געהאַט דאָס געפיהל, אַז איך קום אַהיים און וועל טרעפען דאָרט מיין היים. איך האָב גאַנץ קלאָהר געזעהן א קליין, קליין שטיבעל. ווייסע פאָרהענגלעך הענגען פאַר'ן פענסטער, און ריינע צוויי בעטען שטעהען מיט ווייסע לייליכער פערדעקט, און צווישען די בעטען שטעהט א קאָמאָד, איבער דעם קאָמאָד א געשטריקט טישטוך, און פערשיעדענע זאַכען שטעהען אָנגעשטעלט אויף איהר — אונזער דרשה־געשאַנק, און דאָרט ביי די קאָמאָד שטעהט זי. איך האָב זי יעצט בעשיינפערליך געזעהן, גאַנץ קלאָהר, א אידיש, אידיש ווייבעל. די האָאר פערקעמט גלאַט, מיט א שרונד, אין אויגען קלאָהרע, שעהנע, און רעדט אין דער שטיל. זי לויפט מיר נישט אַנטקעגען, נור זי וואַרט אויף מיר. זי וואַרט אויף מיר אין דער שטיל, און ווערט גאָר ניט ערשטוינט ביי מיין אריינקומען — נור פיהלט זיך טיעף גליקליך. און קוים, קוים וואָס מען דערקענט איהר גליק אין איהר. טיעף איז עס בעהאַלטען אין איהר. נור אין איהר שטימע הערט מען עס. זי רופט אין צוויטען שטוב אריין: „מאַמע, מאַמע, שלום איז געקומען!“ און גרייט דעם טיש פאַר מיר. זי אליין מיט איהרע לאַנגע ווייסע איידעלע הענד.

— אָט זיינען מיר פאַר דעם טהויער פון דיין פער'כישופ'טען שלאָס — רופט אוים „ביוסטשיק“, וואָס איז ביז יעצט שטיל געווען.

מיט שרעק כאַפּ איך מיך אויף. איך זעה פאַר מיר די דריי ווינדמיהלען וואָס שטעהען ווי שוואַרצע שומרים אויפ'ן בערגעל און שניידען זיך שאַרף מיט זייערע סילועטען אין די טונקעלהייט פון דער נאַכט, א שטילער רויש הערט זיך פון פעלד, און פאַר אונז שימערען אייניגע ליכטלעך.

מיין הארץ קלאַפּט אין מיר שטאַרקער.

אָט זיינען די שוואַרצע שומרים פון דיין כלה'ס פּאַלאַץ — לאַכט „ביוסטשיק“.

— וואו צופיהרען?

גרינבערג'ן און ווייזט איהם אויפ'ן זעקעלע, וואס ער טראָגט אויפ'ן הארצען.

— האָב איך אַ שווארין יאָהר! נאט אייך דאָס זעקעלע — ווארפט עס אראָב פון האלז. 20 רובעל דערינגען, די צווייטע העלפט פון חודש. אָבער באַלד כאַפּט ער זיך צוריק, דער סוחר האָט זיך ערוועקט אין איהם:

— נאָר איהר זאָלט עס מיר צוריקגעבען, אז ניט וועל איך ניט האָבען אויף די צווייטע וואָך אויף אַ מיטאָג.

— צוריקגעבען, צוריקגעבען, ווי עס זאָרגט דאָס אויף מיטאָג צו פרעסען. — קום, קום, שלעפען זיי מיך.

— איך וועל ניט פאָהרען, איך וויל ניט זעהן — האמפּער איך מיך.

— אָבער וועסט זעהן, ווי ראָמאנטיש דאָס וועט אויסזעהן — פאַנטאזירט „ביוסטשיק“. — מיר קומען ביי־נאכט אָן, און מיר קלאפּען אָן אויף דעם אייזערנעם טהויער פון דעם שלאָס פון דיין געליעבטע.

— פערשלאָפענע בת־מלכה, עפען אונז! — רופט „ביוסטשיק“ מיט אַ מורא'דיגען קול.

— ווער איז דאָרט? — ציהט גרינבערג מיט אַ ווייבליכע שטימע.

— דיין פערלאָזענער בעשערטער איז צוריקגעקומען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך ארומגעוואלגערט אין דער גאנצער וועלט, און קלאפּט יעצט אָן אויף דעם טהויער פון דיין שלאָס — עפען איהם. ער וויל דיך פון שלאָף אויפקושען.

— כאַ־כאַ־כאַ! וועט דאָס זיין ראָמאנטייש — קום, קום, גרינבערג, האָב נייטש קיין מורא, וועסט האָבען וואָס צו פרעסען, דו מעגסט אמאָל הונגערען אויך. — און איך האמפּער מיך נאָך. און מיר אלע דריי לויפען ווי מישוגעים צום באהן, קויפען ברויט מיט פּרוכטען אויפ'ן וועג, און לויפען און שרייען: „צו די פערשלאָפענע בת־מלכה“, „צו די פערשלאָפענע בת־מלכה“, — זי פון איהר פער'כישופ'טען שלאָף אויפצוואוועקען.

---

אין האלבער נאכט זיינען מיר אָנגעקומען אין דאָרף אריין, וואו מיין בעשערטע האָט געוואוינט.

און די רייזע איז טאקע געווען ראָמאנטיש, ווי מיין חבר „ביוס־טשיק“ האָט געזאָגט. די נאכט איז געווען שווארץ, די פעלדער האָט מען

מאַן, און ווי מיר ליעבען זיך, און האָבען קינדער צוזאַמען, און דאָס געטריישאַפט פון איהר. און דער מאַהלער קומט מיר אַנטקעגען און מאָהלט מיר דאָס אויס דעקאָראַטיוו, מיט'ן לאַנדשאַפט, מיט די ווינד־מיהלען, מיט די טאָפּאָלען. און „ביוכטשיק“ קנעט דאָס אַלעס אויס אין דער ליפּען. ער האָט מיר זאָגאר שוין געוויעזען ווי זי זעהט אויס, האָט געכאַפּט אַ בליישטיפט און מאַכט שוין די צייכנונג. ערשט גרינבערג רופט זיך אָב:

— זאָג נאָר, האָסטו זי קיינמאָל ניט געזעהן, — ווי ווייט איז עס דען פון דיין שטעדטעל. און דיין שטעדטעל ליעגט דאָך זעהר נאָהענט פון דאַנען.

— יאָ, עס איז ניט ווייט פון דאַנען. עס איז מיט די באַהן צוויי שטונדען צו פאָהרען אין מיין שטעדטעל אריין, און אַ שטונדע מיט'ן פיהר פון אונזער שטעדטעל. איך האָב שוין זאָגאר איינינגע מאָל דעם שרכן אויפגעזוכט. ער איז היינט אַן אַלטער איד אַ שכור. איך האָב איהם איינינגע גילדען געגעבען, אַז ער זאָל מיר ווייזען דאָס אָרט, וואו די כלה, וועלכע ער האָט מיר אַמאָל אַ שדוך גערעדט, וואוינט. איך ווייס יעצט דאָס אָרט גאַנץ גענוי. און איך בין שוין אַמאָל אין אַ ווינטער אויף דער נאַכט, ווען עס האָט מיר אָנגעכאַפּט אַ שטאַרק בענקעניש, אַוועק אין דעם דאָרף, אָבער אַז איך בין אָנגעקומען פאַר'ן דאָרף, אַז איך האָב דערזעהן די ווינד־מיהלען, בין איך אַנטלאָפען. איך וויל ניט זעהן ווי עס זעהט דאָרט אויס.

— פאַר וואָס האָסטו מורא, וועסט דיך ענטטוישען?

— ניין, איך וויל ניט זעהן מיין גליק.

— האָסטו געהערט? לאָזען מיר זיך אויפכאַפּען יעצט, אַזוי ווי מיר שטעהען און גערען אין דאָרף פאָהרען, זעהן דיין בעשערטע. דריי שטונדען פון דאַנען און גאַנצען. יעצט איז 7 אוהר, די באַהן געהט אָב אום אַכט. מיר וועלען אהין קימען מיטען נאַכט, ווי פערבלאָנדזשעטע ריטערס קומען ביי־נאַכט אין פער'כשופ'טען שלאָס פון זייערע געליעבטע, וועלכע זיי האָבען קיינמאָל נאָך ניט געזעהן. אָך יעצט דאָס זיין ראָמאַנטיש! — פאַנטאַזירט „ביוכטשיק“.

— אַ גליקליכע אידעע, קום, לאָמיר פאָהרען — שרייט אויס גרינ־בערג.

— אין געלד? אין געלד? — פרעגט „ביוכטשיק“, און ווינקט צו

יעדען טראָפּען בלוט פיהלען. און שטארק, שטארק וואָלט איך די פיגור געמאכט, שטארקע ליניען, מיט רונדיגע אראָבגעפאלענע פּלייצעס. נור עפּעס אזוי איינגעשלאָפען, יעדער אָדער בעזונדער וואָלט איך מיר אויס־מאָדעליזירט אזוי און פון אויבען אזוי פערשלאָפען... א טהוי בעדעקט... ווי א פּרימיטיווע זאך. ווי א יפתח'ס טאָכטער, און א שטארקע פּילע ברוסט, נור א קליינע, רונדיגע, און הארטע; קאלט זאָל זי זיין... אָבער אזוי קאלט, אז עס זאָל יאָגען א ווינד פון איהר, און קליין וואָלט איך זי מיר געווען געמאכט, קליין און פּול, ווי א קרבן, וואָס איז רייף געוואָרען פאר גאָט אויפ'ן מזבח צו ברענגען... — מען זאָל פיהלען די ביינער און יעדעס טראָפּען בלוט, וואָס ארבייט אין איהר — און וואָלט מיר זי אוועקגעזעצט — אין א זיידען דין העמדעל, און ארום וואָלט געווען עפּעס א לאנדשאפט. —

נור דאָ האקט איהם שוין אדורך דער מאהלער. גרינבערג האָט אין אלעס פערגעסען. דער יונג מיט די גלענצענדע שווארצע אויגען, מיט די לאנגע הענד שטעהט שוין אויף א טיש, אראָבגעוואָרפען א ליימענע פיגור, (און „ביוסטשיק“ זעהט גאָר נישט) און מאָהלט דאָס בילד:

— ווינד־מיהלען האָט דער פאָטער, זאָגסטו — אָט זעהסטו איז א בערגעל, — געלער זאמד, פאר א רעגען, איין וואָלקען טונקעל, איין שטיק וואָלקען ליכטיג, פאלט א ליכט איבער'ן געלען זאמד — גאָלד... גאָלד... גאָלד... פון פאָרענט דריי ווינד־מיהלען, אלטע, דער ווינד יאָגט און די לייטערס לייגען זיך אלע אין איין זייט. ארום אלטע טאָפּאָלען, ווערבען מיט לאנגע, לאנגע צווייגען, און אלעס פאלט אין איין זייט — און בעגאָסען מיט שאָטען און געלבעס ליכט, געלב, גאָלד... גאָלד... גאָלד... הערבסט... א וואסער, א טונקעלער פלעק אויפ'ן געלבען. זי שטעהט ביים וואסער, א קליינע יונגע מיידעלע, בעגאָסען אין ליכט, נאקעט — א מעטאלענער פלעק, געקומען פון וואסער, קאלט... קאלט... האלט דאָס העמד, וויל עס אָנטהאָן און דער ווינד בלאָזט, און די האָאר צופּלוישעט, און אלעס אויף א געלבען, געלבען אונטערגרונד—הערבסט... רויטע בלעטער, געלע בלעטער... גאָלד... גאָלד... גאָלד — — — — —

נור דאָ האָט זיך שוין דערוועקט אין מיר דער שרייבער, און איך שריי זיי ביידען איבער, ניין, — ניין, — און איך הויב זיי אָן צו מאָהלען א בילד פון פרייטאָג אויף דער נאכט, פון שבת אויף דער נאכט — ווי איך זיץ און לערען, און בין א פרומער, חסיד'ישער יונגער

איך האָב זיין נאָמען פֿערגעסען. א יונגע דאַמע אין שוואַרצען, מיט א שוואַרצען פֿליעגעל פֿון א געשאָסענעם פֿויגעל אויף איהר קאָפּ, שלאַנק און הויך, שטעהט ביי א פּיאַנאָ, און מיט איהרע לייכטע, לאַנגע, איידעלע הענד, וועלכע זיינען אין שוואַרצע זיידענע שפּיצען־האַנדשוה געהילט, וואַרפט זי רויטע רויזען אויף די קלאַווישען פֿון דער פּיאַנאָ. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַזוי דאַרפֿען איהרע אויגען צו זיין. דאָס איז נור געווען אין דעם ערשטען אויגענבליק, אָבער דערנאָך בין איך ניט איינפֿערשטאַנדען געווען דערמיט, און איבערהויפּט איז מיר איהר גאַנצעס געשטאַלט נאָך פֿערנעבעלט, און איך קען מיר א ריכטיגען בעגריף נישט מאַכען, ווי זי קען אויסזעהן. נור איינמאָל האָב איך געזעהן אין פּעטערסבורג אין דער אָפּערא א יונג מיידעל מיט א העדר — דאָס יונג מיידעל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז דאָס איז זי — און איך בין מישוגע געוואָרען אין דעם ערשטען אויגענבליק, און בין נאָכגעגאַנגען זייערע טריט, ווען זיי האָבען די אָפּערא פֿערלאָזט. דער העדר האָט מיך איינינגע מאָל בעמערקט, ווי איך געה זיי נאָך און האָט געוואָרפֿען אויף מיר א חושד'דיגען בליק, און האָט גענומען א וואָגען און איז אַוועקגעפֿאָהרען. איך נאָך זיי — זיי זיינען אריין אין „וויענא“ און פֿערפֿאַלען געוואָרען אין איינע פֿון די פֿיעלע קאַבינעטען...

יא, אַז איך זעה א שעהן מיידעל אויף דער גאַס, מיין איך אין ערשטען אויגענבליק — דאָס איז זי. נור קוים זעה איך באַלד אַן אַנדערע — קלעהר איך ווייטער — דאָס איז זי. אַזוי צווייפֿעל איך און זוך, וואָרים איך קען מיר זי גאָר ניט פֿאָרשטעלען ווי זי זעהט אויס, אין די היינטיגע סקולפּטור זעה איך עס ניט. זי מיז אין זיך עפּעס האָבען פֿון די קלאַסישע ליניע, וואָס איז אין די אַפּראָדיטישע אַנטיקע, אָבער ניט אַהאַרעמיש. ניין, ניין. דערביי מיז די ליניע לויז זיין, וויך, עטוואָס פֿערשלאָפֿענעס, א תאוה א פֿערשלאָפֿענע מיז ליגען אין די ליניע, ווי מען געפֿינט עס אין די שפּאַנישע ווייבער־פיגורען, ווי אין די פּרימיטיווען. אַזוי מיין איך —

נור דאָ קומט מיר מיין פֿריינד דער סקולפּטאָר צו הילף, און הייבט מיר אָן זי צו מאָדעלירען אין דער לופֿטען. כאַפּט זיין מאָדעל־האָלץ און וואַרפֿט א ליניע אין די לופֿט.

— אָט אַזוי וואָלט איך מיר זי געמאַכט. די פֿיגור דאַרף זיין רונדיג, פֿול, נור האַרט, מעהר בלוט ווי פֿלייש; נור אַזוי זאָלסטו

פערבענקטען צנועה'דיגען שמייכעלע, וואָס לייכט איבער די ליפּען פון די הייליגע „אננא" פון לעאָנאַרדאָ ד'ווינטשי — אזא שמייכעל האָט זי. יא, אזוי ווארט זי, אז איך זאָל קומען און זי קושען — לייכט קושען זי אויף איהרע ליפּען, און אויפוועקען זי פון איהר שלאָף, און לעבען ווייטער מיט איהר — איהר לעבען.

פיעל מיידלעך האָב איך שוין געליעבט דורך די צייט. מיט אייניגע מענשען האָב איך מיין גליק צוזאַמען גענאָסען, און זיי זיינען שעהן געוועז. נור מיר דאַכט זיך אלין, אז איך טהו אן עולה, אז איך בעטריג דאָס וועמען, אז אין דער היים ווארט אויף מיר אן איינגעשלאָפענע בת־מלכה, א אידישע טאָכטער. עס איז פּרייטאָג־צו־נאַכט — די ליכט האָט זי שוין אָנגעצונדען און געבענשט איבער זיי — און אזוי פיעל לייכטער בלישצען אין שטוב. און די פּערל אויף איהר האַלז, און איהרע שווארצע צוויי צעפּ פאַלען אראָב אויף איהר האַלז, אויף איהר נאַקען, אויף איהר רוקען — און הענד האָט זי לייכטע, וואַסערדיגע, און די נאַכט איז אין דרויסען טונקעל, און איהר פּאָטער'ס ווינד־מיהלען יאָגען. און דער ווינד בלאָזט. און זי זיצט אליין און ווארט אויף מיר — די פערשלאָפענע בת־מלכה. זעה, די ליכט ברענגען זיך קיינמאָל ניט אויס. דער שבת געהט קיינמאָל ניט אוועק פון שטוב, און זי זיצט אלין ביים טיש און די הענד פערלעגט, און ווארט, אז איך זאָל אהיים קומען. און איך וואַלגער זיך דאָ ארום איבער שטעדט, איבער דערפער — בעקען זיך יעדען טאָג מיט אנדערע מענשען, מיט אנדערע ערטער, אין איין מיידעל ליעב איך זיך איין, אין די צווייטע ליעב איך זיך אויס, און אָן איהר און אָן אוגזער לעבען האָב איך זיך גאָר פערגעסען און געה ניט אהיים אויסלעבען מיין שטיל לעבען אין מיין שטילען ווינקעל.

נור טיילמאָל בין איך ביי איהר, אז איך בין אויף דער נאַכט ביי מיר אין בעט, די אייניגע מינוט בעפאָר איך שלאָף איין נעהם איך דאָס וועמען ארום און בעקלאָג מיך דאָס פּאָר וועמען, און זי טרייסט מיך און דעקט מיך צו מיט איהרע האָאר, און קוקט אויף מיר מיט איהר שמייכעלע, און אויגען האָט זי —

איך קען מיר קיינמאָל ניט פאָרשטעלען איהרע אויגען. וואָס איך האָב ניט געקלעהרט וועגען איהרע אויגען, האָב איך ניט א ריכטיגען בעגריעף. אמאָל האָב איך געזעהן אויף א מינכענער אויסשטעלונג א פראַנצויזישעס דאַמען־פּאָרטרעט פון א יונגען פראַנצויזישען מאָהלער,

גיט מיר אויך א גרויס חלק, ווי אן ערוואקסענעם. און יענקעל דער שדכן רעדט א סך, ווייזט דעם עולם. די מאמע שטעלט אוועק אויפ'ן טיש פסח'דיגען וויישניק, און די זונן שיינט אריין דורכ'ן פענסטער.

נאכ'ן עסען געה איך אריין אין די צווייטע שטוב, און די מאמע פאלט ארויף מיר אויפ'ן האלז:

— מיין קינד, מיין לעבען, מען רעדט דאך דיר א שדוך, דאס איז דאך דער מחותן. א רייכער איד, ער האט אן אייגענע מיהל, וועסט עבען קעסט כל ימיו — און די כלה, די כלה, מיין קינד... און קושט מיך, און האלזט מיך...

איך דארף אייך ניט דערצעהלען, אז צו מארגענס בין איך אין די גרויסע שטאדט אוועק — „זיך לערנען“.

נור פון דענסמאל אן זעה איך די „כלה“, — אז איך בין אליין, אין א פארנאכט, און אז איך שטעל מיר פאר עפעס שעהנעס: ווי איך וואלט געלעבט, ווען איך וואלט געליעבט, קען איך מיר קיין אנדער מיידעל ניט פארשטעלען נור דאס מיידעל, מיין כלה, די טאכטער פון דעם מילנער, וועלכע מען האט מיר אמאל א שדוך גערעדט.

איך זעה זי אין גאנצען. אט שטעהט זי מיר פאר די אויגען. א טונקעל מיידעל מוז עס זיין, מיט א הויכען, הויכען שטערען. איך זעה זי טיילמאל אין שווארצען, טיילמאל אין ווייסען, נאר אין שווארצען געפעלט זי מיר בעסער, אין א לאנגער שווארצער קלייד מיט א שפאני־שער בראיט אויפ'ן האלז. איך זעה דעם קאליר פון איהר הויט, — ער איז ברוינלעך, ווי איהר בלוט וואלט ניט רויט געווען, נור טונקעל־שווארץ. און דער שווארצער טאן פון איהר בלוט שלאגט דורך דורך איהר רויטליכעס לייב. טיילמאל דאכט זיך מיר, אז איהר גאנצער קערפער איז איינגעשלאפען, דאס מיידעל געהט און שלאפט, זינגט און טאנצט און שלאפט — אזוי געהט זי ארום און שלאפט תמיד, און ווארט אויף איהר בעשערטען, אויף מיר — אז איך זאל זי קומען אויפ־וועקען. יא, מיר דאכט זיך, איך האב א גרויס אונרעכט געטהאן, אז איך בין אנטלאפען פון דער היים. — האב ערגעץ־וואו איבערגעלאזט א כלה, ווארטענדיג אויף מיר. און זי לעבט ניט איהר לעבען און ווארט אויף מיר, און זי עלטערט זיך ניט. איהר כלה־צייט איז שטעהן געבלי־בען, און זי ווארט ביז איך וועל קומען און קושען זי אויף די ליפען. יא, און ליפען האט זי — די האבט דאך געזעהן „ביוכטשיק“, דעם שטילען

האָב איך געזעהן די שטאָדט־„שקצים׳לעך“ געהן מיט זייערע ביכער אין די שוהלען יעדען פריהמאָרגען, האָב איך זיי מקנא געווען, וואָס זיי האָבען א שוהל, א וועג, וועלכע די פּאָטערס האָבען פאר זיי אויכגע־ארבייט. און איך פלעג דאן אויפ׳ן פעלד ארויסגעהן, און דער פריהלינג איז ביי מיר דאן ווי דער הערבסט געווען, און פלעג צוזאמענגעהמען שטיקלעך האָלץ און א פייער מאכען און אָנצינדען...

נור דאן איז געשעהן א זאך. —

אמאָל, אין א שעהנעם נאָכ׳ן אָנבייסען, ווי איך זיין אזוי אין בית־המדרש און לערען מיט געשמאק (עפּעס פלעגט זיך מיר דאן וועלען פון צייט צו צייט אוועקזעצען ביי דער גמרא און לערנען, לערנען הויך, געשמאק, מיט א נגון, און אָן אלעם פערגעסען, און פונקט א גליק, וואָס דאן האָט מיר דער חשק אָנגעכאפּט צו לערנען), קומט אין בית־המדרש אריין יענקעל דער שדכן פון שטעדטעל מיט עפּעס א איד מיט א ברייטע שווארצע באָרד און שווארצע אויגען, א שעהנער אויפ׳ן פּנים, א ברייט־ביינינגער, אין א קאַשקעטעל איז ער געגאנגען אָנגעטהאָן, און געהען צו צו מיר, און הייסען מיר זאָגען „אויפ׳ן אָרט“, פערהערען מיך פּשוט. איך בין רויט געוואָרען, פערדראָסיג א ביסעל. דער עולם אינגלעך האָט זיך אָנגעהויבען ארומקלייבען ארום מיר — נור דאָך האָב איך געזאָגט מיט קוראזש. פרעגען זיי מיך עפּעס א קשיא, איך ענטפער אָב א תירוץ. דערנאָך גיט מיר דער איד א קניפּ אין בעקעל און געהט אוועק מיט׳ן שדכן. איך קום אהיים צו מיטאָג, ביי אונז איז דער טיש געדעקט יום־טוב׳דיג, מיט שבת׳דיגע זילבערנע גאָפּעל און לעפעל. די מאמע געהט אָנגעטהאָן אין א נייע קלייד, א ווייסע שירץ און פּאָרעט זיך ביי דער קיך. פון די צווייטע שטוב הער איך א הויך געשפּרעך, מיין פּאָטער׳ס שטימע. די טהיר עפענט זיך, די זונן שיינט אריין דורך די פענסטער, מיין פּאָטער מיט׳ן פרעמדען איד — מיט די ברייטע באָרד — רויכערען ציגארען, ווי חול המועד. מען רופט מיך אריין אין צווייטען שטוב. דער איד קנייפּט מיך אין בעקעל, און פרעגט מיך עפּעס וועגען היימישע זאכען, און יענקעל שדכן מאכט צו מיר אזוי:

— וועכט אָנשרייבען א דייטשען בריעף פאר׳ן טאטע׳ן.

דער טאטע דיקטירט מיר א בריעף, איך שרייב. דערנאָך נעהמט מען דאָס פּאפּיר, דער שווארצער איד בעטראכט עס, שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ און קנייפּט מיך אין בעקעל. די מאמע רופט אונז אריין עסען. מען

געקומען, און איך האָב געזעהן די אָנגעצונדענע ליכט אין די זילבערנע לייכטער אויפ'ן טיש. און מיין מוטער'ס פנים שיינט ארויס פון די שבת'דיגע הויב. און געריהרט פון מיין טאטענ'ס זינגען „שלום עליכם" — פלעג איך אויך אריינפאלען אין א רעליגיעזע שטימונג און פלעג זינגען מיט א הויך קול „שיר השירים" מיט דער גאנצער נשמה מיינער. דאָס האָט מיך בערוהיגט. און איך פלעג זיך פערגעסען אין מיינע אפיקורס'ישע געדאנקען. און דער טאטע מיט דער מאמע זיינען גליקליך געוועזן.

אָבער דאן האָב איך שוין געהאט אָבגעמאכט ביי מיר צו אנטלויפען פון דער היים און צו קומען אין די גרויסע שטאָדט אריין און זיך לערנען, פאַרצובערייטען זיך צום עקזאמען און אָנצוקומען אין עפּעס א שוהלע אריין.

אָבער דאָס לערנען פון אנדערע זאכען האָט מיך אויך ניט בערוּהיגט. איך האָב געלערענט טרוקענע זאכען, ווי גראמאטיק פון שפראכען; א ביסעל האָט מיך פעראינטערעסירט די פיזישע געאָגראפיע, אלגעבּרא. אָבער די אלע עלעמענטארע וויסענשאפטען זיינען ניט גענוג געוועזן צו זעטיגען מיין גייסטיגען הונגער — א הונגער פון א זעכצעהן־יעהריגען אידישען אינגעל, וועלכער האָט שוין דאן נאָכגעקלעהרט איבער געוויסע פילאָזאָפישע געגענשטענדען, וועלכער האָט שוין דאן געהאט אין זיך א שטיק קבלה, דורכגעדרונגען מיט חסיד'ישע אידעען, די אגדתות פון תלמוד, און געהאט געהערט פון א שפינאָזא...

איז אזוי ווי געזאָגט בין איך דאן געוועזן „אן ארויסגעוואָרפענער" און האָב זיך געפיהלט ווי א מענש, וואָס האָט שוין פערלאָרען זיין וועלט. און דער עיקר האָט מיך געפייניגט „דער תכלית"... „דער תכלית", ניט וואָכעדיגער תכלית פון לעבען, נור עפּעס א מין גייסטיגער „תכלית" פון יענע וועלט, וואָס וועט זיין דער סוף — דער סוף?

עס זיינען אוועקגעגאנגען מיינע טעג אָהן פרייד. עס איז געקומען אין דער פריה און איך בין געלעגען אויפ'ן געלעגער, האָב איך זיך געטראכט, צו וואָס זאָל איך זיך אויפהויבען? צו וואָס זאָל איך לעבען? עס איז געקומען דער פריהלינג, וועלכען איך האָב אזוי ליעב געהאט, וואָס האָט זיך מיר שטענדיג געדאכט, אז ער וואַשט אָב דעם גאנצען ווינטער פון קאָפּ, האָב איך דאן דאָס געפיהל געהאט, איך בין נאָך ניט פאַרבערייט צו דעם פריהלינג. איך בין עפּעס נאָך ניט גרייט.

איך האָב ליעב געהאַט די זונן. פלעג איך זיך פון בית־המדרש אַרויס־גנב'ענען מיט מיינע ביכלעך און געהן אין גאָרטען, וואו שרה־הנה'לע — אַ אידענע פון שטאָדט — האָט פרובטען פערקויפט און פלעג ליגען הינטער די בוימער, און הימעל זיך איינקוקען — וערן ווי ד וואָלקענס ציהען זיך פערביי און נאָכקלעהרען איבער דעם תכלית פון לעבען.

היינט רייד איך איבער מיין דאַמאָלדיגער ענדערונג קאַלט־בלוטיג. אָבער דאַן, אין מיינע קינדער־יאָהרען, האָב איך די זאַכען געגומען מיט דעם גאַנצען ערנסט פון די אינגעלשע יאָהרען. יעדעס מאָל ניט דאַווגען האָט מיך געקאָסט אַ גאַנצע וועלט, די וועלט פון מיין רעליגיאָן, אין וועלכער איך האָב געלעבט, מיין פרומקייט אין וועלכער עס איז מיר גוט געווען, היימיש זיך געפיהלט. איך האָב דערפאַר ניט געדאַווענט, ווייל איך בין געקומען צו מיין אייגענער איבערצייגונג, אַז די אַלע פאָרמען זיינען אויסערליכע, אַרויפגעוואָרפענע פון מענשען, אָבער ניט קיין געטליכע. דאָס איז מיר היינט לייכט צו זאָגען. אָבער דאַן.... דאַן... איך האָב זיך געפיהלט ווי אַ מענש, וועלכער האָט זיין פאָטערלאַנד פערלאָרען, ווי ער וואָלט זיין אייגען הויז פערברענט אין איז אַוועק אין בלאָנדזשעט — און טיילמאָל דאַכט זיך מיר, אַז ביז'ן היינטיגען טאָג האָב איך נאָך ניט געפונען קיין אָרט, קיין רוה, קיין ווינקעל, וועלכער זאָל מיר פערטרעטען יענע היים פון רעליגיאָן, פרומ־קייט, וועלכע איך האָב פערלוירען; איינער מיין ביסעל שרייבען...

נור צום ערגסטען האָט מיך געפייניגט דער געדאַנק פון מיינע על־טערנ'ס ענטטוישונג. זיי האָבען נאָך גאָר ניט געוואוסט, נאָך גאָר ניט געאהנט, כאָטש זיי האָבען געמערקט, אַז איך געה אַרום אַ פערדרעטער, אַ פער'חושכ'טער. נור וואהרשיינליך האָבען זיי דאָס איבגעטייטשט אויף עפעס אַנדערש... מיך האָט שרעקליך געפייניגט דער געדאַנק, אַז איך נאָר זיי אָב, כאָטש איך האָב זיך פאַר זיי מיט גאָר נישט געדיט. מיין פאָטער איז געווען פערנומען אַ גאַנצע וואָך אין געשעפט, אַרומ־געפאָהרען און געקומען פון שבת צו שבת; אין דעם שבת האָב איך נאָך געפראַוועט מיט אַלע איינצעלהייטען, ניט אויס פרומקייט, נור מעהר אויס שטימונג. דער שבת האָט מיך שטענדיג בערוהיגט מיט זיין יום־טוב'דיגקייט און רוהיגקייט, און איך פלעג אַ גאַנצע וואָך וואַרטען אויף שבת. פרייטאָג־צו־נאַכט האָב איך זיך אָנגעטאָן די אַטלעסענע קאַ־פאָטע און מיטגעגאַנגען מיט'ן טאַטען דאַווגען, און איך בין אַהיים

געשטימט פון מיין פריהעסטע יוגענד, א קינד מיט מיסטישע נייגונגען — פלעג איך זיך אבשיידען פון מיינע ברידער, פלעג דאווענען פרום און לאנג, לערנען גאנצע טעג, און גערן אין א פרומען יונג. מיין ארעמע מוטער האט זיך גליקליך געפיהלט און פלעגט קוקען אויף מיר מיט אזעלכע געטרייע, צערטליכע מוטערליכע בליקען, אז איך האב געפיהלט די וואַרימקייט פון איהר גליק... און מיין פאטער... און דער וואכען האט ער קיין צייט ניט געהאט. נור אז ער פלעגט הערען, שבת נאך'ן שלאף, מיין גמרא לערנען, איז ער ווי אויף די שפיץ נעגעל ארומגעטאנצען איבער'ן צימער, און פון נחת זיך די הענד געריבען. פון צייט צו צייט פלעגט ער צוקומען, איבערבייגען זיך איבער מיין גמרא, אריינקוקען אין, זיך ניט קענענדיג איינהאלטען, האט ער מיר געגעבען א גלעט איבער'ן בערדעל. איך בין געוואָרען דאס ליעבסטע קינד אין דער היים, די איינציגע האפענונג פון מיינע עלטערען. מען פלעגט מיר מאכען אויף יעדען יום־טוב אטלעסענע קאפאטעלעך. און עס איז ניט געווען קיין רייזע, פון וועלכע דער טאטע זאל מיר ניט עפעס מיטברענגען. און די מאמע, זי איז משוגע געוואָרען פאר גליק. פלעגט מיר געלד געבען, נאָדענע ווינערלעך קויפען, און איז יעדעס מאל צו מיין רבי'ן געקומען, ביי וועלכען איך האב געלערענט און פלעגט זיך אוועקזעצען און צוהערען זיך צו מיין לערנען. דאס האט אזוי אנגעהאלטען ביז 15 יאָהר פון מיין לעבען. דערנאך איז געשעהן א זאך, וואס איך ווייס נישט ווי אזוי עס איז געוואָרען... געווען... איך האב אנגעהויבען צו קלערען און צו צווייפלען אין גאט, און מיין דאווענען. דאכט זיך, איך האב דאן א פאר ביכלעך איבערגעלעזען. נור ניט אזוי די ביכלעך האבען מיר געמאכט צווייפלען, ווי איך זיך אליין. איך האב דאן פיעל געקלערט איבער די וועלט און די מענשען, איבער גאט און זיין תכלית — „און וואס איז דער בורא?" „און פאר וואס דארף מען אבהיטען די מצוות?" וואס ארט עס איהם אז דער מענש זינדיגט? און פערשידענעס, ווי ס'איז אייך אלעמען ניט בעקאנט די צייט פון אפיקורסות, וואס יעדעס קינד מאכט דורך, ווען עס קומט די צייט ווען עס הויבט אן צו קלערען. נור מיר האבען די אלע זאכען מעהר געפייניגט ווי אן אנדערען; א שטימונגס־מענש — פלעגען די אלע ספיקות ווירקען אויף מיין לייגע. און איך, א קינד פון 15 יאָהר, פלעג דאן ארומגעהן און קלערען איבער דעם תכלית פון דער וועלט. און די זונען האט אין דרויסען געשיינט. און

אמער — איך זאָג דיר א „פיגור“ ! — מיין פריינד „ביוסטיטיק“ הויבט באַלד אָן צו מאַדעליזירען אין דער לופטען — „אזוי, אזוי“.

און איך רייס איהם פון בעט ארויס. „קום אין גאַס, די זונן שיינט אין דרויסען, איך קען ניט אין שטוב איינזיצען. איך ליעב, איך ליעב, מיט א רעכטען אמת, צום ערשטען מאָל אין מיין לעבען“.

און קוים קום איך אין גאַס ארויס און דערזעה אן אנדער מיידעל אויף דער גאַס, אויך א שעהנע, מאַך איך אזוי :

— און די ליעב איך אויך...

איך זעה אז איך קען נישט דורכקומען, שריי איך אויס :

אַלע שעהנע מיידלעך פון דער גאַנצער וועלט ליעב איך.

דערפאַר לאַכען מיינע חברים, אז איך הויב אָן צו דערצעהלען פון מיין „איינציגע“ שעהנע ליעבע.

— אָבער די וואָס איך ליעב אם שעהנסטען, אם הייליגסטען, אם ערהאַבענסטען, האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן !

— נאָך ניט געזעהן — דאָס איז אינטערעסאַנט ! — זאָגען מיינע חברים און ווערען שטיל און לאָזען מיך אויסדערצעהלען מיין שעהנסטע ליעבע.

און איך הויב אָן :

— אזוי ווי איהר ווייסט, בין איך געבוירען ביי חסיד'ישע, נגיד'ישע עלטערען אין א קליין פויליש שטעדטעל. מיין פאָטער, וועלכער איז געוועזען א פרומער סוחר, האָט דוקא געוואָלט האָבען א זוהן א לער־נער, וועלכער זאָל ווערען א רב. און פון מיין מוטער דאַרף איך אייך ניט דערצעהלען, אז דאָס איז געוועזען די איינציגע שטיקעל האָפענונג אין דעם טרויעריגען לעבען, וואָס די גוטע, פרומע אידענע האָט דורכגע־לעבט. די האָפענונגען, וועלכע מיין פאָטער האָט געלעגט אויף מיינע עלטערע ברידער איז צו גאָרנישט געוואָרען, ער האָט זיך אויף זיי פיעל געלד געלאָזט קאָסטען, די בעסטע מלמדים אין שטוב געהאַלטען. אָבער ער איז געוועזען פערנומען מיט זיינע געשעפטען א גאַנצע וואָך, און ער האָט קיין צייט ניט געהאַט אכטונג צו געבען אויף זייער ערציהונג. און מיין אָרעמע מוטער איז צו שוואַך געוועזען, אז זי אליין זאָל קענען אויף זיי ווירקען, אז זיי זאָלען זיך לערנען. פון זיי איז געוואָרען סוחרים, קרעמער א. ד. ג. די איינציגע האָפענונג פון מיינע עלטערען צו דערלעבען א שטיקעל נחת אין זייערס א קינד בין איך געוועזען. רעליגיעז

— נור זייערע זיינען ניט געווען אינטערעסאַנט, ווירקליך ניט. מיינע, מיינע איז אינטערעסאַנטער און שעהנער. דאָס האָב איך זיי געזאָגט אויך. און דאָס וויל איך אייך דאָ דערצעהלען.

אַז עס איז געקומען מיין צייט צו דערצעהלען (נאָך מיר און מאַטערנייט), לאַכען זיי, מיינע חברים, איבערהויפּט „ביוסטשיק“.

— וואָס לאַכסטו?

— וועלכע שענסטע? — פרעגט „ביוסטשיק“ — זאָג מיר, זאָלסט מיר לעבען, וויפיעל שעהנסטע ליעבעס האָסטו דאָס שוין געפיהרט אין דיין לעבען?

וואָריב דאָס וואָס איך האָב דאָ אויסגערעדט אויף מיין פריינד „ביוסטשיק“, זאָגט מען דאָס זעלבע אויך אויף מיר. נור איך בין ווירקליך אַ ווייבער־יעגער. איך רייד מיר ניט בלויז איין, ווי מיין פריינד „ביוסטשיק“, — נור מיט אַן אמת. פרעגט די גאַנצע וועלט אויף מיר, וועט זי אייך דערצעהלען. פאַר מיין טריט הליש'ן ווייבער. אַז מען דערזעהט מיך, זאָגט מען: „אָט דאָ געהט דער ווייבער־יעגער“.

— נו, דערצעהל, דערצעהל — זאָגען זיי ווייטער.

און ווי איך הייב אָן צו דערצעהלען, פּלאַצען זיי ווידער ארויס מיט אַ געלעכטער:

— אָבער וועלכע ליעבע, דו ליעבסט אַלע טאָג אַן אנדערע.

— ניין, אַלע טאָג נאָך איינע — לעג איך צו.

איבערהויפּט בין איך שוואַך אויף דעם פּונקט ווייב.. איך פערשטעה ניט פאַר וואָס מען קען ניט ליעב האָבען עטליכע פרויען מיט אַמאָל. קען אַ מענש ניט ליעב האָבען אויף איין מאָל אַ ליליע און אַ טיבעראָזע, אָדער צוויי ליליען, הונדערט ליליען מיט אַמאָל? אין מיין צימער הענגט דאָס געזיכט פון די הייליגע „אננאַ“ פון לעאָנאַרדאָ ד'־ווינטשי און פון רזש. קאַנדלאַ. ליעב איך דען ניט די ביידע פרויען־געזיכטער צוגלייך? ליעב איך דען ניט צוויי פריהלינגס־טעג איינעם נאָך דעם אנדערען מיט די זעלבע ליעבע?

און יעדען אין דער פריה קום איך צו לויפען צו מיין פריינד „ביוסטשיק“ און וועק איהם ביי די האָר אויף:

— „ביוסטשיק“, „ביוסטשיק“, איך בין פערליעבט, איך בין פערליעבט, איך שטאַרב. האָב איך נעכטען געזעהן אַ מיידעל אין טהע־

קינסטלערישע אומגעבונג, וואו מיר אַלע: יונגע קינסטלער, די שילער פון דער אַקאַדעמיע, שרייבער און יונגע שוישפּיעלער, פלעגען זיך צוזאַמענקומען אין איין קאַפע־הויז, וואו מיר פלעגען אַלע לעבען פון קרעדיט, איינער האָט זיך געטהיילט מיט'ן צווייטען, איינער האָט געבאָרגט פון צווייטען אַ העמד, אַ ראָה, אַ פּאָר שיך, — איז ער געווען דער איינציגער „פּראַקטישער" מעניש פון אונז. ער פלעגט קיינעם נישט באָרגען, און פלעגט זיך פון קיינעם נישט באָרגען; אַ כיטרער יונג, וואָס האָט אין דער שטיל אונטערגעהאַנדעלט מיט זיין געלד... נור קוים פלעגט ער דערזעהן דורכ'ן פענסטער אַ פּאַס ליכט פאַלט אויפ'ן גראָז, הינטער די בוימער פון גאָרטען, אָדער אַ ליכטיגער וואָלקען האָט זיך אויפ'ן הימעל בעוויעזען, אַ טאָן איז אויפ'ן וואַסער, פלעגט ער אָן אַלעם פערגעסען, כאַפּען דעם לייוועגט און פּענזעל און ארויפגעכאַפּט דעם וואָלקען אויפ'ן לייוועגט. אַזוי פלעגט ביי איהם טיילמאָל דער קינסטלער גובר זיין דעם כיטרען סוחר, וואָס ער האָט נאָך פון זיין קליין שטעדטעל מיטגעבראַכט.

דאָס האָט טאַקע ער געבראַכט צום געשפּרעך וועגען שעהנסטע ליעבע. וואָרים „ביוסטשיק" זאָגט אַזוי צו איהם:

— גרינבערג, באָרג אַ גילדען.

אָבער גרינבערג איז פערטהאָן אין די ליעבע־געשיכטעס, וואָס „ביוסטשיק" האָט דערצעהלט. „אינטערעסאַנט", „אינטערעסאַנט" — קלאַפּט ער אַלץ מיט די ליפּען. און כדי זיך פון שטוב ארויסצומאַכען, פאַלט ער אויף אַ פּלאַן:

— האָסט געהערט, „ביוסטשיק", זאָל יעדער פון אונז דערצעהלען זיין שעהנסטע ליעבע, אָבער דו הערסט, זיין שעהנסטע ליעבע, וואָס ער האָט געהאַט אין זיין לעבען.

ער האָט געוואוכט מיט וואָס איהם צו נעהמען. קוים האָט „ביוס־טשיק" געהערט די שעהנסטע ליעבע, האָט ער פערגעסען אין הונגער, אין דעם זעקעל געלד אויף גרינבערג'ס האַרץ, און האָט שוין אָנגעהויבען צו דערצעהלען.

און איינער האָט דעם צווייטען איבערגעהאַקט. יעדער האָט גע־וואָלט פריהער דערצעהלען, אויסכאַפּען. „ביוסטשיק" דערצעהלט שוין פון די און פון יענע, און צווייפעלט וועלכע איז געווען שעהנער, און גרינבערג'ס אויגען גלענצען שוין, דערצעהלט פון זיין קליין שטעדטעל.

ביוסטשיק אָבער פּלעגט זיך אַליין האַלטען פאַר א האַרץ־בעזיעגער, פאַר וועלכען די פרויען געהען אוים. אַליין א קלייגער, מיט א קורץ איינגעקנייטשטע נעזעל, א האָריג בעוואַקסען פּנים, און קליינע שווארצע אויגעלעך, וואָס האָבען זיך געוואָרפען אין זיין האָריג געזיכט — האָט דער „שעהנער פאַרשוין״ .מיד גערעדט נור וועגען פרויען, וואָס ער, דער „גזלן״, האָט זייער האַרץ צובראָכען, געקוילעט אין מיטען שטאָדט אין שעהנעם העלען טאָג, און ווי א גבור שטעהן געלאָזט און ווייטער געגאַנגען נייע הערצער בעזיעגען. דאָס האָט ער אונז אויך טאַקע יעצט אויף דעם געשפּרעך אַרויסגעברענגט צו ריידען וועגען אונזערע ליעבעס. וואָרים הונגעריג זיינען מיר אַלע דריי געוועזן און קיין געלד איז ניט געוועזן (כאָטש מיר ביידע, „ביוסטשיק״ און איך האָבען חושד געוועזן גרינבערג׳ן, אַז ער טראָגט זיין געלד־זעקעלע אויפ׳ן האַרצען אָנגעבונ־דען; א כיטרער יונג געוועזן!), האָט אונז „ביוסטשיק״ פון זיינע ליעבעס דערצעהלט. און דערביי געוויעזען די קעפּלעך פון די פרויען, פון די ווייבלעך, וועלכע ער האָט מאָדעלירט — און וואָס ער האָט זייערע הערצער בעצוואונגען. געזעסען זיינען מיר און האָבען אויסגעהאָרכט לאַנגווייליג, נור „ביוסטשיק״ האָט עס דערצעהלט מיט דער מינע פון א גענעראַל, וואָס דערצעהלט זיינע טהאַטען אויף דעם מלחמה־פעלד, און דערביי די געקרומטע פּוס גלייך אויסגעצויגען, די וואָנצעס זיך גלייך געמאַכט, און געקוקט ווי איינער זאָגט: בעהאַלט עס גוט אין אייער זכרון, עס וועט אייך צוניץ קומען. און זיין נאַרישע ראָלע האָט אונז געוויילט.

נור צום סוף איז ער אונז שוין לאַנגווייליג געוואָרען, און מיר האָבען זיך טאַקע געוואָלט נעהמען צו גרינבערג׳ן, אַז ער זאָל אויפקנעפּ־לען זיין וועסט און ווייזען דאָס געלד־זעקעלע. וואָרים גרינבערג איז א יונגער מאַן פון א קליין פּויליש שטעדטעל, וואָס האָט זיך אויפגעצויגען ביי קאַרגע, כיטרע עלטערען. ער האָט פון קליינערהייט אָן זעהר ליעב געהאַט דאָס לאַנדשאַפט און פּלעגט אַלס אינגעלע זיך אַרויס׳גנב׳ענען הינטער זייער שטעדטעל און מאָלען דאָס לאַנדשאַפט. עס האָט איהם איינמאָל דער שררה פון זיין שטעט־טעל בעמערקט און ער האָט איהם אויף זיין רעכענונג אין דער גרויס־שטאָדט אין דער אַקאַדעמיע געשיקט, וואו ער פּלעגט בעקומען פון איהם 50 רובעל א מאָנאַט. און כאָטש דאָס איז שוין געוועזן פיער יאָהר אין די גרויסע שטאָדט, אין א

# מיין שעהנסטע ליעבע

אמאָל זיינען מיר געזעסען דריי פריינד און מיר האָבען גערעדט וועגען אונזערע פערגאַנגענע טעג. אזוי אַלט זיינען מיר נאָך ניט געווען; מיר אַלע דריי צוזאַמען האָבען נאָך ניט אויסגעלעבט א זאַטען אַלטער פון א הונדערט־יעהריגען זקן. איז אייגענטליך זאָלען מיר ריידען פון אונזערע קינפטיגע טעג, נור אונזער חבר יאָשע „ביוסטשיק“ האָט שרעקליך ליעב געהאַט צו ריידען פון זיינע פערגאַנגענע טעג, און יעדער עפּיזאָד פון זיין פערגאַנגענעם לעבען האָט ער בעטראַכט פאַר א היס־טאָרישע וויכטיגקייט, וואָס וועט גרויסע נוצען ברענגען זיין קינפטיגען ביאָגראַפיע־שרייבער צו ערקלעהרען זיין פערזענליכקייט און זיין טהעטיגקייט.

וואָרים יאָשע „ביוסטשיק“ איז געווען א סקולפּטאָר, און ביי איהם טאַקע, אין זיין ארבייטס־צימער, זיינען מיר דאָס געווען פערזאַמעלט: איך און אונזער פריינד גרינבערג (איך א שרייבער, גרינבערג א מאַהלער — נור פון אונז שפּעטער, דערווייל וועלען מיר ריידען פון „ביוס־טשיק“). „ביוסטשיק“ האָט מען איהם גערופען דערפאַר, וואָס ער האָט שרעקליך ליעב געהאַט איידעלע פרויען־ביוסטען. אין די פרוי האָט ער נור געזעהן איהר ליניע, און זי האָט איהם נור געדיענט אויף אזוי פיעל, וויפיעל ער האָט געקענט דורך איהר אויסזיינגען זיין פאָעזיע און מאָדע־לירען איהר פיגור. ווען ער פלעגט א שעהנע פרוי דערזעהן אויף דער גאַס, איז ער איהר שוין לאַנג נאָכגעגאַנגען און בעטראַכט איהר פיגור, די ליניען פון ביוסט און מיט די הענד פלעגט ער איהר מאָדעליזירען שוין אין דער לופטען, אויסקנעטען און גלעטען, ווי ער וואָלט פון דער לופט איהר פיגור אויסגעבילדעט. מענשען פלעגען איהם אָננעהמען פאַר א משוגע'נעם, און ניט איין מאָל פלעגט טאַקע „ביוסטשיק“ קריגען גוט אויסגעפּאַטשט פון דער פרוי'ס מאַן אָדער פון איהר'ס א גוטען פריינד פאַר אזעלכע שטיק. נאָר דאָס קעהר ניט צו דער מעשה.

שוואַרץ און פרעמד זיינען אַרום דעם ווילדען אומגליקליכען פּלאַץ געשטאַנען די הייזער. דאָס גרויסע טהעאַטער מיט זיינע פיעל פינסטערע פענסטער האָט עפּעס אַזוי שרעקליך אויסגעקוקט, ווי דער באָדען פון אַ רוימיישען צירק, האָט אויסגעזעהן דער טהעאַטער־פּלאַץ, ווי אַ שפּיעל־פּלאַץ, וואו ווילדע הונגעריגע טיגערען ווערען אַרויסגעלאָזען אויף שוואַכע, אומבעוואָפנעטע מענשען...

שוואַרץ און פינסטער זיינען שוין געווען די גאַסען אין וואַרשא, איבער די שטיינער האָט נאָר אָבגעקלונגען דאָס שווערע געהן פון די נעדיכטע פּאַטרולען. טהיילמאָל האָט פּערציטערט די איינזאַמע שטיל־קייט אַן איינזאַמע סאַלווע, וואָס האָט זיך געהערט פון אַ ווייטער גאַס... טהיר און טהויער זיינען געווען פערהאַקט. נאָר נאָך דאָ און דאָרט איז געהאַנגען פאַר אַ הויז אַן איינזאַמער אילומינאַציע לעמפּעל, וואָס מען האָט אָנגעצונדען לכבוד די פרייהייט, און וואָס דער סטרויש האָט ניט צייט געהאַט עס אַרונטערצורייסען, בעפאָר ער האָט דאָס טהויער פערקלאַפּט, פאַר די ענטלאָפענע, וואָס די קאָזאַקען האָבען זיי נאָכגעיאָגט... און ווי פערשעמט, אַן איינזאַמס האָט דאָס לעמפּעל געהאַנגען, ווי אַן אַרויסגעוואָרפענעס אויף דער גאַס...

שוואַרץ און פינסטער איז די נאַכט געווען...

שטום זיינען געשטאַנען די הייזער איינגעהילט אין טונקעלהייט. נאָר נאָך האָבען די שטילע שוואַרצע נאַכט געשטערט איינזאַמע טריט פון אַ מאַמען אין אַ שוואַרץ טוך געהילט, און אַ מאַמע'ס אַ קול האָט אין די פינסטערע נאַכט געוויינט, לויפענדיג גאַס אויס, גאַס איין:

— מיין קינד! מיין אָרעם קליין קינד!

דאָס קלאָגענדע קול פון דער מאַמע איז אין די שוואַרצע נאַכט פערטרונקען געוואָרען, ווי אַ שוואַרצער טראָפּען אין אַ שוואַרצען ים...

און ווייט אין גאַס, אין דער שוואַרצער נאַכט, האָט דער מאַמע'ס קלאָג־געוויין אָבגעקלונגען:

— וואו איז מיין קינד? מיין אָרעם קליין קינד?

נאָר שטום זיינען געשטאַנען די הייזער, פערקלאַפּט ווי אַ טורמע פאַר די בירגער פון דעם ערשטען פרייהייטס־טאָג.

— זאָל זיין בעגריסט די פרייהייט !

מען דריקט זיך... דאכט זיך מען לויפט...

— וואָס איז געשעהן ? א גרויזאמער געוואלד ערשרעקט די לופט...
א פרויען־געוואלד... קינדער וויינען...

מען האָט אָנגעהויבען צו לויפען. איין מענש איז איבער'ן צווייטען געלאָפען. א שווערד האָט א בלישטש געטהאָן, עס האָט זיך דערהערט א געשריי, און דער געשריי איז אין מיטען פלוצלונג אָבגעריסען געוואָרען... איין מענש איז געפאלען אויפ'ן צווייטען, איינער האָט זיך הינטער דעם צווייטענ'ס קערפער בעהאלטען. יעדער איינציגער האָט זיין קאָפּ אין יענעמ'ס קערפער אריינגעשטעקט, מאַמעס האָבען זייערע קינדער הינטער זיך בעהאלטען, בעשיצענדיג זייערע לעבענס מיט זייער פרויען־קערפער... די קאָזאקען האָבען זיך מיט די פערד געגעבען א לאָז ארויף אויפ'ן פאָלק. פערדישע פּאָדקאָוועס האָבען אויף פרויען־קעפּ, אויף פרויען־בריסטען געטרעטען. די שווערדען זיינען געפאלען אויף קעפּ, אויף פּנים'ער, איבער האלז און נאקען. טהייל האָבען בעשיצט זייערע קעפּ פאר'ן קאָזאק'ס שווערד מיט די פינגער פון זייערע הענד... נאָר די פינגער פון די הענד זיינען געפאלען, ניט קענענדיג ראטעווען די שארבענס פון די קעפּ. טהייל האָבען אוים משוגעת זיך אליין אונטער דעם קאָזאק'ס פערד זיך געוואָרפען, שיצענדיג זיך פון בלאנקען שווערד, וואָס האָט געלויכטען געגען דאָס ליכט פון קייזער'ס מאָנאָגראם. נאָר מעהרסטען עולם האָבען זיך געגעבען א לאָז צו דעם סקווער, וואָס איז מיט א שווארץ־אייזערנעם צוים ארומגערינגעלט. אזוי האָבען זיך מענשען־קערפערס צום שטאָהל און אייזען זיך געפּרעסט און געשטיקט, און פרויען־בריסטען, און קינדער־לייבער זיינען אויף די שפּיצען פון דעם אייזען־צוים געבליבען הענגען, בעגיסענדיג דאָס קאלטע אייזען מיט דעם ווארעמען בלוט פון זייערע יונגע לעבענס...

און גאנץ ליידיג און וויסט איז שוין געוואָרען פאר'ן טהעאטער־פּלאַץ. פון דער ווייטענס האָט נאָך אָבגעקלונגען אן איינזאם היסטעריש געוויין פון אן ענטלאָפענער מוטער, וואָס האָט איהרע קינדער דאָ איבערגעלאָזען... איבער דעם ברייטען, ווייטען טהעאטער־פּלאַץ זיינען געלעגען טוידטע קערפּער, בעשמוצט אין זייער בלוט, ס'האָבען זיך ארומ־געוואלגערט איינצעלנע אָבגעהאקטע מענשליכע גליעדער, פרויען־קאפּעלושען, אויסגעריסענע האָר פון פרויען־קעפּ...

רעוואָלוציאָנערער שטימונג. עפּעס איינער איז מיט'ן צווייטען נאָהענ־טער געוואָרען, חבר געוואָרען, און אַלע האָבען זיך דערפיהלט, אַז עס איז געשעהן אַ זאַך וואָס געהער זיך מיט אַלעמען אָן.

אויפ'ן באַלקאָן פון ראַטהויז האָט זיך געוויזען דער פּאָליצמייס־טער, אַ טהייל פון פּובליקום האָט איהם בעגריסט... און ער האָט זיך גענייגט... איין רעדנער, אַ צווייטער, אַ דריטער רעדנער — האָבען פערלאַנגט פון איהם אין נאָמען פון פּאָלק, אַז ער זאָל בעפרייען די פּאָליטישע ארעסטירטע, מיט וועלכע עס זיינען דורך דעם קריעגס־צושטאַנד פול געוואָרען אַלע טורמעס, אַסטראָגען, שלעסער און גלאַט קאַזארמעס. ער האָט צוגעזאָגט צו בעפרייען די, וועלכע ער האָט ארעס־טירט און זיצען ביי איהם אין ראַטהויז. דער עולם האָט פון זיך געמאַכט צוויי רייהען. דאָס הויכע, שווערע טהויער פון ראַטהויז האָט זיך אויפגעעפענט און עס האָט זיך בעוויזען די ערשטע פּאָליטישע ארעסטירטע. דאָס איז געווען אַ הויכע מאָגערע פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנד, איינגעוויקעלט אין אַן אַלטען צוריסענעם טוך. די פרוי האָט מען געפיהרט דורך די רייהען אונטער דער חופּה פון אַ רויטע פאָהן. די מוזיק פון טהעאטער־באַלקאָן האָט אָראָבגעגאָסען אַ ישאַל־מעלאָדיע און דאָס צעהן־טויזענדע פּובליקום האָט זי בעגריסט מיט אַ דונער־שטאַרקען „הורא!“ אַזוי האָט מען ארויסגעלאָזט פון ראַטהויז אַ צוואַנציג, דרייסיג ארעסטירטע.

און ווידער אַמאָל האָט זיך דאָס גרויסע שווערע טהויער פון ראַטהויז פערקלאַפּט מיט זיין אייזען־ריגעל פאַר די אינווענינגסטע.

נאָר דאָס פּאָלק איז אַלץ ווייטער געשטאַנען. אויפ'ן באַלקאָן ווייזט זיך ווידער אַמאָל דער פּאָליצמייסטער מיט אַ ברוסט בעלעגט מיט אָרדענס און נייגט זיך צום פּאָלק... זיין פרוי שיקט צום פּאָלק דורכ'ן פענסטער מיט דער האַנד קושען אַראָב...

און דאָס פּאָלק בעגריסט זיי...

נאָר נאָך ווילט זיך דאָס פּאָלק. נאָך איז ניט פערזויערט געוואָרען דער דאַנקבאַרער שמייכעל אויפ'ן בעל־הבית'ס געזיכט, וואָס דעם פּאָ־ליצמייסטער'ס ערשיינונג האָט ארויסגערופען אויף איהם. מיט אַמאָל, פּלוצלונג, מען ווייס ניט ווי אַזוי עס איז געוואָרען, אין פּובליקום ווייזען זיך קאָזאַקען אויף פערד, דאָס פּאָלק בעגריסט זיי... אַ פרוי שטרעקט איהר האַנד אויס צו אַ קאָזאַק.

און עס האָט זיך געדאַכט, ווי זיי וואָלטען פון א הוילען פאַס אַרויס־געגאַנגען:

„מיר שווערען! מיר שווערען!“

דאָס איז געווען די שבועה פון זיי דאָרט, פון שוואַרצען פייכטען, גרויסען פּאַוויאַק...

דער פרייהייטס־טאָג איז אין די שטיבער אריינגעדרונגען און אַרויסגערופען אויף דער גאַס קינד און קייט:

— קומט געניסען פון פרייהייטס־טאָג!

און פערלאָזען האָבען די שטיבער פרויען און אַלטע לייט, מאַמעס האָבען זייערע זויגענדיגע קינדער אין די אָרעמס גענומען און שוועס־טערס האָבען זייערע אינגערע ברידערלעך ביי די הענדטלעך געפיהרט. מען איז געגאַנגען אין גאַס אריין צו „זעהן“ די פרייהייט.

בעלויכטען איז געווען ווארשא, און פריי האָט זיך געפיהלט ווארשא. דאָ און דאָרט האָבען זיך געזאַנגען געהערט, און דאָ און דאָרט האָבען זיך מענשען מיט זעלנער, מיט סטראַזשניקעס געקושט... און די פּאָליעס מענשען האָבען זיך געיאָגט איינער נאָך דער צווייטער און האָבען פערנומען דעם גרויסען טהעאַטער־פּלאַץ, וואָס איז פאַר'ן ראַטהויז.

פול מיט מענשען איז געווען דער פּלאַץ.

א גרויסע אונגעהייערע שוואַרצע מאַסע. די מאַסע האָט בעלויכטען פערשיעדען־קאָלירטע לעמפּלעך וואָס זיינען געווען אָנגעבונדען ביי די רויטע פּעהנער און אָן דעם קייזער'ס מאָנאָגראַם, וואָס איז געהאַנגען פאַר'ן ראַטהויז. פון דעם טהעאַטער־באַלקאָן האָבען זיך אָראָבגעגאָסען די מוזיק־טענער פון דער „רויטער פאָהן“. די טענער זיינען געפאַלען אין דער מאַסע אריין, די מאַסע האָט זיי צוריק אויפגעהויבען, און עס האָט א ווייטע עכאָ פון טויזענדער קולות ווייט־ווייט אָבגעקלונגען. דאָ און דאָרט האָבען זיך געהערט רעדעס פון אגיטאַטאָרען, די בעלי־בתים, וואָס האָבען מיט אַמאָל זייערע צימערען פערלאָזען נאָך מאָנאַטען־לאַנגען קריעגס־צושטאַנד, האָבען זיך איינגעהאָרכט מיט נייגיעריגקייט צו די רעדעס פון די אָראַטאָרען; זיי האָבען זיך צוגעריהרט מיט נייגיעריגקייט צו די רויטע פּעהנדלעך, וועלענדיג וויסען, ווי זעהט דאָס אויס, וואָס האָט נאָך נעכטען געשמעקט מיט טוידט און היינט איז עס שוין אַזוי אָפען... דער עולם האָט זיך מעהר געוויילט, קיין שפּור פון א

מאַסע נאָך דער צווייטער. יערע פּאַרטיי מיט איהר פאָהן. פאַר יעדער פּאַרטיי־מאַסע איז געשטאַנען אַ רעדנער אויפ'ן צווייטענ'ס אַקסעל, און גערעדט פאַר'ן עולם:

— .... מיר געניסען פון דער פרייהייט וואָס זיי האָבען אונז געגעבען, יעצט אין דער מינוט ווען זיי שמאַכטען נאָך אין די פינסטערע קאַמערען פון פּאַוויאַק! ניין! ניט פריהער וועלען מיר אַבטרעטען פון דאַנען, ביז זיי וועלען ניט זיין צווישען אונז!...

און וואָס אַמאָל מעהר זיינען אָנגעקומען איין הויפען נאָך דעם צווייטען, איין מאַניפעסטאַציע נאָך דער צווייטער און האָבען פערנומען די גאַנצע דזיעלנא, קאַרמעליצקאַ ביז נאָך לעשנאָ.

די קאַרמעליצקאַ גאַס איז אין איין מינוט געוואָרען בעלויכטען אין איין פלאַם פייער. אין יעדען פענסטער, פאַר יעדער טהיר זיינען געווען אַרויסגעשטעלט לייכטענדע לאַמפּען, ברענענדע ליכט און גרויס און קליין, יונג און אַלט האָבען פערוואונדערט געקוקט, וואָס טהוט זיך דאָ אָב.

פאַר'ן פּאַוויאַק, פּנים אין פּנים פון די מאַניפעסטאַנטען זיינען געשטאַנען קאָזאַקען אויף פערד, מיט די ביקסען אין די הענד און האָבען ניט צוגעלאָזט די מאַניפעסטאַנטען צום פּאַוויאַק צו. די מאַניפעסטאַנטען האָבען אויסגעשיקט פון זיך דעלעגירטע — פאָרשטעלען זייערע פערלאַנגען די אָפיצערען פון די קאָזאַקען:

— מיר ווילען אונזערע ברידער דאָ צווישען אונז! — האָבען די דעלעגירטע געזאָגט צו די אָפיצערען.

— חברים, לאָמיר אויפהויבען אונזערע שטימען, לאָמיר הויך זינגען אונזער פרייהייטס־ליעד, אַז זיי דאָרט אין די פינסטערע לעבער פון פּאַוויאַק זאָלען אונז דערהערען! זאָלען זיי וויסען, אַז מיר זיינען געקומען הינטער די טהויערען פון פּאַוויאַק זיי בעפרייען און פריהער וועלען מיר זיך ניט ריהרען פון אָרט ביז זיי וועלען ניט זיין צווישען אונז — האָט איינער געשריען פון עולם, רייטענדיג אויף אַ צווייטענ'ס אַקסעל.

„עדות וועלען זיין די ליכטיגע שטערען...."

אין פון ערגעץ־וואו גאַנץ טיעף, וואו עס מיז זיין יעדר טונקעל און פייכט האָבען שטימען פון ציטערנדיגע ברוסטען אָבגעענטפערט,

— פרייע בירגער!

פערגעסען האָט דאָס פאָלק די שנאה פון נעכטען, פערגעסען אָן די נקמה, וועלכעס זי האָט געשוואָרען ביי די קברים פון די קרבנות. פערגעסען האָט דאָס פאָלק אָן אַלעס. און איין גרויסע ליעבע האָט ארומגענומען דעם מענשענ'ס הארץ. און ברייט און ווייט האָבען זיך די אָרעמס אויסגעשפרייט:

— גאָט, ווי ברייט איז דיין וועלט!

און צו דעם טיראַנישען בעדריקער האָט דאָס פאָלק די האנד אויס־געשטרעקט, און הערצליך און ברידערליך זיין האנד געדריקט.

— זיי בעגריסט, דו פרייער בירגער!

און די פרייהייט האָט זיך אין דער לופט געטראָגען, אָנגעפילט דעם גאנצען רוים און ווער עס האָט די לופט געשעפּט האָט אין זיך די פרייהייט געפיהלט:

— זיי בעגריסט, דו פרייער בירגער!

נאָר דאָרט ווייט אין עק גאַס, צווישען די הויכע ציילען הייזער איז די זונן אונטערגעגאנגען אין אַ רויט געשטאלט, און אַ נעבעל האָט איינגעהילט די גאַס. דער רויטער זונן־אונטערגאנג האָט פון דעם נעבעל ארויסגעקוקט, און דערמאָנט אָן עפּעס...

עס האָט זיך געדאַכט, אַז דאָרט זיינען פערגליווערט געוואָרען די שטראָמען בלוט פון די טויזענדער יונגע לעבענס וואָס די איינע מינוט פרייהייט האָט אָבגעקאָסט, און פון דאָרט, פון יענער זייט וועלט ווינקט אהער צו אונז דאָס בלוט, און גריסט פון דער ווייטען:

— זיי בעגריסט, דו פרייער בירגער!

— צום פּאווויאַק! פאַר'ן ראָטהויז!

— בעפרייען די ארעסטירטע!

— אמנעסטיע!

פון עק גאַס קומט אָן צו ציהען אַ לאַנגע און אַ ברייטע מאַני־פעסטאַציע מיט רויטע פּעהנער און מיט געזאַנג. פאָראויס לויפט אַ יונגער מאַן מיט אַ שטעקען אין דער האנד, און מאַכט עפּעס מיט'ן שטעקען אהין און אהער. עס לויפט איין יונגער מאַן נאָכ'ן צווייטען, שטעלען אָב ווערמען זיי טרעפען אויפ'ן וועג:

— צום פּאווויאַק! צום פּאווויאַק!

פאַר'ן פּאווויאַק זיינען שוין געשטאַנען איין דעמאָנסטרירענדע

פארנאַכט.

די גאַס איז ווי זי וואָלט עפּעס געוואָרען פון גלות אויסגעלייזט... פון אַלע הייזער האָבען זיך טהיר און טהויער געעפענט. און כוואַליעס מענשען האָבען זיך פון די הייזער ארויסגעגאָסען. אין גאַס איז היימ־ליך. די גאַס איז פרעהליך.

אַלע מיט יום־טוב׳דיגע פנים׳ער, רויטע בלימלעך אין די קלאַפּעס, פרייליינס מיט רויטע בענדער אויף דער ברוסט, מיט געזאַנג אויף די ליפּען לאָזען זיך פון גאַס צו גאַס. איינער קען ניט דעם צווייטען, און איינער בעגריסט דעם צווייטען, מענשען קושען זיך אויף דער גאַס, אונבעקאַנטע מיט אונבעקאַנטע נעהמען זיך אין די אָרעמס, שפּאַציערען אינאיינעם, און זינגען אינאיינעם איין פרייהייטס־ליעד. א זעלנער מיט א ביקס זעהט מען אין גאַס ניט. די איינצעלנע זעלנער וואָס געהען אין גאַס, האָבען זיך אינאיינעם אויסגעמישט מיט׳ן פּובליקום, דאָרט קושט זיך א יונגערמאַן מיט א זעלנער, דאָרט כאַפּט דאָס פּובליקום א זעלנער אויף די הענד, און טראָגען איהם אין מיטען גאַס.

— בעגרים די פרייהייט!

— עס זאָל לעבען די פרייהייט!

— הורראַ!

אין די פענסטער ווייזען זיך אילומינאַציעס. פון איבער דעכער שיסען אויס ראַקעטען, וועלכע צינדען א האַלבען הימעל אונטער. און איבער די גאַסען גיסען זיך כוואַליעס מענשען, איינע אויף די צווייטע, אויף אַלע געזיכטער שיינט איין האָפענונג און עס גיסט זיך דאָס געזאַנג פון טויזענדער מיילער:

„און ריכטער וועלען דענסטמאָל זיין מ י ר!“

אַלט און יונג, קינד און קייט, זיינען אויף דער גאַס. פריי און אָפען איז אַלץ געוואָרען, עפּעס א גרויסער יאָך איז פון אַקסעל געפאַלען, און דיר דאַכט זיך אַז די גאַנצע וועלט איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין אַט יענע וועלט, פון וועלכע מיר האָבען זיך אין אונזערע קינדער־יאָהרען אַזוי פיעל לעגענדען אָנגעהערט — אין די פרייהייטס־וועלט וואָס איז אויף יענער זייט ים. דאָס פאָלק קושט דעם סאָלדאַט, וואָס עס טרעפט אָן אייפ׳ן וועג. שטעקט אָן די קעשענעס פון דעם סטראַזש־ניק מיט אַלע גוטע זאַכען. און וואַרעם דריקען איהם יונגע מענשען די האַנד און בעגריסען איהם:

— אויפרייסען! — שרייט דאָס פּובליקום, און הונדערטער הענד גיבען זיך אַ לעהן אָן אין טהויער.

— פערברענגען דאָס הויז מיט איהם אינאיינעם! — שרייען אנדערע.

עס בעוויזט זיך אָן אָפיציער אויף אַ טיש.

— „חברים! — גיט ער אַ געשריי — פערשמוצט ניט אייערע הענד אין זיין ברודיג בלוט. ברודיג איז זיין בלוט, וואָס האָט ניט פערשטאַנען די פרייהייט. גיט איהם איבער אין מיין האַנד, איך וועל איהם משפּט'ן."

— גוט! — שרייען קולות פון פּובליקום.

מען רייכט אויף דאָס טהויער, מען פיהרט אַרויס דעם קאָמיסאַר. דער אָפיציער רייסט פון איהם די שליפעס אראָב. אימיצער פון פּובליקום כאַפּט אַרויס דעם קאָמיסאַר'ס שווערד און צוברעכט איהם אויף שטיקלעך, מען גיט איהם אַ נעהם און צוויי יונגען פיהרען איהם הינטער'ן אָרעם אין צירקעל אריין.

— אַזוי ווי ער האָט ביז יעצט מיט אייך געטהאָן, אַזוי טהוט מיט איהם איצט.

אַך פּובליקום, פּובליקום, ווי לייכטזיניג דו ביזט...
אַך פּובליקום, פּובליקום, ווי אונבערעכענט דו ביזט.
עס ווערט שטיל.

פון דאָרט קומט אָן אַ מאַניפעסטאַציע. די מאַניפעסטאַציע טרעט אָב אָן אַ זייט, און מאַכט אַ וועג פאַר יענער. עס ווערט זעהר שטיל צווישען עולם. אַלע נעהמען די היטלען אראָב. אַלע בויגען די רויטע פאָהנען לכבוד יענער מאַניפעסטאַציע, וואָס קומט אָן צו ציהען פון מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס.

וואָס איז געשעהען?

רוהיג און שטיל געהט דורך די מאַניפעסטאַציע דורך די גאַס. צוויי סטודענטען טראָגען אַ טוידטען חבר אויף די אָרעמס, פאָראויס געהען איינינע פריילינס, טראָגענדיג דעם גע'הרג'עטענס מאַנטעל אין בלוט איינגעטונקט.

שטיל איז געווען די מאַניפעסטאַציע.
אָהן געזאַנג, אָהן רעדעס...

גלויבט זיינע אויגען ניט. דאָס פובליקום פערלאַנגט פון איהם ער זאָל דאָס היטעל אראָבנעהמען, ער טהוט דאָס מיט א אידיאָטיישען שמייכעל אויף די ליפּען. טהייל פון פובליקום שטעקען איהם די רויטע פאָהן אין האַנד אריין און נעהמען איהם מיט, פאָראויס. פּנים'ער ווייזען זיך אין די פענסטער, מענשען אויף די באַלקאָנען פאָכען מיט די ווייסע טיכלעך.

א מענש קומט אָן געגען דער מאַניפעסטאַציע:

— בעגרים די פרייהייט!

— עס זאָל לעבען די פרייהייט!

אן אָפיציער אויפ'ן טראָטואַר נעהמט אראָב דאָס היטעל.

— ניעדער מיט דער זעלבסט־הערשונג!

— ניעדער מיט דער זעלבסט־הערשונג — שאָקעלט מיט דער אָפיציער מיט'ן קאָפּ.

אויף א לייטער אין מיטען גאַס שטעהט א „בונדיסט" און רעדט צום פאָלק:

„מיר געניסען פון דער פרייהייט, בשעת די וואָס האָבען אונז געגעבען די פרייהייט שמאַכטען אין די קערקערס פון פאַוויאַק אין דעם צעהנטען פּאַוויליאָן!"

— צום פּאַוויאַק! — שרייט דאָס פובליקום.

— צום פּאַוויאַק!

עס קומט אָנצולויפען א קאָמיסאַר פון'ם צירקעל, דאָס האַרץ זיינס קען ניט פערטראָגען, וואָס עס טהוט זיך אין גאַס אָב. עס געהן דורך אייניגע זעלנער מיט ביקסען. ער לויפט צו צו די זעלנער און קאָמאַנדירט:

— שיסען!

— טרראַר־כך!

און עס פאַלען צוויי מיידלעך, זייערע האָאָר איינגעטונקט אין בלוט.

דאָס פובליקום גיט א רינגעל ארום די זעלנער, מען גיט א כאַפּ פון זיי די ביקסען ארויס. דער קאָמיסאַר אַנטלויפט אין אן אָפענעם טהויער, וואָס איז געוועזען געגענאיבער איהם.

דאָס פובליקום לויפט נאָך. ער האָט דעם טהויער פערקלאַפּט.

— גאָספּאָדין סטעפּאַן מיכאַילאָוויטש, — שטרעקט דער יונגער־מאַן צו איהם די האַנד אויס אויף „שלום עליכם“, ניע אוזנאַלי?

— אַ קטאָ טי טאַקאָי? — פּרעגט איהם דער רעווירָאָווע.

— יא ה־י־י־ם גאָלד־מאַ־כער. — דריקט אויס דער יונגערמאַן שאַרף זיין נאָמען.

— ניע זנאַיו קאַקאָי גאָלדמאַכער.—רופט זיך אָן דער רעווירָאָווע און ווענדענדיג זיך צום סטראַזשניק, מאַכט ער אויף זיין לשון: דיערזשי, דיערזשי.

— ניט דערקענט... — שאָקעלט דער יונגערמאַנטשיק מיט׳ן קאָפּ, רויט־טויט פאַר חרפּה.

— אַז עשו וויל ניט, דערקענט ער ניט. — זאָגט אַ איד.

— אין אוטשאַסטאָק וועל איך איהם שוין ווייזען. — שטאַמעלט דער יונגערמאַנטשיק פאַר חרפּה.

און אַזוי האָט מען אין גאַס שפּאַצירט, ביז עס האָט זיך געהאַט אָנגעזאַמעלט אַ שטיק 20—30, האָט מען אונז אין צירקעל אָבגעפיהרט.

פאַר דער טהיר פון צירקעל האָט מען בעגעגענט איינִיגע אַזעלכע „קאָמפּאַניעס“ און מיר האָבען בעגריסט איינער דעם צווייטען.

אַז מיר זיינען אין פאָדערצימער פון צירקעל געשטאַנען, האָט מען געהערט פון אינוועניג שרעקליכע געוואַלדען, געשרייען, אַזוי ווי פון אונטער דער רוט.

דער יונג פון הערינג איז צוגעגאַנגען צו דעם אידען, וואָס האָט זיך דורכאויס אָהיים געאיילט אויף דריי אַ זייגער צו מיטאָג, און קלאַ־פּענדיג איהם אין רוקען, מאַכט ער אַזוי:

— גרייט אייך צו, בעטער, צו די „לאָקשען“ וואָס מען טהיילט דרינען.

דער איד איז טויט־בלאַס געוואָרען.

---

דריי אַ זייגער.

מען זאָגט, אַז פּאָליציי האָט בעקומען אַ בעפעהל ניט צו שטערען די מאַניפעסטירענדע. די פּאַטרולען אין גאַס ווערען וואָס אַמאָל ווינציגער. וואָס אַמאָל ווייזען זיך מעהר זעלנער צווישען פּובליקום.

פון איין גאַס צו דער צווייטער ציהען זיך מאַניפעסטאַציעס מיט רויטע פאָהנען. דער סטראַזשניקביים עק גאַס שטעהט, זעהט און

— איך האָב אַ פּאַס. — זאָגט דער יונגערמאַנטשיק — און נעהמט אַרויס אַ ביכעל פון קעשענע — „חיים גאָלדמאַכער".

— יוסיף ראַוונאַ. — זאָגט דער בטראַזשינק — אין צירקעל וועט מען זעהען.

און ער געהט שוין צווישען אונז.

— איך האָב איהם אין דר'ערד, איך קום אין צירקעל אַריין, געה איך צו צום קאָמיסאַר — וועט איהר זעהן, כאַפּט ער די עליה: מיינער אַ גוטער בעקאַנטער, וואַרט, טאָמער טרעף איך דאָ דעם פּאָמאָשטשניק, אַ רעווירנאָווע פון צירקעל, אויפ'ן וועג — איך זאָג נור איין וואָרט.., זאָגט דער יונגערמאַנטשיק וואָס האָט אַ „פּאַס".

— הערר לעבען! — הויבט זיך אָן צו בעטען ביים „מאַכער" די אידענע — אַ לעבען אויף אייך, ראַטעוועט אַרויס אַן אומגליקליכע מאַמע, כ'האָב די קינדער אין קעלער איינגעשלאָסען.

— קאָוואַלעווסקי. — שטעלט זיך פּאָר פּאַר איהם דער יונגער־מאַנטשיק, וואָס איז געפּאָהרען נאָך דער הייבאַמע, און רוימט איהם עפּעס אַריין אין אויער.

— עס וועט שוין רעכט זיין, שוין רעכט זיין... ווינקט דער יונגער־מאַנטשיק וואָס האָט אַ „פּאַס".

— יונגער מענש, אַז איהר זיינט שוין יאַ אַזאַ בריה, טאָ לאָזט זעהען אייערע גבורות, — זאָגט צו איהם דער איד פון מיטאָג — און נעהמט אונז אַלע אַרויס פּאַר דריי אַ זייגער. מיר זיינען דאָך גאָט די נשמה שולדיג.

— לאָז מיך נור אַ שטיקעל רעווירנאָווע הינטער די האַנד אַרונטער־קריגען, וועלען מיר שוין דערנאָך רעדען.

— אָט געהט, געהט אַ רעווירנאָווע! — שרייט איינער פון די „פּאַרטיע", דערזעהענדיג אַ רעווירנאָווע אויפ'ן טראָטואַר.

דער יונגערמאַן, דער „מאַכער" קוקט לאַנג.

— אַ בעקאַנטער? — פרעגט מען איהם.

— יאַ, אַ בעקאַנטער, סטעפּאַן מיכאַילאָוויטש.

— פּאָזוואָלטיע, פּאָזוואָלטיע — שרייט דער יונגערמאַן און מאַכט מיט די הענד, ווי איינער וואָס ראַטעוועט זיך פון וואַסער אַרויס.

דער רעווירנאָווע קומט צו.

— א חורבן נאָך דעם געלעכטער.

אזוי שפּאַציערען מיר איבער דער טווארדא גאַס.

און דאָ לויפען מענשען, האַנדלען און וואַנדלען, שאַפען זיך געלד ווערסלען צו צאָהלען, — א פינף זעקלעך מעהל קויפען. א פּראָווינצער איד לויפט איינקויפען, און אהיים כאַפּען זיך, — ווייל די באַהנען וועלען זיך שטעלען.

א אידינע מיט עפּעל שטעהט ביי א לאַמטערן און פערקויפט עפּעלעך חדר־אינגלעך.

דעם סטראַזשניק געפעלט ניט די אידענע, אודאי „א אינטעלי־גענטקע", א „רעוואָלוציאָניסטקע", א קשיא אויף א מעשה, אז מיר זיינען געוואָרען איבערגעגעבען אויף דעם סטראַזשניק'ס פּסיכאָלאָגיע.

ער נעהמט די אידענע.

— א בייזע נאַכט אויף זיין קאָפּ! איינגעשלאָסען די קינדערלעך אין דער היים, ארויסגעלאָפען א פּאָר גראָשען לייזען און א ברויטעל קויפען.

— אידען, געוואַלד, וואָס טהוט מען?! די קינדער קענען דאָך אין דער היים פאר הונגער אויסגעהן.

אַן עצה איז דאָ דארויף? מיר געהען ווייטער.

— ווי לאַנג קען דער שפּאַציער דויערן?

— עס זאָל זיך כאָטיש ענדיגען פאר דריי, איך האָב מיטאָג פּונקט דריי א זייגער. מיין ווייב וואָלט מיר דעם טויט געמאַכט, ווען איך וואָלט מיך פערשפּעטיגט. — רופט זיך אָן איינער צווישען אונז.

— איהר וועט עסען מיטאָג, ברוך השם, אָהן דעם ווייב, אין אַן אַנדערע חברותא. — איז איהם מבשר דער יונג פון הערינג.

— אודאי ניט דאָס ערשטע מאָל ביי איהם. — טרעפען טהייל אויף דעם יונג — מיטגעמאַכט שוין אמאָל די חתונה? הע?

— מיטגעמאַכט, וואָס דען?

— נו?

איהר וועט פערזוכען — וועט איהר געניסען...

ביי ענדע קרולעווסקא גאַס האָט דער סטראַזשניק א יונגענמאַנ־טשיק וואָס האָט געוואָלט פלינק אויף יענער זייט טראָטואר דורכגעהן, אָבגעשטעלט.

— שטעה!

— שליעדזשאַ מאַם — איך האָב אַ הערינג, ווייזט דאָס אינגעל דעם סטראַזשניק דעם אויפגעוויקעלטען הערינג, פון וועלכען טראָפּען זאַלץ האָבען געראונען.

— ניטשעוואָ, אידי, אידי!

— מיך האָט די מייסטערין געשיקט נאָך אַ הערינג מיט אַ ברויט, פיהרט ער מיך גאָר אין צירקעל (אוטשאַסטאָק) אריין. זי קעהר אין דערהיים שוין לאַנג וואַרטען. — זאָגט דער יונג צו אונז.

— עס דערווייל דעם הערינג אויף. מען קען איהם דיר נאָך קאָנפיסקירען אין צירקעל.

— אודאי וועל איך אזוי טהון, וואָס דען מיינט איהר? — ברעכט דער יונג דעם הערינג אויף צוויי — אפּשר ווילט איהר, פעטער, פערזוכען? — דערלאַנגט ער די צווייטע העלפט מיר מיט מיין שכן.

דער איד וויל נים.

— חאָטשעטש, בראַט? — ווענדעט ער זיך מיט'ן האַלבען הערינג צו דעם זעלנער, וואָס געהט נעבען איהם.

— דאַוואַי, בראַט! — מאַכט דער זעלנער, און נעהמט דעם הערינג אריין אין ארבעל, און זויגט איהם בעהאַלטענערהייט, ווי ער וואָלט אַ פּאַפּיראָס גערויכערט, שטעהענדיג אויפ'ן קאַראַאול.

— טי כטאָי! — שרייט דער סטראַזשניק צו אַ דורכפאָהרענדע דראָשקע, דער זעלנער האַלט שוין דאָס פערד איין.

אַ דערשראָקענער יונגערמאַנטשיק, עלעגאַנט געקליידעט, קוקט ארוים פון דראָשקע.

— ווילעזאַי. בעפעהלט דער סטראַזשניק.

— גוואַלד, מיין ווייב געהט מיר צו קינד, איך פאָהר נאָך די הייבאַמע, — שרייט און בעט זיך דער יונגערמאַנטשיק מיט טרערען אין די אויגען.

— ניטשעוואָ, בראַט, ווילעזאַי! — בעפעהלט דער סטראַזשניק.

ער איז נעבעך אראָבגעקראָכען פון דראָשקע. אַ ברירה האָט ער געהאַט.

— זי מוז שוין געווינען. — קרעכצט דער יונגערמאַנטשיק.

— מזל־טוב, אַ בן־זכר. זאָגט דער איד.

— שטעלט, פעטער, לעקיך און בראַנפען.

יענע לאַכען.

גלויבען, דיינע שטרעבונגען, נאָך וואָס דו האָסט אַזוי היים געקאָכט אין אברהם׳ס אָדערן...

אברהם׳ס בלוט. — פערגאָסען אויף מארשאלקאָווסקי גאס אין דעם רינשטאָק. צו האָט ער כאָטש געוואוסט, דער סטאָראָזש פון מארשאלקאָווסקי גאס נומער 153, אז דאָס בלוט וואָס ער האָט אָבגעוואשען פון די שטיינער און אין זיין שאף אויסגעשווענקט — אין געווען דיין בלוט — דיין יונגעס, לעבעדיגעס בלוט ?!

איך האָב עס געקענט! — — —

---

מיט צוויי טעג שפּעטער.

פרייטאג.

איך בין אין גאס ארויס. א טריט צוויי—דריי פאר מיין טהיר בעגעגענט מיך א פּאטרול. דעם סטראזשניק — וואָס האָט געפיהרט דעם פּאטרול — האָט אודאי מיין אויסזעהן ניט געמוזט געפעלען. געהט ער צו צו מיר און מען נעהמט מיך אין מיטען אריין און מען הייסט מיר געהן. געה איך. א מינוט בין איך א יחיד: באלד געהט דורך א צווייטער איד, און האָט זיך אומגעקוקט הינטער זיך, דער סטראזשניק האָט עס בעמערקט, געגעבען א ווינק צו א זעלנער, ער זאָל איהם הייסען מוחל זיין. און מיר געהען שוין געפּאָרט.

— שלום עליכם, א איד.

— עליכם שלום, פעטער.

—אָבגעדאווענט, אָנגעביסען און געגאנגען אין גאס ארויס — מוכן ומזומן א גראָשען געלד פערדיענען. דאָס ווייב וואַרט מיט׳ן מיטאָג אויף מיר, האָסטו דיר א חתונה, זייער קאָפּ זאָל אזוי שטעהען צו טאנצען ווי מיינער שטעהט מיר, יעצט מיט זיי שפּאציערען צו געהען.

— וואָס קענען מיר טהון ?

— אז מיר זיינען אין גלות. — לעגט ער צו — אָבער ווי לאנג קען ער אונז פיהרען ?

— ווי לאנג עס וועט איהם געפעלען.

ניט לאנג זיינען מיר געווען א פּאָאר׳ל. מיר דערזעהען א דריטען צווישען זיך. געוועזען איז עס אן ארבייטער־אינגעל מיט א פּעקעל אין דער האנד.

עס איז ווער געפאַלען איבער מיר.
מיין קאָפּ ליעגט אויף עפּעס זעהר ווייכעס.
עס איז מיר זעהר פינסטער אין די אויגען...

---

מיטוואָך.
זעהר פריה פריהמאָרגען.

די וועלט איז נאָך איינגעהילט אין האַלבען נעבעל, דאָ און דאָרט קערעווען זיך ארויס פון וואָלקען הויכע רייהען הייזער — א גאַס.

לעער און לעדיג איז די גאַס, קיין מענש, קיין פערד, קיין הונד. נור געדיכטע פּאַטרולען זעלנער געפּיהרט פון א גאָראָדאָוואָי שפּרייזען דורך די גאַס. און די בעליידיגטע הייזער, טריבע, פער'יתום'טע. עס דאכט זיך, אז די איינוואוינער זיינען אין זיי אויסגעשטאָרבען. אין יעדען פענסטער א מת בעדעקט מיט א שווארץ ליילעך, און די זעלנער היטען קאַטאַקאָמבען...

לויות ציהען זיך איבער'ן גאַס, פון שפּיטאָל אויפ'ן בית־עולם. די קרבנות פון די מאָנטאגדיגע דעמאָנסטראַציאָן. א שווארצער קאַסטען געצויגען פון א בלינד פערד. א קרייז פון פּאָרענט, א טאַטע אָדער א מאַמע נאָכ'ן קאַסטען...

און זיי מישען זיך אויס, די זעלנער מיט די לויות, און די שטאָהלענע קרייזען קוקען ארויס פון די שטאָהלענע זעלנערישע פּיקעס. און זיי שלעפּען זיך די שווארצע קאַסטענס ווי די קויהלען־וועגען פון דער טאָווערנאָוועגען, דורך די אייזען־גאַס...

ווער זייט איהר יונגע קרבנות? האָט מען חאָטש אייערע נעמען פערצייכענט?

מיין חבר אברהם! ליעגט אפשר דיין קערפּער אין איינע פון די וועגען? — נור איך האָב דעם וואָגען ניט דערקענט — ווייל אַלע זיינען געווען גלייך.

א קרייז פון פּאָרענט, א טאַטע, א מאַמע פון הינטען, פון ביידע זייטען מיט פּאַטרולען זעלנער בעגלייט.

שרייבענדיג די ווערטער, ליעגט מיין טיכעל פאר מיר, מיין טיכעל דורכגעווייקט אין דיין בלוט, אין דיין יונגעם בלוט.

אברהם'ס בלוט, אברהם'ס בלוט! איך האָב דיך געקענט. איך האָב געוואוסט דיינע ליידען, איך האָב אבער אויך געוואוסט דיין

און שטאַרק זאָג דיין וואָרט, וואַרף דיין וואָרט אין מענטשענס געזיכטער.
שאַרף און שטאַרק, ווי דיין האַמער, ווי דיין האַנד איז.
און פון טוויזענדער בריסטען איין געוואַלד, איין געשריי און איין קול:

און די „שבועה“, ווי גאָט׳ס וואָרט, ווי א ווינד וואָס איז אָקאָרשט אַרויסגעלאָזט פון דעם אונטער דעם „אוצר הרוחות“ טראָגט זיך אין גאַס. דער „יחיד“ איז אויס יחיד געוואָרען. יעדער איז געוואָרען א חלק אין דעם גרויסען, גרויסען כלל — אין דעם פייער פון אחדות — וואָס איין אונגעהויערע, אונבעוואוסטע קראַפט האָט זיי אַלע צוזאַמענגעבונדען.

פייער, אָרימקייט, דיין יום־טוב, דיין רויטען יום־טוב — דעם יום־טוב פון דיינע הרוגים!

זעלנער קומען אָן.

א גאַנצע ראָטע. א מינוט האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט. א מינוט האָט זיך די מאַסע אויך אָבגעשטעלט. באַלד ווי גאָר נישט. איינער איז אַריין אין צווייטען, און עס איז שטיל געוואָרען, זעהר שטיל.

צוויי רוחות האָבען א מינוט איינער דעם צווייטען אין פּנים געקוקט.

מען האָט נאָך ניט געוואוסט צי האָט זיך שוין אָנגעהויבען... מען האָט נאָך ניט פערשטאַנען וואָס דאָס איז. — עפּעס א ווינד איז דורך אונזערע קעפּ דורכגעפלויגען.

— טראַכ־כ־ך!

דאָ און דאָרט האָבען זיך מענשען איינגעבויגען אין דער מאַסע. און אין דעם ים קעפּ זיינען עפּעס לעכער געוואָרען. טראַכ־כ־ך!

א ווינד האָט מיין קאַפּעליוש אַראָבגעשלעפּט.

מיין חבר אברהם בייגט זיך איין.

— וואָס איז דיר?

ער ענטפערט מיר נים.

— זוכסט עפּעס?

זיינע פיס גליטשען זיך אונטער איהם.

איך בייג מיך אַראָב, איך טאַפּ אָן, עפּעס זעהר אַנגענעהם רינט מיר דורך מיין האַנד.

וואָס איז דאָס?

ווי אַ מידער רונד בין איך אויף מיין בעט געפאַלען, און לאַנג, לאַנג אין דער פינסטערער נאַכט געקוקט. דאַכט זיך איך האָב איבער עפּעס וואָס געקלערט.

נור וואָס — געדענק איך ניט.

---

מאָנטאג.

די זון האָט אין מיין פענסטער געקוקט, בעגאָסען מיין אָרים שטיבעל מיט ליכט, און מיין האַרץ האָט עפּעס ניט־ווילענדיג אָנגעהויבען צו קלאַפּען:

— מענש, שטעה אויף!

און אָנגעצינדען מיט ענערגיע האָט עס מיך פון די טרעפּ געהויבען. איך בין אין גאַס געקומען. שטיל איז אין גאַס. די געוועלבער זיינען צו, די שוי־פענסטער פערהאַקט. מאַסען מענשען דרעהען זיך איבער די טראָטואַרען, רוהיג, מיט איינגעהאַלטענע טריט, האַנד ביי האַנד, אַקסעל ביי אַקסעל. און איין נשמה לעבט אין דער שוואַרצער מאַסע, אַ נשמה פון אחדות, פון איין טהייל לעבען...

עס קומט צוגעהן אַ מענשעל און וואַרפט אַ וואָרט... און ווערט פערשוואונדען. מען ווייסט ניט ווען, ניט וואו. און דער עולם איז שוין אַראָב פון טראָטואַר, פערנומען די גאַס, און מען געהט.

צוויי הויכע שערענגעס הייזער ציהען זיך גאַנץ ווייט אַוועק און ווערען ערגעץ ווייט פערנעבעלט. און צווישען די שערענגעס הייזער — די מאַסע, אַ ים קעפּ.

און אויף דעם ים קעפּ שווימט, ווי אַ זעגעל־בוים, אַ פאָהן אַ רויטע, און ווייזט אַ וועג...

ניט פון גאָלד געדעפט, ניט רייך געפּיצט איז די אַרבייטער־פאָהן. אין די שוואַרצע נאַכט, אין פינסטערן קעלער, האָט די מאַמע — די נויט — דעם פאַדעם געשפּינט, די שוועסטער — די סיגאַרעטניצע (פון דער טאַבאַק פאַבריק), האָט די פעדעם אויף דעם וועב־שטוהל אויפגעצויגען. און דער ברודער — דער דלות, האָט די פאָהן געשפּינט.

אין בלוט זיינען די פעדים געטונקט געוואָרען; אין בלוט פון די הרוגים, פון אָרימקייט, פון נויט און דחקות.

פלאַטער אָרימקייט, פלאַטער איבער דעם ים קעפּ. און שאַרף

— חברים! — רופט זיך אָב דאָס פריילין, נאָכדעם ווי זיי זיינען ארויס — ווארשא איז געוואָרען ערקלערט אין קריעגס־צושטאנד, דער גענעראל־גובערנאטאָר האָט געגעבען א בעפעהל די זעלנער צו שיסען ביי דער קלענסטער מאסענפערזאמלונג!

— חברים! עס לוינט זיך צו אָפּפערן א געוויסע צאָהל קרבנות אויף אזא מאניפעסטאציאָן. עס שרייט אין די גאסען! — האָט זיך אָבגערופען א קול פון אן אָנגעזועהענער פערזאָן.

— געוויס! — האָבען זיך אָבגערופען אנדערע קולות, ווי מען וואָלט מענשען־לעבענס געצעהלט ווי ארבעס...

איך פרעג אין דער שטיל מיין חבר אברהם'ן, אויב איך מעג מיך אָנרופען. א פאָר „גענעראלען" האָבען מיך שטרענג אָנגעקוקט.

— חברים, זאָג איך, יעדען מענשענס לעבען איז א היילינגטהום פאר זיך בעזונדער, א וועלט בעזונדער. מען טאָר ניט שפּיעלען זיך מיט יענעמס לעבען אויף צוועקען, מעג דער צוועק זיין ווי הייליג. איך האָב נור רשות אויף מיין אייגענעם לעבען, אבער קיינמאָל ניט אויף יענעמס...

מען איז מיך בעפאלען ווי מיט האָגעל:

— מיר דארפען ניט קיין רחמנות.

און אפשר האָבען זיי רעכט.

זיי זיינען וועג־ווייזערס, בויערס פון א נייער וועלט, און יעדער איז נור א ציעגעל צו בויען די נייע וועלט. איך בין א צובראָכענער, אָרימער זינגער, איך זעה אין יעדען מענש, אין יעדען אינדיווידואום א בעזונדערע וועלט פאר זיך אליין... איך וויל שוין גאָר ניט רעדען.

מיין חבר האָט מיך צוריק אראָבגעפיהרט.

לאנג האָב איך מיך גאָס איין, גאָס אויס געדרעהט, פיעל מאָל האָט מען מיך אָבגעשטעלט, מיין פאס בעקוקט, פיעלע פאטרולען האָב איך אויפ'ן וועג בעגעגענט פיהרען מענשען אין צירקעל אריין. ווי משוגע בין איך ארומגעלאָפען. דאָך צום סוף זיך צו מיין וואָהנונג דערשלאָגען...

אז איך בין ארויף די שווארצע, הויכע טרעפּ, האָט מיר אן אָדער צי אין מח, צי אין הארצען געקלאפט:

— מאָרגען פאר'ן פאוויאק!

און אזוי גרויזאם, אז די האָאר פון קאָפּ האָבען זיך אויפגעשטעלט, די גאַנצע שרעקליכקייט פון אַ מענש, ווען ער דערזעהט דעם טויט פאַר זיך, איז געווען אין זיין געשריי.

— מאמע... לעבען... מאמע... מאַם...

פון די געוואַלדען האָט זיך די גאַנצע פעסטונג אויפגעכאַפּט, ווייבער און קינדער האָבען זיך אין די פענסטער געוויזען. מען דער־צעהלט אַז לאַנג, שוין זעהר לאַנג, האָט מען ניט געהערט אין שלאָס אַזעלכע געוואַלדען.

צוויי קאָזאַקען האָבען איהם פאַר די האָאר גענומען, די איבריגע ביי די הענד און פיס און האָבען איהם צו דער תליה געטראָגען.

און די פויק האָט געקלאַפּט הויך, שטאַרק, וואָס אַמאָל העכער, שטאַרקער, נור דעם אונגליקליכענס געוואַלדען האָט זי ניט געקענט פערטויבען.

אַז מען האָט איהם אויף דער תליה אַנידערגעשטעלט, האָבען זיך די פיס הינטער איהם געבראָכען, און ער איז געפאַלען הינטער זיך, האָבען איהם צוויי קאָזאַקען דעם קאָפּ מיט געוואַלד הינטער דער פעטליע אריינגעשטעלט...

— מאמע... מאַם... — האָט זיך נאָך געהערט דאָס לעצטע מאָל דער אויסרוף פון אונטער דעם תליון'ס שטריק.

אין אַ מינוט ארום האָט שוין אַ מענש — אַ שמאַטע געהאַנגען, און איז שוין זעהר שטיל, זעהר רוהיג געווען...

דער עולם האָט די „מעשיות“ אויסגעהערט שטיל, אָבער דאָך געגוג גלייכגילטיג; זעהט זיך אויס, אַז זיי זיינען געוועהנט מיט אַזעלכע „מעשיות“ און עס מאַכט שוין אויף זיי קיין איינדרוק ניט.

דער עולם האָט זיך יעצט גענומען האַנדלען איבער דעם, ווי טעכניש די מאַניפעסטאַציע אויסצופיהרען, צו פערשטענדיגען זיך מיט אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, א. ד. גל.

אינדעם קלאַפּט מען אין טהיר.

דער עולם ווערט שטיל.

מען גיט אַ פּאַראָל און אַ קליין מענשיל גיט אַ קום אריין און פיהרט מיט נאָך ווער מען דאָרט. מען רוימט זיך עפּעס.

עס ווערט זעהר שטיל.

די אָנגעקומענע פערלאָזען באַלד דאָס חדר.

אין אַ ווינקעל איז געזעסען איינער אַ יונגערמאַן, זעהר מאָדנע אָנגעטהון (דערנאָך בין איך געוואָהר געוואָרען אַז עס איז אַ זעלנער פון שלאַכט), און האָט דערצעהלט פון דער נאַכט, ווען מען האָט יענקל'ן זיין רעכטס געטהאָן.

זיכער, מיט רוהיגע טריט איז יענקל געגאַנגען, געפיהרט צווישען די צוויי זעלנער צו דער תליה, און שטעהענדיג אויף דער תליה, איידער דער תליון האָט איהם דעם שטריק איבער'ן האַלז פערלעגט, האָט ער זיך געווענדעט צו די זעלנער, צו די אָפיציערען:

„זעהט, מענשען זיינען זיך מוסר נפש, געהען מיט זיכערע טריט צום טויט, קעמפפענדיג פאַר די פרייהייט, פאַר אַ בעסערע צוקונפט, פאַר אונז, פאַר אייך...“

דער אָפיציער האָט געהייסען פויקען אַז מען זאָל ניט הערען, וואָס ער רעדט. נור דער זעלנער פון דער פויק, האָט זיך אַ מינוט פערוויינערט, געוואָלט הפנים אויסהערען, וואָס טראַכט אַ מענש פאַר'ן טויט.

און עס האָט זיך נאָך געהערט זיין קול...

— באָמ־מ־מ־ם! — האָט די פויק געקלאַפּט.

און שוין — אַ לאַנגער כאָרכעל, אַ צאַפּלען מיט די פיס, און פאַר אונזערע אויגען האָט שוין געהאַנגען אַ טויטער קערפּער, איינגעוויקעלט אין אַ קאַפּאָטע, טויט און שטום, נור מיט אַ טיעפען סוד פון „יענער וועלט“...

נאָך יענקל'ען האָט מען ארויסגעפיהרט אַ צווייטען בחור, וועלכען מען האָט געהאַט בעשולדיגט, אַז ער האָט געשאָסען אויף אַ קאָזאַק.

דאָס איז נאָך געווען אַ יונג קינד, פון אַ יאהר 17—18, בלייך אויפ'ן פנים, דאַר, און שרעקליך שוואַרצע אויגען, וועלכע האָבען זיך געוואָרפען אין זיין בלייך פנים ווי מייז־לעכער. די אימה פאַר'ן טויט איז איהם געלעגען אויפ'ן פנים. ניין, ער איז נאָך ניט געווען צוגעגרייט צום טויט, נור פערשטאַנען האָט ער די שרעקליכקייט פון דעם אויפהערען צו זיין, און ער האָט געוואָלט לעבען, ווייטער לעבען, אין אַ פינסטערען קערקער, אַבי נור די האָפנונג ניט צו פערליערען, לעבען.

ניט געוואָלט האָט ער געהן צום טויט, האָט ער זיך פאַר די וואַנד געכאַפּט, און געמאַכט שרעקליכע געוואַלדען...

נור די געוואַלדען זיינען געווען אַזוי אונמענשליך, אַזוי שרעקליך

דעם „דאָרט“ האָב איך שוין פערשטאַנען וואָס ער מיינט און איך האָב איהם ערשטוינט אָנגעקוקט.

ער האָט פערשטאַנען, וואָס איך מיין.

— עס שאַדעט נישט, זאָגט ער, דו געהסט מיט מיר.

און מיר זיינען געגאַנגען.

איך געדענק ניט ווי און וואוהין. ער האָט מיך ערגעץ וואו אין די יודישע גאַסען פערפיהרט, אריין מיט מיר אין א לאַנגען, שוואַרצען קאָר־רידאָר, דערנאָך אויף טרעפּען, און אריום אונז איז אַזוי שוואַרץ געוועזן. דאַכט זיך, אַז נישט די רוסישע ביוראָקראַטיע איז עס אימשטאַנדע צו געפינען, ניט אפילו דער טייפעל אַליין. אַרויפגעהענדיג אויף די טרעפּען, האָט מיין האַרץ געקלאַפּט. אָט דאָ קום איך אין ריכטיגען „מקור“....

מיין חבר האָט ערגיץ וואו אָנגעקלאַפּט, צי אין א טהיר, צי אין א וואַנד, געגעבען א פּראַל און א טהיר האָט זיך געעפענט.

מיר זיינען אין א קליין פינסטער שטיבעל, וואָס דער פלאַם פון דעם ברענענדיגען לעמפּעל איז פערטרינקען געוואָרען אין א וואָלקען רויך פון פּאַפּיראָסען אין רעפּ. איידער מיר זיינען אריין, זעהט זיך אויס, האָט מען געמוזט זיין פערנומען אין זעהר אַן ערנסטען שמועס, נאָר ביי אונזער אריינקומען איז דער שמועס געוואָרען איבערגעהאַקט, און עס איז זעהר שטיל געוואָרען.

איינער האָט אויפ׳ן צווייטען געקוקט.

אויף א בעט, ביי א קליין טישעל איז געזעסען א פריילין מיט זעהר שוואַרצע האָר, אריום איהר האָבען זיך יעצט ארומגעקליבען א פּאָר יונגע לייט און מען האָט זיך אָנגעהויבען צו סוד׳ען.

אין דער ליפּרע איז איך אריין מיין חבר אברהם, ער האָט עפּעס זעהר ערנסט גע׳טענה׳ט, מעהר מיט די הענד, ווי מיט׳ן מויל. איינינע האָבען פּראָטעסטירט, האָך, נאָך א לאַנגע ווייַלע האָט זיך דאָס פריילין אָבגערופען:

— חברים, רעדט ווייטער:

ווי עס האָט זיך דערנאָך אַרויסגעוויזען, האָט מען גערעדט וועגען א גראַנדיעזער מאַניפעסטאַציע אויף מאָרגען צום צעדרנטען פּאַווילִיאָן, פּאָדערן די קערפּער פון די טויט־געשיסענע חברים: יענקל׳ס און נאָך אַנדערע.

קראָגען א טהייל פון „עולם“, זעלנער מיט געוועהר יאָגען, ווער עס קאָן, כאַפּט זיך אריין אין די טהויערען. די סטרוזשעס האָבען די טהויערען פערשלאָסען, און לאָזען נישט אריין. אויף די גאַסען לויפען נאָך ארום איניגע יונגע מענשען, וואָס האָבען זיך נישט געקענט ארויסקריגען, און מיט דעם בעוואוסטזיין, אז אָט פאַלען זיי פון די קוילען, לויפען זיי ווי משוגעים ארום, זוכענדיג ערגיץ אָן אָרט זיך צו בעשיצען. איינער, א יונגער מענש, איז אָנגעקומען צו אונזער טהויער. מיר האָבען איהם געזעהען דורך אונזער פענסטעריל. מיט די אויגען האָט ער געבעטען, אז מען זאָל איהם אויפעפענען. מיר אָבער האָבען דעם שליסעל ניט געהאַט. מיר האָבען געפּרופט די טהיר צו צוברעכען — אָבער אונמעג־ליך. און ער שטעהט פאַר'ן טהויער. קוקט מיט די אויגען און בעט זיך שטום.... איך בייס די נעגעל פון מיינע פינגער....

אָט! עס האָט זיך געהערט א שיסעריי.

עפּעס וואָס איז אנידערגעפאַלען פאר אונזער טהויער....

איך האָב נור געהערט דאָס לעצטע וואָרט: גאָט!

---

בייי־נאַכט.

איך האָב דעם לופט־שיק פון מיין פענסטער אויפגעעפענט:

עס איז שוין גאָר שפּעט אין דער נאַכט. איך שטעה אין פענסטער. מיין פענסטער איז אויף א פינפטען שטאָק — ביי טאָג זעהט מען דער־בער, קוימענס איבער קוימענס. די נאַכט איז שוואַרץ, ווי אין א ים. אין די שווארצע נאַכט קען איך נור אָבשיידען די שווארצע שאָטען פון די פאבריקען־קוימענס. איך הער א געוואַלד. — מענשען לויפען. דעם אויער רייסט דורך אַן עכאָ פון אַ שיסעריי.

איך האָב דעם לופטשיק צוריק צוגעמאַכט...

עס איז נאַכט. אימיצער קלאַפּט אין מיין טהיר.

— ערלויבט.

עס קומט אריין מיין חבר אברהם. ער ווינקט צו מיר. „וואָס איז?“

— ווילסט געהן?

— וואו?

— דאָרט אהין...

איז געשטאָרבען איינער פון די פּאָליטישע ארעסטירטע. טויזענדער האָבען זיך צוזאמענגעקליבען פאר'ן פּאוויאק און פערלאַנגען דעם טויטען. זעלנער זיינען בעפאָלען דעם עולם און אָנגעהויבען צו שיסען. דער עולם איז געשטאַנען ווי א וואַנד, און עס זיינען געפאַלען איין קאָפּ נאָכ'ן צווייטען....

א פערוואונדעטען האָב איך געזעהען. די קויל איז איהם אין בויך אריין, דאָס בלוט האָט זיך געגאָסען, ער איז אומגעפאַלען, דער פּאָליציסקער איז צו איהם צו און האָט איהם געשלאָגען. דאָך זיין פערלאַנג איז אויף זיינע ליפּען געלעגען, ביז דער שכל האָט איהם נישט פערלאָזט.....

בין איך געגאַנגען ווייטער, האָב איך געטראָפען א משוגענעם זעלנער, א צוריקגעקומענער פון דער מלחמה, מיט א הויכען פוטערען הוט, און א דאַר אויסגעמאָגערט פּנים, וואָס די אויגען האָבען זיך (האָט זיך געדאַכט) געקאָליטשעט צווישען צוויי דאַרע ביינער. דער משוגענער האָט זיך געוואַקעלט אהין און צוריק, און עפּעס גערעדט צו זיך. ער האָט מעהר דעם איינדרוק געמאַכט פון א שיכור'ן איידער ווי פון א משוגענעם.

א משוגענער אין א זעלנערישען מאַנטעל!
א נרדף אין א זעלנערישען מאַנטעל!
ווי טרויעריג דאָס איז!

---

מיט 2 שעה שפּעטער.

איך בין געגאַנגען אין גאַס, טויזענדער איילען זיך אהין צום פּאוויאַק, קיינער ווייסט נישט, אויב ער וועט צוריק קומען. די אַלע זיינען גרייט מקריב צו זיין זיך אויף קדוש השם. מיט געוואַלד ארויסבעקומען דעם טויטען.

א מלחמה בעשאַפט העלדען...

---

אויף דער נאַכט.

איך געדענק שוין נישט אויף וועלכע גאַס. איך ווייס נישט מעהר א שמאָלע גאַס, צוויי הויכע ציילען הייזער שטעהען שטום. אין די עקען שטעהען זעלנער מיט ביקסען, לאָזען נישט אדורך. פון איין זייט איז בעלייגט מיט זעלנער, און אין דער גאַס האָט מען אריינגע־

דאָנערשטאג, דעם 24־טען.

היינט בין איך געווען אויף די לויה פון די ניין גע׳הרג׳עטע פוי־ערים, אין קוטנע.

איך בין געווען אונטער א שרעקליכען איינדרוק. די שררים האָ־בען געטראָגען די טרוגעס, דאָס פאָלק איז געגאנגען קעפ איבער׳ם קעפ און האָבען שטיל געשוויגען. יודען זיינען זעהר פיעל מיטגעגאנגען אין די היט אָנגעטהון. אלע האָבען געוויינט אין דער שטיל. אן ערנסטע הארמאָניע האָט אלע צוזאמענגעבונדען, און עס האָט זיך גע־דאכט, אז זיי נעהמען נקמה פון די מערדער מיט זייער שטילשווייגען. אם שטארקסטען האָט אויף מיר דעם איינדרוק געמאכט דאָס רעליגיעזע געזאנג פון די גייסטליכע און פאָלק. איך האָב עפּיס אָנגעהויבען צו גלויבען, אז די מענשען גלויבען, אז עס איז דאָ ווער, וואָס וועט זיך אָננעהמען זייער קריוודע... און איך האָב געוואָלט גלויבען, און האָב געגלויבט, אז עס איז דאָ ווער, אז די וועלט איז ניט הפקר. דאָס געזאנג האָט מיך זעהר געצויגען — און איך בין נאָכגעגאנגען. די יודען אין די היט צו־זאמען מיט די מאסע מענשען — האָט מיך עפּעס געפרעסט, און מיך טרויריג־גוטיג געמאכט. עפּיס ווילט זיך אזוי זיין אין איינעם, געהע־רען צו ווּעמען....

די מאמע פון דעם גע׳הרג׳עטען יונגעל, די פויערטע, האָט גע־וויינט: „ווי וועל איך קוקען אויף זיין געדעקט בעט ? !" מיך האָבען די ווערטער דערמאָנט זעהר פיעל מוטערליכעס — (איך האָב מיך דער־מאָנט אָן מיין מאמע, זי איז אין אמעריקא — איך בין דאָ — ) און, אך, גאָט, ווי שעהן איז דיין וועלט, און וויפיעל צרות געפינט זיך אין דיין וועלט !

איך ליעב זעהר דאָס פויערען־פאָלק. ביי זיי איז דאָס נאָך אזוי ערנסט, אזוי ערנסט, און פראכט ווי די ערד אליין !

---

5־טער אפּריל

איך בין אין ווארשוי.

לעבעדיג איז אויף די גאסען. טויזענדער לויפען און זיינען גרייט מקריב צו זיין זיך אויף קדוש השם....

אין פּאוויאק (א טורמע, וואו עס זיצען פּאָליטישע געפאנגענע)

# מאָמענטען פון די פרייהייטס-טעג

## די ערשטע טעג....

היינט, דעם 22־טען מערץ, אין יאָהר 1905 (דאָס ערשטע מאָל אודאי אין מיין לעבען ווי איך שרייב א דאטע) בין איך אין קייטנע. דאָס וויכטיגסטע, וואָס איז היינט אין מיין טאָג, איז דאָס, וואָס איך האָב בעקוקט די קערפּער פון די גע'הרג'עטע פּויערים, וואָס די זעלנער האָבען געשאָסען אין לאַנגעט. זיי זיינען געלעגען אין דעם טויטען־שטיבעל אין שפּיטאָל, וויפיעל ווייס איך נישט, צו 10, צו 12, איך האָב נור געזעהען ליגען. נור עס זעהט שוין נישט קיין מענשען, נור ווי לאַל־קעס אָנגעפּילט מיט שטרוי, אָנגעטהון אין פּויערישע קליידער.... די פּנים'ער זיינען געווען ראנירט. עס האָט אויף מיר א שרעקליכען איינ־דרוק געמאַכט. נור נאָך מעהר, דאָס וואָס דער טויט (איך מיין די טויטע מענשען) איז געווען אָנגעטהון אין גראָבע, פערשמוצטע פּויערי־שע קליידער.... מיין אויג האָט געזוכט ווייסע לייוונד.... צווישען די גע'הרג'עטע איז אויך געווען א פּויערייש אינגעל פון א יאָהר 14. זיין יונג, לאָבעסדיגער אויסקוק האָט עפּעס גאָר נישט האַרמאָנירט מיט דעם געלען, שרעקליכען, ערנסטען און שווייגענדיגען טויט, וואָס איז געלעגן אויסגעגאָסען אויף זיין פּנים.... געלע גראָבע שווייגענדיגע הענד פערלייגט איינע אויף די צווייטע, — מעהר האָב איך נישט געזעהען. פּויערטעס און פּויערים ארום האָבען מיר פערשטעלט. דער לעבעדי־גער האָט שטיל געשוויגען. די עולה האָט אין יעדענס האַרץ געברענט. און דאָך האָבען זיי געשוויגען. די רעבצען, דאָס געוויין פון די ווייבער האָט געשטערט די גרויזאַמקייט פון די נקמה, וואָס די לעבעדיגע נעהמען פון די מערדערס מיט זייער שטילשווייגען....

די ערשטע דרוגים אויפ'ן פּוילישען פעלד, וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהען.

וואַנדעלט געוואָרען דורך אַ געהיימען שפּרוך אין אַזאַ זאַך, און שטעהט און קלאָגט, און בעט זיך, עס וויל אויסגעלעזט ווערען... זי האָט מורא געהאַט מיט אַ פוס צו טרעטען אויף דער ערד, אַז זי זאָל ניט הינטער זיך אַ קוויטשע הערען... און די טאָפּאָלען שטעהען ווי אַלטע שדים און שטעקען אַזעלכע לאַנגע, לאַנגע צונגען אַרויס...

האָט זי פאַר זיך אַ צלם געזעהן, שטעהט צווישען די טייוואָלים — דער צלם, האָט זיך איהר געדאַכט, אַז דאָס איז דער איינציגער שטיקעל פּלעק, אינזעל אין דעם ים פון שדים, — איז זי צו דערצו, אַרומגעכאַפּט מיט ביידע הענד דעם צלם, די האָר זיך אַרום דעם צלם אַרומגעוויקעלט, דאָס פּנים איינגעגראָבען, ווי זי וואָלט זיך ראַטעווען געוואָלט פון די נאָכיאָגענדע שדים און האָט געברומט:

— יעזו! יעזו! יעזו!

און זי האָט געזעהן אַרום זיך די גאַנצע ערד, ווי עס וואָלט אַ ים פון שדים געוועזן, אַ פערשאָלטענע נשמה... יעדער פלעק — רוחות טייוואָלים, און איבער דעם אַלעם שטעהט אַ גרויסער צלם און אויף דעם צלם הענגט אַ גרויסער, גרויסער קריסטוס מיט ברייטע, לאַנגע, לאַנגע הענד, וועלכע ער פערשפּרייט איבער די גאַנצע ערד און שיצט זי פאַר די שדים... און שוואַרצע וועגען פאָהרען ווייט, ווייט אין אַ שוואַרצען ים אריין, וואו עס איז דאָרט פול מיט שדים, מיט לצים און רוחות רעות... און איהר „בעטשעפעניש“ איז אויף די וועגען... און די וועגען פיהרען איהם טיעף, טיעף אין דעם שוואַרצען ים אריין פון די שדים און טייוואָלים... טיעף, טיעף אריין.

האָט זי צום צלם געברומט, ביי וועלכען זי איז געלעגען:

— יעזו, יעזו, ערבאַרעם דיך אויף איהם! ערבאַרעם דיך אויף איהם!...

— ראַטעוועט, ראַטעוועט דעם יונג... ער איז נישטאָ...

דער פּויער האָט זיך שווייגענדיג פון טיש אויפגעהויבען, אַרויס־גענומען דאָס געלד פון די הויזען־קעשענע און אויף דעם טיש געוואָרפען.

די גויה האָט זיך פון דער ערד אויפגעכאַפּט, מיט אַ בליק פון אַ וועלפין צו צום מאַן, מיט די הענד אויסגעשטרעקט, באַלד האָט זי געכאַפּט אַ טוך אויפ'ן קאָפּ, אַרויס אויף דער גאַס, און מיט אַלע כוחות געלאָזט זיך לויפען נאָך די פוהרען.

אויף אַלע שוועלען איבער די דאָרף־גאַס, וואו די גויה איז מיט אַ געוואַלד אויפ'ן וועג געלאָפען, האָבען זיך קופּקעלעך פּויערטעס און פּויערים צוזאַמענגעקליבען, די גויה נאָכגעקוקט, גע'צלם'ט זיך און געזאָגט איינע צו די צווייטע:

— וואָס איז צום טייוועל — דאָס איז צום טייוועל; דו ווערסט גאָר נישט מאַכען; געקומען נאָך ס'זייגיגע און גענומען זיך ס'זייניגע...

די גויה איז געלאָפען מיט אַלע איהרע כחות, שוין אַרויס אויפ'ן וועג, די נאַכט איז צוגעפּאַלען, די נאַכט איז שוואַרץ געוועזן, און די ערד האָט זיך אין שוואַרצען געהילט... אַ קליינער רעגען האָט געטריפּט, און פון ביידע זייטען וועג די אַלטע טאָפּאָלען האָבען אויסגעזעהן ווי אָנגעלאָפענע שדים האָבען זיך אהער געקליבען מיט אָבגעהאַקטע קעפּ און שטעהען אויפ'ן וועג. די ערד איז שוואַרץ אַרום און אַרום — ווי אַ ווילד פער'עקשנ'טער פויגעל, בויגט דעם קאָפּ אין די קניען און בעהאַלט זיך... די גויה האָט זיך געדאַכט אַז שדים און רוחות יאָגען איהר נאָך, יעדע טאָפּאָליע איז אַן אָנגעלאָפענער שד, יעדער שוואַרצער פלעק איז אַ פערשאָלטענער טייוועל... נשמות פערשאָלטענע... און דאָרט די בוי־מער אין די נאַכט מיט זייערע שוואַרצע צווייגען — אַ פערשאָלטענע משפחה, פערשטיינערט געוואָרען אין אַ בוים... געהען איהר נאָך... געהען איהר נאָך און בעטען איהר עפּעס... און די גאַנצע שוואַרצע ערד אַרום און אַרום.... ווי אַ שוואַרצער פערשאָלטענער פויגעל, בויגט דעם קאָפּ אין זיך און קלאָגט... און קלאָגט... אַ פערשאָלטענע גרויסע נשמה... וואָס מוטשעט זיך און זוכט אַ רוה... און באַלד האָט זיך איהר געדאַכט אַז אַלעס אַרום איז אַ ים פון שדים, רוחות רעות, טייוואָלים, אַז אַלץ וואָס רינגעלט אונז אַרום טרינקט זיך אין פערשאָלטענע נשמות, יעדער בוים, יעדער שוואַרצער פלעק, יעדער טראָפּען וואַסער, יעדעס שטיקעל טונקעלע גראָז, איז אַ פערשאָלטענע נשמה, וואָס איז פער־

טיכעלע אויף איהר העלזעל, און צוגעקנעפּעלט איהר דאָס קאָפּטענדעל:

— ערקעלט דיך ניט, קינד.

---

דער פויער איז שפּעטליך אהיים געקומען. אהיים געקומען, האָט ער שוין געפונען די קאָלאַציע אויפ'ן טיש און די שקצים'לעך האָבען געוואַרט אויף איהם. שווייגענדיג איז ער אין שטוב געקומען, שווייגענדיג האָט ער זיך צום טעלער געזעצט, זיך ניט גע'צלם'ט פאַר'ן עסען. די גויה האָט איהם געוואָלט דערצעהלען וועגען די נאַראַדע אין דאָרף איבער דעם „בעשעפעניש", נור זי האָט עס אָבגעלעגט אויף נאָכ'ן עסען. דער פויער איז בייז געווען. אין מיטען עסען האָט זי זיך ניט געקענט איינהאַלטען, און האָט אָנגעהויבען צו רעדען:

— א יאַשט טי, זיי האָבען זיך געראַדזעט, געראַדזעט, דעם שייגעץ ארויסצוגעבען...

דער פויער האָט גאָר ניט געענטפערט, וואָרום דורכ'ן פענסטער האָבען זיך געהערט פוהרען דורכפאָהרען, א געלויף פון קינדער נאָך... און פון דער גאַס האָט זיך געהערט דורכ'ן אָפענעם פענסטער א קול רופען:

— בעהאַלט די קינדער, בעהאַלט די קינדער, דען דער טייוועל פאָהרט דורך!

אין הויז האָבען צוויי שבנ'טעס געשמועסט:

— געלויבט איז גאָט, פערלאָזט שוין אונזער געגענד.

די גויה האָט שוין מעהר ניט גערעדט דערפון, מורא געהאַט זי זאָל ניט ברענגען צו קיינע אונאַנגענעהמע סצענעס.

אָבגעגעסען, האָט די גויה א טעלער גענומען, אין דער שטיל, ווי האַלב גע'גנב'עט, ארויסגעגאַנגען, און ארויפגעטראָגען דעם בעשעפעניש אין „היי־בוידעם"...

באַלד האָט זיך געהערט פון דרויסען א שרעקליך האַרץ־געשריי, ווי מען וואָלט מיט די פויסטען אין פענסטער געקלאַפּט.

— אוי יעזו, יעזו, ראַטוי ראַטוי, — איז זי אין שטוב אריין, מיט אַן אונמענשליך געשריי, ווי מען וואָלט זי גע'שחט'ען — כלאָפּאַקאַ ניעמאַ...

זי האָט זיך אויף דער ערד געוואָרפען און געשלאָגען דעם קאָפּ אין די פּאָדלאָגע...

— און אויף דריי מאָרגעס וועט איהר געבען?

— מיר וועלען געבען.

— טאָ איז גוט.

— גוט.

— פאָהרען מיר צו יענקל׳ען.

— פאָהרען מיר.

די קאָמעדיאַנטען האָבען זיך אויף זיין וואָגען ארויפגעזעצט, און ער איז געפאָהרען מיט זיי צו יענקל׳ען.

דער גוי האָט געוואוסט, אז ער פאָהרט מיט׳ן טייוועל, און ער האָט זיך געוואונדערט, אז עס איז גאָר ניט אזוי שרעקליך ווי ער האָט געמיינט.

---

יענקל דער קרעטשמער האָט זיי אין זיין בעזונדערע שטוב אריינגעלאָזט, בראַנפען דערלאַנגט, ביער דערלאַנגט. ער האָט ניט געוואוסט וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט ער זיך אויף אָנגעהויבען אריינצומישען, האָט אָנגעהויבען צו ריהמען דעם פויער׳ס פעלד, דאָס הייזעל, די קיה, געוואָלט זיך אין געשעפט אריינקריגען. געוואָהר געוואָרען צום סוף וועגען וואָס עס האַנדעלט זיך, האָט ער זיך אָבגערוקט, מורא געהאַט, און שטיל שווייגענדיג מיט א געלעבטערל אויף די ליפען האָט ער מאַנעקיניש דערלאַנגט צום טיש דעם בראַנפען, וואָס זיי האָבען פערלאַנגט, געהיט זיך מיט אַן איבריג וואָרט און געמאַכט זיך ווי ער ווייס גאָר ניט וועגען וואָס דאָ האַנדעלט זיך, איבערהויפט זיי אַליין געלאָזט, און צו זייניגע, וואָס זיינען הינטער דער טהיר געשטאַנען, געזאָגט:

— מיר ווייסען פון גאָר ניט, ניט אונזער געשעפט... זיי ווילען בראַנפען, גיט מען זיי בראַנפען, אַן אָפענע שענק — ווער עס וויל קומט אריין.

און די אידענע, וואָס איז הינטער די שענק געזעסען, האָט זיך די באַקען געקניפט, די הענד געבראָכען... אין דער שטיל געזאָגט:

— אוי, וועה, מאַמעלע קרוין, עס איז דאָך גאָר קיין אומה ניט. אַן איינגען פלייש און בלוט, ווי קען מען דאָס? — אין האָט דאָס מיידעלע געקוקט אין קעפעלע, וואָס איז ביי איהר געשטאַנען, מיט גרויס רחמנות, צוטוליענדיג עס צו זיך, ווי זי וואָלט מורא געהאַט מען זאָל עס פון איהר ניט אַוועקנעהמען. איהר גיט ארומגעוויקעלט דאָס

מיט זייערע קעפּ און געשוויגען. אנטאָן האָט זיי ניט דערקענט, עס האָט איהם געדאַכט, אַז ער זעהט צום ערשטען מאָל דעם וואַלד און ערקענט ניט די סאָסנעס; פרעמדע, ניי אָנגעקומענע זיינען זיי, אַזוי שווייגען זיי... דאָס האַרץ האָט איהם געקלאַפּט און ער האָט זיך געשראָקען... ער האָט ניט געוואוּסט פאַר וואָס עס שרעקט איהם, פאַרוואָס דאָס האַרץ קלאַפּט איהם.. דאַכט זיך, ער האָט יעצט איבער דעם גאָר ניט געטראַכט, ער האָט איבערהויפּט וועגען גאָר ניט געקלערט... ער האָט גאָר ניט געדענקט... עס איז איהם גאָר ניט איבערגעבליבען, נור שרעק...

פון דערווייטענס צווישען די בוימער האָט זיך געשפּיגעלט דער רויטער הימעל, איבערגעפּלאָסען מיט בלאָע וואָלקענס, וועלכע האָבען דורך די בוימער פון וואַלד געמאַכט אַן איינדרוק, ווי אַ ברייט ליכטיג וואַסער־פעלד פון אַ ים. אין וואַלד דאָ און דאָרט האָבען זיך העלע זון־פלעקען געוויזען, און די בוימער שטעהען און שווייגען... קוקען זיך צו אַלעם צו און שווייגען...

באַלד האָט ער פון דערווייטענס די פוהרען צווישען די בוימער דערזעהען, אַ שטיל געוויש פון דאָרט דערהערט. דער גוי האָט געציטערט , און מיט שרעק ווי פאַר עפּעס אונהיימליכעס האָט ער דאָס פערדעל אָבגעשטעלט.

ער'האָט געטראַכט, געוואוּסט אַז ער דאַרף אומקעהרען, און אַוועק־פאָהרען, פלינק אַוועקפאָהרען; דאָך האָט ער זיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט, ווי צוגעשמידט.

באַלד האָט ער דערזעהן ווי מען דערנעהנטערט זיך צו איהם, דער דיקער מיט'ן גראָבען בויך, מיט די בראָנזעלעטע אויף די האַנד און די שפּיטצרוט אין די האַנד, זיין פּנים האָט ער ניט געזעהן, נור אַ פּיער־קאַנטיג היטעל אויפ'ן קאָפּ. נאָך איהם איז וועהר נאָכגעגאַנגען.

און ווי זיי האָבען זיך דערנעהנטערט צו איהם, האָט זיך דער־פויער געטראַכט: „שוין, אַז עס איז שוין לאַנג פערפאַלען, אַז ער איז אין די האַנד פון שטן. דער שטן האָט איהם ארומגענומען מיט זיין מאַכט, געפאַנגען איהם אין זיין נעטס און ער מוז טהון אַלץ וואָס ער וועט איהם הייסען.“

און ווי די קאָמעדיאַנטען זיינען נור צו איהם צוגעקומען, איידער זיי האָבען נאָך אַ וואָרט געזאָגט, האָט דער פויער זיך אָנגערופען:

נייש״ מיטקויפען, וועלכעס וואָלט פאַר זיי אַ גוטע סחורה געווען. אין דאָרף אריין האָבען זיי מורא געהאַט צו געהן מיט דעם פּאַטער איבער־צורעדען, כדי עס זאָל ניט קיין געהודער ווערען. זיי האָבען איהם אָב־געוואַרט אין וואַלד, וואו קיין מענש וועט ניט זיין.

און אַזוי ווי דער קאָמעדיאַנט מיט׳ן רינגעלע אין אויער און מיט די בעמאָלטע הענד שטעהט פאַר די מאַלפּעלעך און וואַרפט זיי פליייש דורך די גראַטעס אריין, דערהערט ער פון דער נאָהנט אַ בילען ווי פון אַ הונד. ער קוקט זיך אום — ער׳שט דאָס „בעשעפעניש״ ליגט פאַר איהם, און פיעשטשעט זיך צו איהם, און קוקט אויף איהם מיט אַזעלכע בעטענדע אויגען, ווי עס וואָלט רעדען געוואָלט, און מאַכט מיט די ליפּען, און ברענגט פון זיך אַזעלכע וויינענדיגע בעטענדיגע קולות, אַז דער קאָמעדיאַנט האָט רחמנות געקריגען דאַרויף, און האָט עס ליעבליך מיט די האַנד אויפ׳ן קאָפּ געגלעט, און דאָס „בעשעפעניש״ האָט זיך געפרעהט, געלעקט איהם די האַנד, און געשפרונגען געגען איהם ווי אַ הינדטעל.

אַז אַנטאָן האָט געדאַרפט פאַרנאַכט אהיים פאָהרען פון וואַלד, האָט ער געוואָלט, ווי אין דער פריה, דורך אַנאַנדער וועג פאָהרען, זיך ניט צו בעגעגענען מיט יענע לייט, נור ביים פאָהרען האָט ער געטראַכט: כיי ווי סיי וועט פון דעם גאָר ניט ווערען. די ווערטער האָט ער מעהר געזאָגט מיט׳ן מויל ווי מיט׳ן האַרץ. פאַר׳ן האַרץ האָט ער אַנאַנדער׳ן תירוץ געהאַט, אַז ער וועט ניט פאָהרען דורך דעם וועג, ער וועט נור צופאָהרען צום צלם, דערנאָך וועט ער אייסדרעהען צום געלען וועג צו— און וועט דאָרט אַרום אהיים פאָהרען, דען דורך דעם גאַנצען טאָג האָט איהם דער שטן דערקוטשעט, האָט איהם פאַרגעשטעלט מאַטשיק׳ס באַרג־שטיק אין פערשיעדענע צייטען פון יאהר... ער האָט מורא געהאַט פאַר די פויערים אַז זיי זאָלען ניט זעהען זיינע געדאַנקען, האָט ער זיך דערוויטערט פון זיי דעם גאַנצען טאָג, און אַליין געקלערט וועגען דעם. אויף דער נאַכט, האָט ער זיך געטראַכט, וועל איך אהיים פאָהרען דורך אַנאַנדערן וועג, זיך ניט צו בעגעגענען מיט זיי, נור קוים איז ער צוגעקומען צום צלם האָט ער ווי ניט וויסענדיג אָבגעדרעהט אויף דעם זייט וועג, וואו די קאָמעדיאַנטען זיינען.

דער וואַלד איז אין פאַרנאַכט שטיל געווען. די סאָסנעס זיינען געשטאַנען יעדע איינציגע בעזונדער, הויך געשפּאַרט אין הימעל אריין

װעלען קומען איהר קינד אװעקנעהמען, און מיט די נעגעל װי א חיה אויף זיי זיך װארפען, איהר אייגען־געבוירענעם מיט דעם גאנצען לייב און לעבען ראטעװען — האָבען זיי מורא געהאט, אָבגעלעגט די זאך ביז פארנאכט, װען דאָס גאנצע דאָרף פויערים װעלען פון פעלד אהיים קומען, און די זאך זיך איבערלעגען, װאָס זיי האָבען צו טהון.

---

דאָס בעשעפעניש האָט זיך צװישען די צירק־לייט, אין געזעלשאפט פון די חיות און מאלפעס, געפיהלט גוט און צופריעדען. אָהנע צו װיסען האָט זיך אין דער מענשען־חיה ערװעקט א אינסטינקט פון א צירק־הונד צו ערגעטצען און צו ערפרעהען די צושויער מיט זיינע העװיות און קרומע בעװעגונגען. און װאָס העכער עס האָט זיך געהערט דאָס געלעכטער פון די דאָרפס־אינגלעך, װאָס האָבען איהם נעכטען געזעהן דורך דעם רייף שפּרינגען, און װאָס צופריעדענער זיי זיינען געװען — האָט זיך עס געסטארעט װאָס מעהר צו ערגעטצען דעם עולם.

און קוים האָט עס די מוטער אין היי־בוידעם איינגעשלאָסען, האָט עס זיך געפיהלט געפאנגען, און געבענקט און געצויגען נאָכ'ן װאלד, נאָך דעם צירק. עס האָט דאָס עסען ניט אין מויל גענומען, געװאָרפען זיך פון איין װינקעל אין צװייטען, בעהאלטען דאָס פנים אין די פּאָדלאָגע און געװאָיעט, און געװאָיעט. א שכנה פון דער־נאָהענט האָט דאָס װאָיען געהערט, האָט זי געזאָגט: „דאָס װיינט, דאָס ציהט דאָס זיין נשמה צום שטן.“ און זי האָט דאָך רעכט געהאט, עס האָט זיך אזוי לאנג געװאָרפען, און געשמעקט און אויסגעקוקט ביז עס האָט דאָך א לאָך געפונען פון װאנען עס זאָל זיך פון היי־בוידעם ארויסקריגען. און װען די מוטער האָט זיך הינטען פאר'ן הויז מיט דעם רידעל װי א װילדעם טהיער ארויף און אראָב געדרעהט, בעשיצענדיג איהם, האָט דאָס זיך דורך א בעהאלטען לאָך, דורך א בעהאלטענעם װעג, צװישען קישאקעס און שטעכערס, אז קיינער זאָל דאָס ניט זעהן, אין װאלד זיך צו די צירק־לייט געלאָזט...

ביי די צירק־לייט איז היינט קיינער ניט געװען. די מוטערס האָבען זייערע קינדער ניט געלאָזט אין װאלד אריין, שרעקענדיג זיך, אז דאָס איז דער טייװעל מיט די מכשפים, װעלכע זיינען געקומען נאָך דעם „בעשעפעניש“. זיי זיינען שוין גרייט געװען אָבצופאָהרען אין די נאָהנטסטע שטאדט אריין, נור זיי האָבען געװאָלט דאָס „בעשעפע־

זאָגען — און דאָ איז דאָך דער טייוועל געקומען נאָך דיין אונגליק.

די גויה האָט געשוויגען.

— אוי, עס איז פערפאַלען, אוי, עס איז פערפאַלען. מיט'ן טייוועל וועסטו גאָר ניט מאַכען.

די גויה האָט ווייטער געשוויגען אין געטהאָן איהר ארבייט, רויט־טויט ווערענדיג.

און די גוים זיינען אין קרעטשמע געגאַנגען אויף אַ נאַראַדע... דען מען דאַרף איהם ארויסגעבען פון דאָרף.

— און איך וועל זיי דעם יונג ניט ארויסגעבען, און וואָס וועט זיין, וועט זיין. — האָט די גויה געזאָגט.

— אוי, שפּאַר דיך ניט איין, אוי שפּאַר דיך ניט איין, וואָרום מיט'ן טייוועל וועסטו גאָר ניט מאַכען.

— און איהר געהט און צוברעכט הענד און פיס, — האָט זי געזאָגט — דען איך וועל אייך דאָ געבען מיט'ן לאָפּעטע — האָט זי אויפגעהויבען די לאָפּעטע אז די שכנ'טע איז ארויסגעלאָפען. און די אַנטאָניכע האָט צוגעמאַכט די טהיר נאָך איהר.

פּשא יוכא! — זי האָט געטראַכט צו כאַפּען דאָס טוך און לויפען צום גלח, אָדער נאָכ'ן מאַן. אבער זי האָט זיך דערמאָהנט אז זי לאָזט איבער דאָס בעשעפעניש אליין, האָט זי אָנגעגרייט דעם רידעל און געוואַרט אויף דעם.

די גוים, וואָס זיינען איבערגעבליבען אין דאָרף, זיינען נישט געווען אויף די ארבייט, נישט אין פעלד נישט אין וואַלד — האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אויפ'ן בריקעל און האָבען גערעדט, און האָבען געראַדזשעט:

— און מען דאַרף אהין געהן, דאָס בעשעפעניש מיט געוואַלט ארויסנעהמען און זיי ארויסגעבען. זאָלען זיי געהן פון דאַנען, זאָלען זיי געהן פון דאַנען.

— אַ פייער וועט ער שיקען, אוי אַ פייער וועט ער שיקען. און יעדעס מאָל זיינען אייניגע פון זיי דורך איהר שטיבעל דורכגעגאַנגען, געוואָלט כאַפּען אַ בליק וואו דאָס „בעשעפעניש" געפינט זיך. זיי האָבען געזעהן די אַנטאָניכע מיט צופלאָמטע אויגען, צופלאָשעטע האָאר און רויטע צוקאָכטע באַקען האָט זיך מיט דעם רידעל ווי אַ טיראַן פאַר איהר שטיבעל געדרעהט, גרייט געווען ארויפצופאַלען אויף די וואָס

— וואָרום דאָס זיינען אזעלכע מענשען, וואָס זיינען פון טייוועל געשיקט נאָך איהם. א סך האָבען זיי שוין מיט זיך.

די אנטאָניכע האָט גאָר ניט געענטפערט, נור פעסטער צוגעדריקט דעם שליסעל צו איהר ברוסט, ווי זי וואָלט איהר קינד בעהאַלטען.

אז די גויה האָט געזעהן אז יענע שווייגט, איז זי ארויסגעגאנגען.

דערווייל האָט זיך איבער'ן דאָרף דער קלאנג פערשפרייט, אז ניט־גוטע זיינען געקומען, געשיקט פון טייוועל, צוצונעהמען אנטאָן'ס בעשעפעניש. עס האָט אָנגעהויבען ארומצוגעהן איבער'ן דאָרף פער־שיעדענע לעגענדען און איין פויערטע האָט די צווייטע געשראָקען מיט די ווילדסטע זאכען. מען האָט אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען טייוועל־מעשים, וואָס זיי, די קאָמעדיאַנטען, טהוען אין דאָרף מיט די חיות און מאַלפעס אָב. די פויערטעס האָבען זייערע קינדער בעהאַלטען, הונדערט מאָל אין טאָג זיך געצ'לם'ט און ניט געלאָזט קיינעם פון זייערע געהן אין וואַלד אריין, ווייזען זיך, אָדער זעהען זיך מיט'ן שטן וואָס איז דאָרט.

און דערווייל האָט זיך עפעס טאַקע איבער'ן דאָרף געוויזען פער־שיעדענע מיני קאַליקעס, אלטע לייט מיט לירעס האָבען דאָס דאָרף דורכגעצויגען, מכשפות האָבען זיך געזעהען, ווי זיי האָבען דורך די פענסטער אריינגעקוקט... אזעלכע גויה'ס, בלינד אויף איין אויג, האָבען זיך אין דאָרף געוויזען, האָבען זיך אין די הייזער געפרעגט, ווער עס האָט מייז צו פערטרייבען, וואנצען אויסצוראָטען. אין דעם אַלעם האָבען די גוים געזעהן צייכענס פון שטן, אז ער איז געקומען נאָך דאָס זייניגע.

— אז ער איז געקומען נאָך דעם איז פערפאַלען, מוז מען עס דעם שטן ארויסגעבען, אז ניט, וועט ער דאָס גאנצע דאָרף מזיק'ן. — האָבען די גוים געזאָגט.

די אנטאָניכע אָבער האָט זיך פארגעברייט מלחמה צו האַלטען מיט'ן שטן מיט אַלע כחות. זי האָט אויף דער טהיר פון היי־בוידעם א צלם אויפגעקריצט מיט א שטיקעל קרייד, אז דער שטן זאָל קיין שליטה ניט האָבען. זי האָט געפיהלט, אז עפעס טהוט זיך אין דאָרף... מען ברייט זיך אָן אויף איהר, דען אַן אנדערע שכנ'טע איז ווידער אריינגעקומען, און האָט איהר געזאָגט:

— און איהר זיינט דאָ, און איהר ווייסט ניט וואָס די פויערים

ווייכס, פון וועלכען ער איז מיט שרעק פלינק צוריקגעשפרונגען. עס איז געווען דאס בעשעפעניש, אין היגדטיישען העמדעל, וועלכעס איינגענארעט דעם קאפ אין זיך איז געלעגען און געשלאפען. ער האט אויפגעעפענט די טהיר פון הויז און ביי דער שיין פון דעם ערשטאיינברעכענדען טאג, האט ער בעטראכט דאס בעשעפעניש.

דאס הארץ האט איהם עפעס געזאגט, אז ער זאל צוגעהן נעהנטער, ער האט ניט געוואלט, איז ארויס אויף דער גאס, געטראכט זיך, ער וועט אליין געהן צום גלות.

איינשפאנענדיג דאס פערדיל האט ער געגעבען א ווארף א בליק אויף מאטשיק'ס נחלה, וואס ליעגט מיט איהם אין שכנות אויפ'ן בערגעל. אין פריהען מארגען־גרוי איז די ערד אויפ'ן בערגעל געווען גרינער ווי אין דער גאנצער אומגעגענד, א ראסע־וואלקען איז איבער געלעגען.

נישט צו קומען צו קיין פרובונג, איז ער געפאהרען אין אן אנדער'ן וועג אין וואלד אריין, כדי זיך ניט צו בעגעגענען מיט די קאמעדיאנטען.

די אנטאניכע האט זיך אויפגעהויבען באלד נאכ'ן מאנ'ס ארויסגעהן, ארויס אין הויז, גענומען דאס בעשעפעניש, צוגעפיהרט עס צום שטרויבעדעם, איהם אריינגעלאזט אין פערשלאסען די טהיר נאך איהם, פאר דער טהיר זיך געשטעלט, ווי עפעס געוואלט ווענען אבווארטען, בערייט געווען מלחמה צו האלטען מיט דעם וואס וועט קומען איהר דאס בעשעפעניש אוועקנעהמען, האט דעם שייגעץ א טעלער מיט א שטיק ברויט ארויפגעטראגען, איהם אוועקגעשטעלט, בעהאלטענערהייד, עס זאל קיינער ניט בעמערקען ווי זי האט דאס בעשעפעניש בעהאלטען, און ערשט דאן, ווען זי האט דאס שליסעלע פון שלאס, הינטער וועלכען דער שייגעץ איז געווען בעווארנט, אויף איהר הארץ געפיהלט, האט זי זיך געקענט נעהמען צו איהר טעגליכע ארבייט.

א שכנ'טע איז אריינגעקומען, האט געוואלט בארגען א שופעל דאס ברויט ארויסצונעהמען, און שוין ביי דער טהיר האט זי זיך אנגערופען:

— היט אייער אונגליק, היט איהם גוט, דען ניט־גוטע זיינען געקומען נאך איהם. מען הערט זיי פון וואלד. — האט די גויה געזאגט.

— וואס האב איך איהם דארט צו היטען. אז גאט וועט וועלען וועט ער זיין געהיט — זאגט די אנטאניכע, טהוענדיג איהר ארבייט, און פיהלענדיג דאס שליסעלע אויפ'ן הארץ.

— ע, רעד ניט קיין נארישקייטען, לאָז שלאָפען.

— אז זיי ווילען — באַ זיי ווילען — האָט דער גוי נאָך צוגע־ברומט.

שלאָפען האָט ער ניט געקענט, עס איז איהם היים געווען, און דאָס ליכטעל פאר'ן הייליגען בילד האָט איהם עפּעס געשטערט... האָט ער זיך אָנגעטהאָן, דען פון שפּאַלט פון לאָדען האָט זיך שוין געלויכטען.

— וואָס איז דיר דאָס היינט? פאַר וואָס טהוסט דו דיך אָן? — פרעגט איהם די אלטע פון שלאָף ארויס.

— עס דאכט זיך מיר, אז עס ריהרט וועך דאָרט ביי די בהמות.

— ע, דיר דרעהט זיך היינט אין קאָפּ.

דער גוי האָט גאָרניט אָבגעענטפערט.

נאָך א קליין שטילשווייגען, האָט זיך די פויערטע אָנגערופען, ווי זי וואָלט זיך אָן עפּעס דערמאָהנט:

— וואָס האָסטו דאָס פריהער געזאָגט, אז זיי ווילען קויפען. וואָס ווילען זיי קויפען?

—אָ, דאָס אונגליק, דיין בעשעפעניש ווילען זיי קויפען — ווילען זיי קויפען. — האָט דער פויער געזאָגט בייז, ניט ווייסענדיג פארוואָס ער איז בייז.

— איך וועל דיר באלד דאָ געבען א קויפען. איך וועל באלד לויפען צום גלח, דעם סטראזשניק וועל איך דערצעהלען.

— אָ, שווייג, וואָרעם, שווייג. איך בין אז קריסט ווי יעדער איינער. אז דו וועסט עפּעס רעדען, וועל איך דיר די צייהן אויס־האקען.

די גויה האָט שוין געשוויגען.

אין א פּאָאר מינוט ארום איז דער גוי אזוי בייז געוואָרען, אז ער האָט געוואָלט נעהמען א האק און איהם דעם קאָפּ אָבהאקען, אזא כעס האָט איהם ארומגענומען.

— טייוואָלים געווינסט דו, מיט'ן טייוועל שלאָפסט דו — א זאָל דיר! — און איז ארויס, צוהאקענדיג די טהיר נאָך זיך.

די גויה האָט דאָס פּנים אין קישען איינגעגראָבען, און געבליפּעט: פּאני באָזשע, פּאני באָזשע!

---

אויף דער שוועל אין הויז האָט ער אָנגעטרעטען אויף עפּעס

וועגען דעם שטיק ערד וואָס ליגט ביי איהם אין שכנות אויפ'ן בערגעל, דאָרט קומט דער זאמד ניט ארויף — בעסער ווי זיינע — נור מאַנטשיק האָט דריי מאָרגעס. צוויי וועט ער ניט פערקויפען — אין איינעם מיט זיינע פיער וואָלט ער אַ זיעבען מאָרגעס געהאַט, אריינגעכאַפּט אויף אין וואלד אריין.

— אָ, דו זינדיגער, דו זינדיגער, פערקויף ניט די נשמה! פער־קויף ניט! ווייסט דאָך עס איז פאר דעם טייוועל! —

נור טראַכטען מעג ער זיך.

האָט ער זיך ארונטערגערוקט הינטער די לאַכמאַנע, בעהאַלטען דעם קאָפּ אונטער די קאָלדרע, אזוי ווי ער האָט מורא געהאַט פאר די שווארצע שטוב, אז עס זאָל קיינער ניט הערען זיינע געדאַנקען, און דאָרט זיך פאָרגעשטעלט דאָס בילד אין גאַנצען צו קויפען דעם בארג, אָ, אויף דריי וועט ער אויך געבען. דאָס „אונגליק" וועלען זיי מיט־נעהמען מיט זיך, עס וועט שוין קיינער ניט האָבען מעהר אויסצוזידלען, אזוי ווי היינט אין וואַלד — דאָס „אונגליק" איז נישטאָ און ערד האָסטו נאָך דערפאַר, און אזוי ווי אזוי וואָלט גלייכער געווען עס וואָלט געשטאָרבען.

און ווי ער האָט זיך דאָס געטראַכט, האָבען אלין די ליפען גע־קלאַפּט: אוי, אוי, מעשי שטן, מעשי שטן. פריילין היילינע, יעזוס ליעבער, העלף מיר, זיי רחמנות'דיג, זיי רחמנות'דיג.

עס איז איהם היים געוואָרען. ער האָט פון זיך די קאָלדרע אראָב־געוואָרפען, דערזעהן פלוצלונג דאָס לעמפּעל וואָס האָט געברענט פאר'ן היילינען בילד, און אַ שטאָך האָט איהם געטהאָן אין הארצען.

— דו טראַכסט דיר, און גאָט ווייס אלעס. אוי, דו זינדיגע נשמה, דער טייוועל נעהמט דיך גוט אין האנד אריין.

און דאָך האָט ער איינצייטיג דאָס ווייב געוועקט:

— אַלטע, אַלטע, הער נור.

— ע, וואָס לאָזט דו היינט ניט שלאָפען? ביזטו קראַנק? דער בויך טהוט דיר וועה?

— מען וויל דיר דאָס „אונגליק" אבקויפען, אויף צוויי מאָרגעס ערד ווילען זיי געבען.

געוואָלט האָט ער זאָגען: דער „טייוועל" וויל דיר דאָס קינד אָבקויפען.

הונט איהר האַנד... געביסען איהר קלייד און מיט'ן פּנים עפּעס געזוכט אין איהר... צוטוליענדיג זיך צו איהר ענגער... ענגער...

זי האָט איהם, דורך די טהיר, אין דער שטיל, דער מאַן זאָל ניט זעהן, אַ טעלער אַרויסגעשטעלט, צוגעמאַכט די טהיר נאָך זיך, און פאַר'ן הייליגען בילד זיך געוואָרפען איהר נאַכט־געבעט זאָגען:

— הייליגע פּריילייז, ערבאַרב דיך איבער איהם, נעהם איהם צו דיר אין הימעל אַרויף... הייליגע פּריילייז, קריסטוס ליעבער.

— קריך אין בעט אַריין, אַלטע. — האָט דער פּויער האַלב פון שלאָף געזאָגט.

זי האָט זיך אויסגעטהאָן, אין בעט געקראָכען.

---

דער פּויער האָט אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפען, געוואָרפען זיך, געדרעהט, און יעדעס מאָל דאָס ווייב געוועקט:

— דו שלאָפסט?

— איך שלאָף... און האָט זיך פערדרעהט אויף דער צווייטער זייט.

ער האָט געקלערט וועגען דעם, וואָס דער דיקער האָט איהם אין וואַלד געזאָגט.

געלד פאַר צוויי מאָרגעס ערד...

— איך וועל דאָך דעם טייוועל קיין קינד ניט פערקויפען, און ווי עס זאָל ניט דאָרט זיין, פון מיר איז עס דאָך. — האָט זיך דער פּויער געטראַכט און צו דער וואַנד אויסגעדרעהט שלאָפען.

געשלאָפען איז ער דאָך ניט. ער האָט די אויגען צוגעמאַכט, און עס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט דאָס בילד אין וואַלד, ווי דער צירק־מענש האַלט דאָס בעשעפעניש אויף אַ קייטעל אָנגעבונדען און לערנט עס שפּרינגען דורך אַ רייף, צושלאָגענדיג פון אונטען מיט די שפּיצרוט וואָס ער האָט אין האַנד.

— און פון שטן איז דאָס געשיקט, געוויס פון שטן. דאָס האָט ער זיי אַהער געבראַכט, דאָ אַהער. — האָט ער זיך געטראַכט, דערמאָהנענ־דיג זיך וואָס די גוים האָבען געזאָגט אין וואַלד.

איינצייטיג אָבער ווי ער האָט זיך דאָס געטראַכט, איז איהם איין מינוט פון קאָפּ ניט אַרויס, דאָס וואָס דער „דיקער" האָט איהם געזאָגט: און געלד פאַר צוויי מאָרגעס. — ער האָט איין מינוט געגעבען אַ טראַכט

די קוה און קאַלב, האָבען דערזעהן ווי דער פּאָטער שלאָגט די מוטער, האָבען זיי אָנגעהויבען הויך צו וויינען, און צוגעפאַלען איהם צו די קניען.

— אָ יעזאָ, אָ יעזאָ, טאַטולקאַ, טאַטולקאַ. — און די פיס איהם געקושט.

— שווייגט, בענקארטס, איך וועל אייך די קעפּ שפּאַלטען! — האָט ער געשריען.

די גויה האָט זיך פון איהם ארויסגעריסען, און צו אַ שכנ'טע אנטלאָפען.

דער ערשטער כעס איבערגעגאַנגען, האָט ער זיך דערמאָהנט אז דאָס פערדעל שטעהט נאָך איינגעשפּאַנט צום וואָגען. ער איז ארויס, דאָס פערדעל אויסגעשפּאַנט, אין שטאַל געפיהרט, דעם וואָגען אין הויף געבראַכט — איז ער הונגעריג געוואָרען, אין אויוען געזוכט, האָט ער אַ שייגעצ'ל נאָך דער מוטער געשיקט.

די מוטער איז געקומען, קאָלאַציע דערלאַנגט. צו די „מאָליטוואַ מאַיאָווע“ איז ער ניט געגאַנגען — האָט זיך ניט געוואָלט מיט די גוים טרעפען נאָך די סצענע אין וואַלד, איז ער אין בעט געקראָכען שלאָפען.

דערנאָך ווען די מוטער איז ארויס דעם לאָדען צו פערמאַכען, האָט זי שוין געטראָפען איהר „אומגליק“ ליעגענדיג הינטער די טהיר פון הויז און בילענדיג ווי אַ הונד, אז מען זאָל איהם אריינלאָזען.

די נאַכט איז שוואַרץ און קאַלט געווען, עס האָט זיך געקליבען אויף רעגען. פון דערוויטענס האָט אָבגעשאַלט דאָס געזאַנג פון די פויערים ביים צלם... דאָס בעשעפעניש איז געלעגען אין דעם הינטישען קלייד, איינגעגראָבט דאָס פּנים אין דער ערד. געציטערט פאַר קעלט מיט פיס און הענד, און געבילט, געקלאָגט זיך, געקלאָגט זיך... האָט אַ גרויסער רחמנות די מוטער ארומגענומען אויף איהר בעשעפעניש... אַ פּיטעטשעז איז ער דאָך איהר בלוט — וואָס איז ער שולדיג, אז דער טייוועל האָט זיך אין איהם בעזעצט. האָט זי די האַנד אויסגעשטרעקט, איהם געגלעט איבער'ן קאָפּ:

— דו מיין אונגליק... דו מיין וועהטאָג! פאַרוואָס האָט דיך גאָט אזוי געשטראָפט? פאַרוואָס? יעזוס ליעבער, פריילין הייליגע, ערבאַרם דיך איבער איהם, ערבאַרם דיך.

דאָס בעשעפעניש האָט זיך געטוליעט צו איהר, און געלעקט ווי אַ

אין נייגיעריג געווען צו זעהן, וואָס דאָרט איז אַזעלכעס, האָט ער אויסגעדרעהט און צוגעפּאָהרען צו זיי. אהינקומענדיג זיינען איהם שוין איינינע דאָרפס־יונגען פאַראויסגעלאָפען, מיט איינעם פון די קאָמע־דיאַנטען מיט דעם רינגעלע אין אויער, און האָבען געשריען, ווייזענדיג אויף איהם:

— אָט איז דער פּאָטער! אָט איז דער פּאָטער!

דער קאָמעדיאַנט, ארויסנעהמענדיג אַ פּאַפּיראָס און פערדרייכערנ־דיג, האָט געזאָגט צו אַנטאָנען, ווייזענדיג אויפ'ן אינגעל:

לאָז אונז אָב, פּאָטער, דעם אינגעל, אין דאָרף וואַלגערט ער זיך ארום, האָסט קיין נוצען פון איהם סיי ווי סיי ניט.

אַנטאָן האָט זיך ערשט יעצט אומגעקוקט און דערזעהן זיין בעשעפעניש אָנגעטהאָן אין אַ קליידעל, ווי אַ צירק־הינטעל, און מיט אַ קייטעל אויפ'ן האַלז האַלט איהם איינער פון זייערע לייט, און לערנט איהם שפּרינגען דורך אַ רייף, צום געלעכטער און פרייד פון די מעננע דאָרפס־אינגלעך און ווייבער, וואָס רינגלען ארום דעם ספּעקטאַקעל.

— מיט אַן אמת, פּעטערל — קומט אָן אַ צווייטער פון זייערע לייט, אַ הויכער און אַ דיקער, מיט אַ גרויסען בויך און אַ גאָלדענע בראַנזעלעט אויף דער האַנד, מיט אַ שפּיצרוט אויף דער האַנד און אַן אָדלער אויפ'ן אויפגעדעקטען האָריך אויסגעמאָלט — מיט אַן אמת, און געלד וועסטו אויך קריגען — אויף צוויי מאָרגעס ערד. וואו וואוינסטו דו פּעטער'ל?

— און וואָס נאָך? דו טייוועל! און איך וועל דיר דאָ ווייזען, הע, הע, דו טייוולישער בענקאַרט! — ער איז אראָב פון די פוהר מיט די בייטש צום בעשעפעניש, ווען עס האָט איהם דערזעהן מיט דער בייטש אין האַנד, האָט זיך עס געגעבען אַ רייס ארויס פון דעם קאָמעדיאַנט און מיט אַ ווילד בילען זיך געלאָזט אין טיעפען וואַלד אריין.

דער פויער האָט געגעבען אַ שמיין דאָס פערדעל, און בעגלייט מיט די געוואָלדען פון די שקצים אין ער אין דאָרף צוגעפאָהרען.

אריין אין שטוב, איז ער מיט די פויסטען צו־צום ווייב:

— היט דיר דיין בענקאַרט, היט דיר דיין טייוועל, דו טייוולישעס ווייב!

— אַ לאַ באָגא, אַ לאַ באָגא. — האָט די גויה געשריען.

די שקצים'לעך, די קינדער, זיינען פונקט פון וואַלד אָנגעקומען מיט

נשמות, וואָס זיי נעהמען אויף אויף זייער וועג, אָדער וואָס טשעפּעט זיך צו און זיי פיהרען עס צום טייוועל אהין.

— פערטרייבען דאַרף מען דאָס! מיט שטעקענס דאַרף מען דאָס פערטרייבען פון דאָרף. — האָט זיך אַנטאָן אָנגערופען.

— אַלערערשטענס דאַרף מען דעם שטן, וואָס זיצט צווישען אונז, פערטרייבען. — האָט איינער פון די מהנה געזאָגט, מיינענדיג אַנטאָנ'ס בעשעפעניש, וואָס וואַלגערט זיך אין דאָרף ארום.

א מינוט האָבען אַלע שטיל געשוויגען. נור דאָרט הינטער א בוים האָט אין דער שטיל געקיכערט... אַנטאָן איז בלייך געוואָרען, האָט געקלערט צו כאַפּען דעם דיישעל פון זיין וואָגען און צושלאָגען. ער האָט דאָס דאָך ניט געטהאָן, ער האָט זיך געפוילט...

א מינוט איז דער שמועס אָבגעהאַקט געוואָרען, נור באַלד איז ער פיעל ערנסטער געוואָרען, דען מאַטשיק, דער עלטסטער פון די פויערים מיט אַן אָבגעהאַקטען פוס, האָט זיך אָבגערופען:

— מיר האָבען איהם שוין לאַנג געדאַרפט פערטרייבען פון דאָרף, אַל־דאָס שלעכטס ברענגט ער צו אונז, און ווער ווייסט צי ער האָט זיי ניט אויף דאָ אהער געבראַכט, די קאָמעדיאַנטען, אויב ניט איבער זיינעטוועגען זיינען זיי דאָ אהער געקומען.

— ווי ער האָט נעכטען אין מיטען געבעט באַלמוטשעט! דאָס שיקט איהם דער שטן אהער, דער שטן אהער.

— צו סב'ען האָט מען איהם געדאַרפט נאָך דענסטמאָל, אויף נאָר ניט צו קוקען — נור סב'ען — האָבען שוין איינינע הויך געשריען.

— ווער האָט דען אייך ניט געלאָזט? — האָט איהר בעדאַרפט מיט אייגענע דענד. ווילט איהר, אז די זינד זאָל דערנאָך אויף מיין האַלז ליגען — וויל איך ניט! — האָט אַנטאָן זיך אָנגערופען.

דער אַנטוואָרט פון פּאָטער האָט איינגעשטילט די פויערים, ווייבער געמאַכט זיי, האָבען זיי אויפגעהערט צו רעדען דערפון, און א גאַנצען טאָג, ביי דער אַרבייט, שוין אין וואָרט ניט געלאָזט פאַלען דערפון.

ווען אַנטאָן איז פאַרנאַכט אהיים געפאָהרען, האָט ער געוואָלט אויסמיידען די קאָמעדיאַנטען און פאָהרען דורך אַן אַנדערען וועג, זיך ניט בעגעגענען מיט'ן שטן פנים אל פנים, נור צוקומענדיג נאָהענט האָט ער דערהערט פון דאָרט, וואו די וועגען זיינען געשטאַנען, א גרויס ברומען און א געשריי, און א גרויסע מענגע איז דאָרט געשטאַנען. ער

צוגעקוקט צו די בעיטעפעניישען, געקוקט און געשטוויגען און געטראכט זיך: „ס'ארא ווילדע בעשעפענישען דאס זיינען!"

ער איז נייגיעריג געווען צו וויסען פון וואס פאר א מין דאס איז — צו פרעגען האט ער קיינעם ניט געהאט, האט ער זיך נאך א פאאר מינוט צוגעקוקט, נייגיעריג, מיט א געוויסען שרעק, באלד אבער אינסטינקטיוו האט ער געגעבען א פייטש צום פערדעל, א שמיטץ מיט'ן בייטשעל „וויא" — און איז ווייטער געפאהרען זיין וועג.

— קריסטען אודאי ניט. — האט ער זיך געטראכט.

— מיט מאלפעס טרייבט זיך דאס ארום, צום טייוועל מוז דאס דיענען.

— און דאס בלאנדזשעט ארום איבער די וועלט, דא אהער געקומען זיך צו שלעפען, מענשען שלעכטס צו טהון...

— וועט שוין וועם דארפען אן עולה ארויסקומען, — טראכט ער זיך ווייטער — אז דאס ווייזט זיך נור. בחנם ווייזט זיך דאס ניט.

— מען האט עס געדארפט מיט שטעקענס צו פערטרייבען פון דאנען; שדים ווייסען ווער דאס איז. — אזוי קלערענדיג איז ער צוגעפאהרען צו די גוים וועלכע האבען שוין געווארט אויף איהם, דעם אבגעהאקטען בוים אין דעם פערדעל איינצושפאנען, צום זעג צוצופיהרען.

ער האט זיי געוואלט דערצעהלען וועגען די מענשען וואס זיינען אין וואלד — נור עפעס ווי מורא־האבענדיג, אז מען זאל איהם ניט זיין „חרפה" פארווארפען, האט ער געווארט ביז די גוים וועלען דערפון אנהייבען צו רעדען.

נאך דעם מיטאג־עסען, ווען די גוים האבען זיך אנידערגעזעצט הינטער די בוימער מיט די טעפ אין די הענד, האט דער אלטער וואיטעק זיך אנגערופען:

— בא! דען דאס איז פון שטן געשיקט — אונז נור קאליע צו מאכען. דען דאס האט ניט קיין רוהיגע נשמות, אזוי ווי דער ווינד וואנדעלט עס פון לאנד צו לאנד, און וואו עס קומט טהוט עס שלעכטס די מענשען.

— און די מאלפעס, מיינט איהר, זיינען ריכטיגע מאלפעס? — דערצעהלט א דריטער — ארער די מייזלעך וואס זיי האבען אין די קעסטלעך. עס איז דאך בעוואוסט, אז דאס זיינען אלץ פערשאלטענע

אויף" — פלעגט ער אהיים קומען, דאָס ווייב ביי די האָאר כאפּען, און שלאָגען מיט די פויסטען אין קאָפּ אריין:

— דו פערשאָלטענע! טייוואָלים געווינסט דו, צום שאנד פון די מענשען.

זי פלעגט זיך ארויסרייסען פון איהם, בעהאַלטען זיך ביי א שכנ'טע. דער גוי איז אויף דער ערד נעפאלען, אויסגעשלאָפען זיך, אויסגעניכטערט, דערנאָך האָט ער ווידער פערגעסען אין בעשעפעניש.

---

צו מאָרגענס אין דער פריה האָט זיך אנטאָן אויפגעהויבען, האָט פון הויז ארויסגעפיהרט דאָס פערדעל, (דאָס בעשעפעניש איז שוין ניט געווען), איינגעשפּאנט צום וואָגען און ווי זיין געוואָהנהייט געפאָהרען אין וואלד אריין, פיהרען די אָבגעהאקטע בוימער צו די זעג. עס איז געווען א שעהנער פריהמאָרגען, די יונגע זון האָט געוואַרעמט דעם וואלד פון דעם קאַלטען אָבענד, און געטריקענט די בלעטלעך. דער פויער — ווי זיין זאַק וואָס ער האָט געהאַט אויף זיך — האָט גאָר ניט געקלערט, גאָר ניט געוואוסט, נור געטהאָן זיין ארבייט. פּלוצים, אזוי ווי ער איז טיעפער אריינגעפאָהרען אין וואלד, האָט ער דערזעהן איינינגע וועגען־הייזלעך פון צירק־קאָמעדיאַנטען שטעהען אין מיטען וואלד, א פייער'ל ברענט זיך, א רויך געהט, און עס הערט זיך א קול פון האקען האָלץ. אז ער איז נעהנטער צוגעקומען האָט ער דערזעהן ווי די שעפּער־שקצים'לעך האָבען נייגיעריג ארומגערינגעלט איינס פון די וועגען־הייזלעך, פון וועלכען עס האָבען דורך די גראַטעס ארויסגעקוקט פערשיעדענע חיות: א לייב האָט זיך געדרעהט ארויף און אראָב אונרוהיג, מאַלפּעלעך האָבען אין א שט־יג אויף א לייטער'ל ארומגעשפּרונגען און אמוזירט זיך מיט די שעפּער־אינגעלך, וועלכע האָבען זיי שטיקער צוקער און עסענוואַרג צוגעוואָרפען. א מענש, אין א קאַרטאָן אָנגעטהאָן, מיט ארויפגערוקטע ארבעל און מיט פּאַרב־אויסגעשטאָכענע הענד און א רינגעלע אין אויער האָט די חיות פלייש דערלאַנגט דורך די גראַטעס און צוגעוואָרפען זיי אזעלכע מאָדנע ווילדע ווערטער, וואָס נור די חיות האָבען פערשטאַנען. צוערשט האָט דאָס פויער'ל געוואָלט דורכפאָהרען, עס איז שוין שפּעט, ער איז אָבער נייגיעריג געווען צו זעהען די חיות, האָט ער אָבגעשטעלט די פוהר, און א מינוט זיך אויף

אינאיינעם מיט די קיה אין אַקער זיך איינשפּאַנען, אום די צוויי מאָרגעס ערד, וואָס איהר מאַן האָט געהאַט, צו בעאַרבייטען, האָט ניט קיין צייט געהאַט צו זאָרגען, אָדער צו דענקען פון דעם בעשעפעניש. אַז זי פלעגט עס זעהען, אָדער מען האָט איהר עפּעס דערציילט פון דעם, פלעגט זי די הענד פערשפּרייטען פאַר די היילינע מאריע, און בעטען אַז גאָט זאָל זיך אויף איהם מרחם זיין, ארויסטרייבען פון איהם דעם גייסט און צונעהמען איהם צו זיך. נור אין די ווינטערדיגע נעכט, ווען דאָס בעשעפעניש איז געלעגען אין הויז, דער פראָסט אין דרויסען איז גרויס געווען, פלעגט זי אין דער שטיל ביינאַכט זיך אויפהייבען, ווען דער מאַן איז שוין געשלאָפען, די טהיר עפענען און דאָס בעשעפעניש אין שטוב אריינלאָזען, צוואווארפען איהם א לאַכמאַנע, אַז ער זאָל זיך צודעקען, א שטיק ברויט איהם צוואווארפען, אַז קיינער זעהט ניט, אָדער א טעלער עסען. און ווען עס איז געווען דער בויך־טיפוס אין דאָרף, קליינע קינדער זיינען פיעל געשטאָרבען, די גוים האָבען געזאָגט אַז עס איז פון איהם, מעשי שטן, און האָבען איהם דורכאויס געוואָלט סם'ען, האָבען פאַר איהם א קוכען אָבגעבאַקען מיט סם און איהם אונטערגעוואָרפען אַז ער זאָל עס אויפפרעסען, — איז זי געשטאַנען א גאַנצען טאָג, א גאַנצע נאַכט, דאָס בעשעפעניש מיט א שטעקען אָבגעהיט, און פון דעם אָרט וואו דער קוכען איז געלעגען איהם אוועק־געיאָגט, ביז עס איז געקומען דער דאָרפס־סטראַזשניק, מיט'ן סאָלטיס, און האָבען דעם קוכען צוגענומען, און דאָס בעשעפעניש אויף א פּאָאר טעג אין די וואַך איינגעשלאָסען ביז די גוים האָבען זיך בערוהיגט...

דער פאָטער האָט אויך וועגען דעם בעשעפעניש וועניג געקלערט, האָט מיט זיין פערדעל א גאַנצען טאָג האַלין געפיהרט פון וואַלד צו די זעג; ער האָט געוואָלט עס זאָל שטאַרבען, נור עס זאָל אליין פון זיך שטאַרבען. טויטען עס, ווי די פּויערים האָבען געוואָלט, האָט ער ניט געקענט איבערטראָגען, דאָך, ווען די גוים, ביים טיפוס־קרענק, האָבען איהם סם'ען געוואָלט, האָט ער געוואָלט זיך בעהאַלטען אין וואַלד, ניט געוואָלט אהיים געהן, און געשריגען, אַז עס איז איהם אליין איינס, נור ווען ער האָט זיך אָנגע'שכור'ט, מיט די פּויערים אין שענק געקריגט, אַז זיי האָבען איהם פאַרגעוואָרפען מיט'ן בעשעפעניש: —

„דיין ווייב איז מיט'ן שטן געשלאָפען! כאָוועכט א בענקאַרט פון שטן

אָנגעלעגט אויף דעם בעשעפעניש. האָט מען עס געטראָפען אויפ׳ן וועג, האָט מען דאָס אָנגענומען פאַר אַ שלעכטען צייכען; אז עס פלעגט זיך ווייזען ביי אַ געבעט, איז געווען אַ צייכען אַז דער שטן האָט זיך אַריינגעמישט. אין דאָרף האָט מען עס געוואָלט אונטער־ברענגען, אויסהונגערן, די עלטערן האָבען עס פון קליינערהייט אָן פון שטוב דערווייטערט, און עס פלעגט זיך אין דאָרף אַרומוואַלגערן, נור וואָס די גוים האָבען ניט געטהאָן דאָס בעשעפעניש אונטערצוברענגען, האָט עס זיך דאָך ערהאַלטען, אין דאָרף אַרומגעלאָפען, געפרעסען אַלץ וואָס עס האָט געפונען; דורך די אָפענע פענסטער, דורך די אָפענע טהירען אין די שטובען זיך אַריינגעכאַפּט, אַראָבגעשלעפּט אַלץ וואָס האָט געפונען אויף די טישען אין די שיסלען, און ערנעהרט זיך פון וואָס עס האָט געקאָנט. אַבלאָוועס פלעגט מען מאַכען אויף דעם בעשעפעניש, פעריאָגען עס אין וואַלד אַריין, נור עס האָט ניט געהאָל־פען קיין שום זאַך, אַזוי ווי אויף להכעיס די גוים האָט דאָס דער שטן גענומען אין זיין שוטין, בעשערט עס טאָג און טאָג זיין ביסעל בידנע חיונה, פון וואָס עס האָט זיך געדאַרפט ערנעהרען אום צו דערהאַלטען זיין אונגליקליך לעבען, צו שאַדען די מענשען אין דעם דאָרף, און צו דער שאַנד פון זיין מוטער, וואָס דער שטן האָט זיך דערנעהנט צו איהר, און פון זיך אַזאַ בעשעפעניש אַרויסגעגעבען...

בייטאָג האָט עס זיך אין דאָרף אויפגעהאַלטען, הינטער יעדער טהיר געטשאַטעוועט, אויף די קינדער אָנגעפאַלען, פעריאָגט זיי און דאָס ברויט אָוועקגענומען. און קוים האָט עס עפּעס דערטאַפּט, פלעגט עס זיך בעהאַלטען הינטער אַ טרעפּ, הינטער אַ שטאַל, און אויפפרעסען דאָס וואָס עס האָט דערטאַפּט. קוים אָבער איז די נאַכט צוגעפאַלען, פלעגט עס פאַר געוואוינהייט אָנקומען פאַר׳ן טויער פון זיין מוטער׳ס שטיבעל, זיך דרעהען אַהין און דרעהען אַהער, און ווי אַ הונד, וואָס מען לאָזט איהם ניט אין שטוב אַריין אין אַ רעגען, האָט עס הינטער די טהיר געבילט, געמיאַוטשעט, ביז דער פאָטער פלעגט אַרויסגעהן דעם לאָדען צומאַכען, האָט ער עס אַריינגעלאָזט אין הויז אַריין וואו דאָס פיה איז געשטאַנען. די מוטער פלעגט דאָן אַ שטיק ברויט, אַ טעלער מיט איבערגעבליבען עסען הינטער די טהיר אַרויסשטעלען, און די טהיר פערמאַכען נאָך זיך.

די מוטער וועלכע האָט געהאַט נאָך קינדער, און האָט בעדאַרפט

געהילט אין די גרויסע וועסט וואָס האָט געטראָגען און געבלישטשעט מיט די צוויי גרויסע שווארצע אויגען — האָט געהערט צו אנטאָנ׳ען מיט די אנטאָניכע.

די סוכאָטניטשע ערד פלעגט פון צייט צו צייט ארויסוואַרפען פון זיך ווילדע מיני בעשעפענישען, קאליקעס און אונגעוועהנליכע בעלי מומים, סיי ביי מענשען, סיי ביי פיה, וואָס האָבען געהאט פערשיעדענע מאָדנע פאָרמען. עס פלעגען געבוירען ווערען טהיילמאָל פון אַ קוה קעלבער מיט געשטאלטען פון פערשיעדענע בהמות, אָדער פון די ערד פלעגען ארויסוואקסען פרוכטען, עהנליכע צו מענשליכע פאָרמען, קארטאָפלען אין געשטאלט פון קליינע פערדלעך, קעלבליך, ווי לאנגע אויסגעצויגענע טאָפּאָלען; מענשליכע קינדער מיט הינדטישע פנים׳ער, אָדער אין געשטאלט פון קעלבער, וואָס פלעגען קריכען אויף אלע פיער, און פלעגען בילען ווי הינד, מיאוטשען ווי קעץ, און האָבען די אייגענשאפטען פון חיות. די גוים האָבען געגלויבט ביים געבוירען ווערען פון אזא מין בעשעפעניש אז דאָס איז פון שטן, און דאָס איז די גאנצע סיבה פון זייער אָרעמקייט, טרוקענקייט און פערשיעדענע קרענק. דאָס פיה אין די אונגליקליכע געשטאלטען פלעגען זיי באלד אונטערברענגען, אין וואסער דערטרינקען, אין די ערד איינגראָבען, אָדער טהיילמאָל עס אין וואלד ארייגפיהרען און ביי א געוויסע צערעמאָניע עס אין פייער פערברענען. די מענשליכע בעשעפענישען אין אזעלכע געשטאלטען, ווען עס פלעגט זיך טהיילמאָל וויזען, האָבען זיי געלאָזט אויסהונגערן ביז עס פלעגט אליין פון זיך שטארבען, דערנאָך האָבען זיי דאָס ערגעץ אין די ערד איינגעגראָבען, וואו קיין מענשענ׳ס פיס טרעטען ניט.

די אנטאָניכע האָט פאר א פאאר יאהר צוריק געבוירען אזא מין בעשעפעניש — א קינד אין געשטאלט פון א הינדטעל. עס איז געווען אין גאנצען מיט האאר בעוואקסען, קליינע שווארצע אויגען וועלכע זיינען טיעף אין פלייש געזעסען, לאנגע אראָבהענגענדע אויערן, שטום איז עס געווען, און פלעגט ארויסלאָזען פון זיך קולות עהנליך צו הינדטישען בילען. אין די ווינקלען פלעגט עס קריכען, ליעגען אויף אלע פיער און קוקען ווילד און אונהיימליך ערגעץ־וואו מיט די אויגען.

די גוים האָבען געגלויבט, אז דאָס בעשעפעניש איז געקומען פון שטן, און אזוי לאנג ווי דאָס לעבט איז עס נור דאָ שלעכט צו מאכען. אלע אונגליקען וואָס פלעגען פאסירען אין דארף האָט מען

מינוט אויפגעכאפּט, דערזעהן די גלענצענדע אויגען, געשראָקען זיך, און נעהנטער זיך צוגעטוליעט צו די עלטערען.

— דאָס האָט דיך דער טייוועל אהער געשיקט, אז דו זאָלסט אונז אין אונזער בעטען שטערען — האָט א גוי זיך אָנגערופען פון דער חברה.

באלד האָט זיך אנטאָן גענעהנטערט צו דער בעשעפעניש, יאָגענ־דיג איהם מיט די צווייג, און דאָס בעשעפעניש האָט זיך אויפגעכאפּט, אנטלאָפען און פערלוירען געוואָרען אין די טונקעלע נאכט אריין.

באלד דארויף האָבען די פויערים זייער תפילה געענדיגט, איבער־געלאָזט דעם קריסטוס אויפ׳ן צלם מיט דעם ליכטעל וואָס האָט געברענט פאר איהם אין מיטען דער נאכט און זיינען זיך ווי שאָטען צוגאנגען.

אנטאָן מיט די אנטאָניכע זיינען אהיים געקומען אין זייער שטיבעל אריין, האָבען געוואָרפען א בליק אויף די קוה מיט׳ן קאלב וואָס זיינען געשטאנען אין הויז און זייערע פיסקער אין שטיבעל דורכ׳ן לייטער׳ל אריינגעשטעקט. אנטאָן איז ארויסגעגאנגען די לאָדען צומאכען, די אנטאָניכע האָט פון אינעווייניג דאָס אייזענדעל אריינגעשטעקט, דאָס שטיקעל קיהן האָט זיך אויפ׳ן אויווען געברענט. אנטאָן איז אריינגע־קומען, און אָנגעהויבען זיך אויסטהון, האָט די אנטאָניכע געפרעגט דעם מאן:

— עס ליגט הינטער דער שוועל?

— עס ליגט — האָט אנטאָן אָבגעענטפערט.

די אנטאָניכע האָט א שטיק ברויט אָבגעשניטען פון דעם שווארץ ראָזעוואַנע לעבעל, א שפאלט פון די טהיר אויפגעעפענט, און הויז ארויסגעוואָרפען.

— נא, האָסט דו, מיין אונגליק.

דאָס בעשעפעניש וואָס איז הינטער די טהיר געלעגען. האָט דאָס שטיק ברויט געכאפּט. די אנטאָניכע האָט דאָס קיהנדעל פערלאָשען און זיך אין בעט צום מאן געלעגט שלאָפען.

---

דאָס בעשעפעניש, וואָס איז יעצט געלעגען אויף די שוועל פון אנטאָנ׳ס כאלופע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען זיין קוה מיט׳ן קאלב, און קרישענדיג דאָס הארטע שטיק ברויט האָט עס זיך איינ־

צוויי שווארצע גלאַנצענדיגע אויגען, וואָס זיינען געווען אונרוהיג, געוואָרפען זיך און געמיאוטשעט. עס האָט געבילט, אונפערשטענדליכע געשרייען האָט עס געשריען, טהיילמאַל מיט געבייזער ווי אויף די קופּע מענשען געבילט, געוואָלט אַנפאַלען אויף זיי, טהיילמאַל פאַר זיך אליין געשריען, בעקלאָגענדיג זיך אייף עפּעס... אָדער איינגעטוליעט דעם קאָפּ צו דער ערד, און פאַר דער ערד עפּעס געקלאָגט, געזאָגט, געוואָלט... טהיילמאַל האָט עס זיך פון פון אָרט דערהויבען, צוגעלאָפען אויף אַלע פיער, צום קרייז צו, ווי געוואָלט זיך אויף ווערמען וואַרפען, מיאוטשענדיג עפּעס, נור באַלד האָט עס זיך ווידער אַניעדערגעלעגט פון דער־ווייטען, געלעגט זיך אויף אַלע פיער, צוגעקוקט זיך, דעם קאָפּ צו דער ערד צוגעבויגען און אָנגעהויבען צו קלאָגען מיט אַזוי אַן אונ־מענשליך קול, אַז עס האָט דאָס הארץ געשניטען... די פויערים האָבען דאָס בעשעפעניש צוערשט ניט בעמערקט, דערנאָך, ווען דער אַלטער מארטשין האָט בעמערקט פון דער־ווייטענס זיינע גלענצענדיגע אויגען, האָט ער אַ מינוט אויפגעהערט צו זינגען, ארויסבויגענדיג דעם קאָפּ האָט ער געזאָגט צו אַנטאָן גראָכאָוו:

— אַנטאָניו, דיין אונגליק דערנעהנט זיך.

אַ מינוט האָבען די גוים אויפגעהערט צו זינגען, און געסטראָ־שעט פון דער ווייטען דאָס בעשעפעניש.

— אַנטלויף, דערוויייטער זיך, דו אונגליק, — און גע׳צלם׳ט זיך איינצייטיג פאַר׳ן הייליגען בילד: — הייליגע פריילין ערבאַרעם דיך!

אַנטאָן האָט גענומען אַ וויטקע פון דער ערד, און פון דער ווייטען געשאָקעלט דערמיט צו דער בעשעפעניש:

— צו די סטאָדאָלע, צו די סטאָדאָלע, דו פּאַקראַקע.

די אַנטאָניכע האָט זיך דערוויייל גע׳צלם׳ט, און ווייזענדיג אויף דער בעשעפעניש האָט זי זיך געבעטען פאַר׳ן הייליגען בילד, מיט טרעה־רען אין די אויגען:

— הייליגע פריילין, ערבאַרעם דיך, און טרייב פון איהם ארויס דעם שלעכטען גייסט, און נעהם איהם צו דיר אין הימעל אריין; בעשיין איהם אונטער דיינע לייכטענדע פליגעל, הייליגע, הייליגע פריילין, קריסטוס העך!

דאָס בעשעפעניש איז אַלין געלעגען אויף אַן אָרט, און צוגעהאָרכט זיך ווי די גוים שרייען אויף איהם. די קינדער האָבען זיך אויף אַ

מאַמען אהיים צו געהן. נור די קעפּ אין דער הויך האָבען זיך אויסגע־מיישט, בעהאַלטען זיך אין איינעם אין פערלוירען געוואָרען אין די שוואַרצע נאַכט. שטיל איז געווען אַרום, נור אַ שטיל טיעף געררויש האָט זיך געהערט אין טיעפען וואַלד — ווי דאָס וואָלט אויסגעזאָגט פון דעם טיעפען שרעקליכען געהיימניס וואָס טהוט זיך יעצט אין וואַלד אָב... דאָס שטילע געררויש האָט געוואָרפען אַ שרעק אויף די קינדער, וואָס די גוים האָבען מיטגענומען צום צלם. די קינדער האָבען אַרומגע־קניעט און זיך איינגעטוליעט צום צלם צו. צוערשט האָבען זיך געהערט זייערע קינדער־שטימען מיטזינגען די ליעדער, דערנאָך, ווען די נאַכט איז שוואַרץ געוואָרען, דאָס ביסעל הייטליבקייט איז פערטרונקען גע־וואָרען אין טיעפען וואַלד, און פון וואַלד האָט זיך דערהערט דאָס שטילע געררויש — זיינען זיי שטיל געוואָרען, ניר ענגער נאָך צוגעטוליעט זיך צום קרייז צו... זייערע ליפּען האָבען אין דער שטיל געברומט „טאַטע אונזער“... דאָס ליכט, וואָס האָט זיך געברענט אַרום קרייז, און די עלטערען׳ס שטימען וואָס האָבען יעצט שוין ניט מעהר געזונגען נור געשריען, האַרצרייסענד געשריען, קלאָגענדיג זיך, קלאָגענדיג זיך, האָט אויף זיי אַזא שרעק געוואָרפען, אַז זיי זיינען איינגעשלאָפען, איינס צוגעטוליעט צום צווייטען, און מיט די הענד אַרומגענומען דעם האַלז פון קרייז. די סובאָטניטשע ערד וואָס האָט זיך יעצט איינגענאַרעט, און איינגעקאָרטשעט זיך אין די שוואַרצע נאַכט אריין איז געלעגען אויס־געצויגען אַרום דעם שוואַרץ־געהילטען וואַלד, אַרום דעם טיעף אין סוד איינגעזונקענעם וואַסער און האָט זיך איינגעהאָרכט צו די געשרייען, און האָט זיך צוגעקוקט צו די ליכטלעך וועלכע לייכטען זיך פון קרייז אַהער, און צו די שוואַרצע שאָטענס פון די פויערים וועלכע ליגען אַרום דעם קרייז, איינגעהאָרכט און צוגעזעהן זיך אַלין און געוואוסט, אַז איבער איהר זיינען די געשרייען וואָס רייסען זיך אין די נאַכט אריין, און ווי אַ קאַפּריזנע, שלעכטע מאַמע איז זי געלעגען, „איך וועל ניט בעסער ווערען“.

ניט ווייט פון צלם, אָבגערוקט פון די קינדער, אָבגערוקט פון די פויערים, איז געלעגען אויף דער ערד איינגענאַרעט אַ מין בעשעפע־ניש, וואָס האָט געמאַכט דעם איינדרוק אין די נאַכט ווי אַ משוגע׳נע־הונד, וואָס קוקט אוים אויף ועמען אָנצופאַלען אין בייסען, אַזוי האָט דאָס בעשעפעניש אַריינגעגלאָנצט אין די נאַכט אַריין, מיט זיינע

אין איינע פּון אַזעלכע מאַי־נעכט האָבען זיך די גוים פון דעם דאָרף צונויפגענומען מיט די ליכטער און די געבעט־ביכער אין די הענד אַרום דעם קרייץ און האָבען אָבגעריכט זייער מאַי־געבעט. די פּויערים זיינען זעהר בעטריעבט געוועזן, עס איז שוין געוועזן אין שפּעטען מאַי, ווען אַנדערש־וואו האָבען שוין געמוזט די פעלדער אין גאַנצען בעקליידט זיין מיט גרינס, דער ווייטיץ און דער קאָרן האָט שוין בעדאַרפט אין דער הויך צו שטעהן און דאָ נאָכ'ן אַקערען אַזוי ווי דער ווינד האָט אָנגעטראָגען דעם שטויב, בעהויכט די ערד, אַזוי איז עס געוועזן איצט, טאַקע דאָ און דאָרט האָט זיך געגרינט קאָרן, די קאַרטאָפּעל האָבען בלעטלעך אַרויסגעגעבען, עס וואָלט אפשר דאָס האַ־יאָהר בעסער געוועזן ווי אַן אַנדערש מאָל, נור וואָס קומט אַרויס — קיין רעגען איז ניטאָ. די ערד איז טרוקען, צוזאַמענגעבאַקען פון די זונן וואָס האָט שוין האַ־יאָהר אין מיטען פריהלינג הייס געוואַרעמט. די ערד שפּאַלט זיך און דער שטויב לעגט זיך אויפ'ן גרינס. דער גלח אין די קירכע פון נאָהענטען שטעדטעל האָט שוין איינינע געבעטען אָבגעריכט אויף רעגען, נור דער רעגען ווייזט זיך ניט. יעדען פאַרנאַכט קוקען די פּויערים אויף די רויט־אונטערגעהענדע זונן וואָס לאָזט זיך אין טיעפען וואַלד אַריין, זוכען צייכען אויב עס וועט מאָרגען זיין רעגען — געפינען אָבער קיינע ניט. די טעג זיינען וואַרעם, די נעכט זיינען שוואַרץ, מיט שטערען איז דער הימעל בעדעקט, און די זונן געהט יעדען טאָג גליהענד אונטער, בעלייכט דעם גאַנצען וואַלד און די בוימער נייגען זייערע קעפּ צו די רויט־אונטערגעהענדע זונן. האָבען די גוים דאָס מאָל זייער געבעט אָבגעריכט מיט צובראָכענע הערצער, און זייערע שטימען זיינען געוועזן זעהר ריהרענד. אין די ווייבערישע שטימען האָבען זיך טרעהרען געהערט, און די מענער־שטימען זיינען געוועזן האַרט, רויה, נור דאָך האָט זיך אין זיי אַ קלאָגען געהערט. זיי האָבען זיך ניט געהאַלטען אין טאַקט, ניט מיטגעזונגען, נור האָבען געשריען, רויה געשריען די ווערטער אין די שטילע טונקעלע נאַכט אַריין, וואָס האָט אַרום־געהאָרכט אַרום דעם גאַנצען, גאַנצען שטח. דער וואַלד איז שוואַרץ געוועזן און זיך איינגעהילט, געטוליעט זיך צו זיך, יעדער בוים איז געשטאַנען פאַר זיך, ווי אַליין אין זיין סוד בעהאַלטען און געמאַכט דעם איינדרוק ווי אַ שוואַך אונבעהילפיג קינד, וואָס מען האָט עס אַניעדערגעשטעלט און עס ווייס ניט ווי צו דער

זיין עלטער־זיידע, וואָס זיין קערפּער איז שוין לאַנג געוואָרען אַ חלק פון די ערד.

---

אויף אַ שיידען־וועג אין אַ ווינקעל פון דעם שטיק לאַנד, איז געשטאַנען אַן אַלטער האַלב־איינגעזונקענער צלם. דער צלם מיט דעם קריסטוס וואָס איז געווען אויף איהם האָבען פערשפּרייט זייערע אַלטע מיט מאָך בעוואַקסענע הענד איבער די צוויי זייטען וועג און האָבען געזאָגט, אַזוי ווי מען האָט אויף זיי אָנגעשריבען, אָבהיטען די געגענד פון הונגער, פייער און מלחמה. דער צלם מיט דעם קריסטוס־בילד וואָס זיינע הענד און פיס זיינען געווען צוגעשלאָגען צום קרייז — זיינען אַזוי אַלט געווען, אַזוי אָבגעלאָזען און מיט מאָך בעוואַקסען, אַז עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען אַזוי ווי דער אַלטער אויסגעלעכער־טער און מיט דונער'ס דורכגעברענטער בוים, וואָס איז געשטאַנען הינ־טער זיי — אַז זיי זיינען אויך אַרויסגעוואַקסען פון דער ערד, האָבען אַמאָל געבליהט, צווייגען און בלעטער געהאַט, נור פאַר אַלטקייט זיינען זיי אַזוי אויסגעדאַרט און טונקעל געוואָרען, און מיט מאָך בעוואַקסען און נייגען זיך צו דער ערד.

אויף יעדען מאַי־יום־טוב האָבען די קינדער פון דאָרף דעם צלם מיט בלומלעך בעפּוצט, ריכטיגע פעלד־בלומלעך, גאָט'ס אַרבייט וואָס זיי האָבען ערשט פון בוימער אין פעלד אָבגעריסען און פּאַפּירענע, זייערע הענד־אַרבייט. נור די בלומלעך האָבען זיך אויסגעמיישט. מען האָט ניט געוואוסט וועלכע עס זיינען פעלד־בלומלעך און וועלכע זיינען פּאַפּיער־בלומלעך. ס'האָבען ליכטלעך געברענט פאַר די הייליגע מאַמע'ס בילד וואָס איז געווען אַריינגעוואַקסען אין בוים אַריין, האָט דעם צלם מיט בוימעלעך וואַלד־קשאַקעס אַרומגעזעצט, מיט זאַמד אויסגע־שיט און אַ ווייסען טיישטוך פאַר דעם צלם אויפגעהאַנגען, האָבען ווי קינדער זייער גאָט'ס שטיבעל, וואָס איז געשטאַנען אין מיטען וועג אונטער'ן פרייען הימעל אָהן אַ דאַך, אָהן אַ וואַנד, אויסגעפּוצט און אויסגעציערט, און דאָרף־גוי'עס האָבען זיך יעדען אויף־דער־נאַכט אין גאַנצען חודש מאַי אונטער דעם קרייז, צווישען די אַריינגעשטעלטע בוימלעך אַרונטערגעקליבען און אַלע, ווי מענער און ווייבער, ווי אינגלעך און מיידלעך, האָבען פון די ביכער מיט די ליכט בעלויכטען הייליגע ליעדער אין די נאַכט אַריין געזונגען.

וואָס זי האָט איהם אָבגעגעבען צוריק פאַר זיין פראַצע מיט זעהר אַ קאַרגע האַנד. טאַקע דער שטרוי איז געוועזען קליין און שיטער, און די קערענדלעך אַזוי מאָגער דאַר, אַז עס האָט ניט געלוינט זיי פון די פּלעווע אַרויסצוהאַקען — נור דאָך איז עס געוועזען גאָט'ס ערד, און זי צו פערשעמען, איבערצולאָזען ניט בעאַרבייט — וואָלט געוועזען אַ זינד פאַר גאָט.

איז ער אָרעם געוועזען דער פויער פון דער ערד און האָט איבער־געטראָגען זיין אָרעמקייט מיט אונטערטהעניגקייט און געדולד. זיינע קינדער ווי זיינע פיה האָבען זיך איהם ניט געכאָוועט, זיי זיינען איהם געבוירען געוואָרען ווי די ערד, כוכאָטניקעס, אָדער זיי זיינען פריה־צייטיג געשטאָרבען. צי פאַר הונגער און החקות, צי איבער די קללה, — דאָס שטיק לאַנד, איז עפּעס איבער אַ פערבאָרגענע געהיימנים־פאָלע זינד געוואָרען פערשאָלטען, ווי די פויערים האָבען געגלויבט — נור אפילו די וואָס זיינען יא געבליבען ביים לעבען, און ווי דאָרט זיך געקענט דורכשטופּען און דערוואַקסען, האָט די סוכאָטניט־שע ערד אויך ניט געקענט זיי מפרנס זיין און ערהאַלטען. דאָס פיה ווי די מענ־שען, כאָטש זיי זיינען קליין־וויקסיג געווען, האָבען זיי איהר געמיזט פערלאָזען אין דער יוגענד און פיהרען זייערע הענד אויף אַנדערע פעל־דער, צו פרעמדע פעלקער, איבער די דייטשע גרענעץ. אָדער אויף יענער זייט ים, אין ווייטען בראַזיליען.

און געהאַלטען האָבען זיך נור אויף איהר די פון איהרע קינדער, וועלכע האָבען ניט געקלערט — און ניט געוואוסט, אַז עס איז ערגעץ אַנדערש־וואו דאָ אַנדערע ערד, וועלכע בעצאָהלט בעסער און רייכער פאַר דער ארבייט און ווייצען וואָס מען לעגט אריין אין איהר; די פון איהרע קינדער, וועלכע עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי זיינען בעשאַפען געוואָרען פאַר איהר, אָנגעוואַקסען אָן איהר, און מוזען אריבערטראָגען מיט איהר צוזאַמען איהר אָרעמקייט און טרוקענקייט.

האָבען זיי זיך געהאַלטען אָן איהר, און איהר צוריקגעגעבען די קראַפט און פראַצע, וואָס זיי האָבען גענומען פון איהר ביסעל בידנע חיונה, פון איהר לופט, פון איהרע אָרעמע פרוכטען, און נאָך די צייט פון זייערע יאָהרען זיך איינגעגראָבען אין איהר, און זייערע לייבער אויסגעמישט מיט איהר שטויב און זאַמד, און ניט איינמאָל האָט אַ פויער געפונען ביים אַקערען מיט'ן אייזען אין די ערד דעם שיימעל ביין

# ערד

דאָס שטיק ערד פון וועלכען איך וויל ערצעהלען, איז געלעגען אויסגעצויגען פון יענער זייט דאָמבראָווער גרויסע וועהדער ביים ברעג פון דער ווייכסעל. די הויכע סאָסנעס וואָס זיינען געשטאַנען ווי אַלטע גרויסע מלכים, מיט זייערע קרוינען אויף די קעפּ און האָבען מיט זייער הויך איבערגעשטיגען איינער די צווייטע אין ווייטען, ווייטען וואַלד אַריין, האָבען פון דער ערד דורך דורות און דורות אויסגעטרונקען איהר פעטקייט און פייכטקייט און זי איבערגעלאָזט טרוקען און זאַמדיג ווי א פוסטאָגיטשע אויסגעזויגענע ברוסט פון א דאַרער מוטער, און זי האָט אויסגעצויגען מיט איהר טונקעלען טריקענעם זאַמד־רוקען, אונ־טער דעם העלען לויכטענדען הימעל, וואָס האָט יעצט אין פריהלינג־צייט בעגאָסען אלעס ארום מיט לייכטענדע יונגע שטראַהלען. די יונגע שטראַהלען האָבען ערפילט דעם שטח מיט א לעבענס־לוסט וואָס האָט געוועקט צום שאַפען, נור די לייכטענדע פיל מיט קראַפט אָנגעטרונ־קענע שטראַהלען האָבען ווי יונגע התנים־בחורים איבערגעלויכטען זיך איבער דער ערד, און האָבען ניט געפונען קיין כלה צו דער חתונה. בחנם האָבען זיי געוועקט פון דער ערד דאָס פערבלאָנדזשעטע קערנדעל וואָס דער ווינד האָט עס אהער געבראַכט פון פעטע פעלדער, די ערד האָט קיין גרינס ניט ארויסגעצויגען און האָט זיך שיין יאָ דאָ און דאָרט דירך דעם זאַמד גרינע קנאָספען־שפּראָצעכטס געוויזען, איז עס פריה־צייטיג פון זאַמד און שטויב פערטריקענט און אויסגעגעסען געוואָרען. און דאָס גאַנצע שטיק לאַנד אויסגעצייגען אריב ברעג פון ווייכסעל איז געוועזן ווי אן אונגיצליכע שמאַטע, וואָס איז געוואָרען ארויסגעוואָרפען פון דעם הויכען רוישענדען וואַלד, פערשעמט פון גאָט און לייט.

זי האָט ניט צוריקגעגעבען דעם פויער, איהר בעל־הבית, די מאָס ווייטצען וואָס ער האָט בעדאַרפט אריינגעהמען פון איהר, זיין ארבייט און די קערענדלעך וואָס ער האָט אין איהר אריינגעלעגט, האָט ער זי בעשטימט פאַר דעם אָרעמען קאַרטאָפעל און פאַר׳ן אָרעמען ברויט,

ער אונז זיין צייכען וועיזען, כדי מיר זאָלען זעהען און גלויבען, אזוי ווי אין די נביאים פון די געטער."

און עס האָט זיך דערהערט איהר שטים, און זי האָט געקלונגען ווי מיט'ן וואסער געשוואומען און האָט געשמעקט, ווי מיט'ן בלומען־ריח געבלאָזען.

— נייעט דער גאָט פון די הימלען איז דיין גאָט פון דער ערד, און נייעט ווי די נביאים פון די הימלישע געטער איז דער נביא פון דעם גאָט פון דער ערד.

נייעט דער צייכען פון אונגעוועהנליכעס איז דער צייכען פון גאָט, דיין גאָט, — דער צייכען פון דיין גאָט איז דאָס געוועהנליכע.

נייעט די מאנדלען, וואָס וואקסען אויף דעם שטעקען אין מענשענס האנד, איז דער צייכען פון דיין גאָט, נאָר די מאנדלען וואָס וואקסען אויפ'ן צווייג, וואָס דער וואָרצעל פון זיין בוים איז אין דער ערד איינגעפלאנצט.

נייעט ווען די זון געהט אונטער אין מיטען טאָג איז דער צייכען פון דיין גאָט, נור דאָס, וואָס די זון געהט אונטער יעדען פארנאכט און שיינט אויף יעדען פריהמאָרגען, איז דער צייכען פון דיין גאָט. דאָס וואָס אין זומער שיינט די זון, און ווינטער גיסט דער רעגען, איז דער צייכען פון דיין גאָט.

וואָרום אלעס, וואָס גאָט האָט בעשאפען, האָט ער צום גוטען בעשאפען: מיין צייכען איז „דאָס זיין"!

און עס איז געווען, אז גאָט מיין בעשעפער האָט געענדיגט צו רעדען, און א טוי איז אויפגעגאנגען פון די פעלדער פון לאנד און האָט אָנגעטרונקען אלעס בליהענדע און וואקסענדע, איז גאָט מיין גאָט פערהילט געוואָרען אין דעם טוי־וואָלקען, וואָס האָט גערוהט אין די עקען פון לאנד.

און די זון איז ארויסגעגאנגען צו בעלויכטען די וועלט, און די ערד האָט זיך ערוואכט צו איהר ארבייט.

האָט איהר די אויגען דערהויבען, צו דעם וואָס איז אין דער הויך פון אייך און איז פרעמד פון אייך. דיינע אויגען האָט גערייצט דער הימעלס־שיין, און דיין הארץ האָט געצויגען דאָס וואָס איז פון דער הויך פון דיר.

אזוי טהוט גאָט זאָגען: דעם הימעל, דעם הימעל — צו גאָט, און די ערד, די ערד האָב איך צו די מענשען געגעבען.

און איהר האָט געטהאָן ריכטען מיין ערד מיט א פרעמד געריכט, און איהר האָט געטהאָן פיהרען מיין וועלט מיט א פרעמדען אמת.

וואָרום נישט דעם הימלעס גערעכטיגקייט איז די גערעכטיגקייט פון דער ערד, און נייסט דער אמת פון די הימלען איז דער אמת פון די קינדער פון דער ערד.

און איהר האָט זיך געטהאָן ווענדען צו א פרעמדען גאָט, צום גאָט פון הימעל, גאָט, וואָס האָט אייך נייסט געקענט און אייער תפלה נישט געהערט.

און עס איז געוועזען, אז איהר האָט רעגען געדאַרפט, האָט ער אייך ווינד געשיקט. דעם גוטען האָט ער שלעכטס געטהאָן און דעם שלעכטען האָט ער גוטס געטהאָן. וואָרום נייסט דאָס גוטס פון הימעל איז די גוטסקייט פון דער ערד און ניט דאָס שלעכטע פון הימעל איז דאָס שלעכטע פון דער ערד. איהר האָט נביאות געזאָגט אין דעם נאָמען פון די געטער פון הימעל, און אייער נביאות איז נייסט מקוים געוואָרען, וואָרום פרעמד זיינען זיי געוועזען דעם גאָט פון דער ערד און צו דעם מענשען פון דער ערד.

זיי האָבען נביאות געזאָגט אין די נעמען פון די געטער פון הימעל. דיך זאָלב איך פאַר א נביא צום גאָט פון דער ערד!

דערהערענדיג אזוינס, האָב איך מיך געווענדעט צו איהר און האָב אזוי געזאָגט:

איך בין נאָך יונג און קיינער קען מיך נייסט, און קיינער האָט פון מיין נאָמען נייסט געהערט. און עס וועט זיין, אז איך וועל צו די ברידער פון מיין לאַנד קומען און זאָגען צו זיי אין דעם נאָמען פון א גאָט, וואָס זיי האָבען פון איהם ביז איצט נייסט געהערט, וועלען זיי זאָגען: „נור ליגענד, ליגענד זאָגט דער יונג!“

„אז עס איז טעכע אכית, אז גאָט האָט זיך צו איהם בעוויזען, זאָל

איך בין געוואָרען, קיינער ווייסט נישט, ווען עס וועט ווערען א סוף צו מיין ווערען. איך בין דאָס שאַפען פון אַלעם לעבענדיגען, און מיין נאָמען איז „דאָס זיין". דיין תפלה האָב איך געהערט, און בין געקומען צו דיר, ווייל דו האָסט מיך גערופען!"

און עס איז געווען, אין מיין רעדען מיט איהר, האָט אַ בלאָז געטהאָן אויף מיר אַ ווינד, וואָס אַ פריהלינגס־געשמאַק איז אין זיינע וועלען אויפבעהאַלטען, און אַ פייכטקייט איז אין איהם און אַ צערטליכ־קייט, און עס האָט זיך אַראָבגעלאָזען אויף מיר אַ וואָלקען פון טוי, ווי דער טוי אויף פעלדער, וועלכער שטייגט פון וואַסער אַרויס, איידער די זון געהט אויף, און ער האָט געשמעקט, ווי דער פריהמאָרגען אין וואַלד אין פריהלינגס־צייט, ווי דאָס וואַסער, וואָס קומט צו גיסען פון שטיינערנע קוואַלען, ווי דער קוש פון אַ כלה אין דער נאַכט פון איהר חתונה, און עס איז מיר, ווי אַ ניי בלוט וואָלט אין מיינע אָדערן גערונען, און אַ קרעפטיגקייט האָט ערפילט דעם מאַרך פון מיינע ביינער, און אַ ליכט איז געפאַלען אויף מיינע אויגען. איך האָב אויפגעעפענט מיינע אויגען און האָב געזעהן, די ערד איז ברייט און לאַנג ווי די אויסשפּרייטונג פון הימעל, און די וואָרצלען פון אַלין וואָס וואַקסט זיינען אין איהרע טיעפענישען איינגעפלאַנצט, און יעדעס בלומעלע און יעדעס גרעזעלע טהוט דאָס מיילכעל עפענען, די חיונה אין זיך איינצוציהען, און יעדעס גרעזעלע, און יעדעס שפּראָצענדע און וואַקסענדע נאָגט זיין זאַפט פון דער ערד. און עס זיינען געקומען צו פליהען די פויגעל פון לאַנד און האָבען זיך בעהעפט מיט די בלומען פון דער ערד. און איינס האָט געלעבט פון צווייטען. און זי האָט געזאָגט צו מיר אַזוי:

— צו אַנדערע געטער האָט איהר זיך געטהאָן קעהרען, און גאָט אייער בעשעפער האָט איהר נישט ערקענט.

ווארום וואָס איז דען דער מענש, אַז נישט איינס פון מיינע שעפּפונגען, וואָס ציהט זיך היונה פון דער ערד און קומט פון איהר און געהט צוריק צו איהר, נאָך דער צייט פון זיינע יאָהרען.

איז ער דען נישט דער ברודער פון בוים? — און ווי דאָס גראָז אין פעלד איז ער דען נישט געגליכען, וואָס האָט זיינע וואָרצלען אין די ערד אריינגעפלאַנצט, וואָס קומט פון איהר און געהט צו איהר?

און איהר האָט זיך געטהאָן צו די הימלען וועגדען. צו די שטערן

דאָס אַלעס האָב איך אין מײַן האַרץ געזאָגט, אָבער מײַנע ליפּען האָבען געשװיגען, און מיך האָט אײַנגעהילט אין זיך דער סוד פֿון דער נאַכט, און זיכער האָב איך מײַן קאָפּ אויף די ערד אַנידערגעלעגט, און עס איז מיר געװען, װי איך װאָלט אויף דער מאַמעס ברוסט אײַנ־געשלאָפען.

איך ליעג נאָך אין טרוים און איך דערהער פּלוצלונג אַ שטים און איהר קלאַנג איז װי דאָס געזאַנג פֿון אַ האַרפֿע, װאָס װערט געװאַשען אין די װעלען פֿון די טײַכען, און װאָס איז אויסגעװעבט מיט דעם ריח פֿון די סאַמעט־רױזען, און קומט צו ציהען פֿון טיעפֿען װאַלד.

— מײַן רחמנות אויף דיר, מײַן רחמנות אויף דיר, מײַן קינד! —

און עס איז מיר געװען, װי אַ מאַמע װאָלט מיר די האָר געגלעט און װי אַ שװעסטער װאָלט מיר אַ ליעד פֿון דערהײם געזונגען.

און עס איז געװען, אַז איך האָב מײַנע אויגען אויפגעעפֿענט, האָב איך געזעהן, אַ פֿרױענצימער איז פֿאַר מיר שטעהן געבליעבען, און זי איז נאַקעט און באָרװעס.

איהרע ברוסטען זײַנען פֿול און בעהאַלטען אין די זאַנגען פֿון פֿעלד, און איהר קאָפּ איז בעפּוצט מיט די פֿרוכטען פֿון דער ערד, און איהר שאַנד איז צוגעדעקט מיט די בלעטער פֿון פֿײַגען־בױם.

אין איהרע הענד האַלט זי די װינדען פֿון דער װעלט, און איהרע פֿיס זײַנען װי אײַנגעפֿלאַנצט אין דער ערד, און איהר געשטאַלט איז געגליכען צו אַ בױם פֿון דער ערד, און אַז זי האָט אַ ריהר געטהאָן מיט איהרע הענד, זײַנען זײ געגליכען געװען װי די ליליען אין װאַסער, און אַז דער װינד האָט אין איהרע האָר געבלאָזען, זײַנען זײ געגליכען געװען צו די בלעטערדיגע צװײַגען פֿון דעם װיערזשבע־בױם.

און זי איז בלינד און קומט פֿערהילט אין שאָטען פֿון דער נאַכט.

און עס איז געװען, אַז זי האָט זיך דערנעהנטערט צו מיר, האָב איך מײַן פּנים פֿערבאָרגען אין די אויבערפֿלעך פֿון דער ערד און האָב געפֿרעגט: „װער ביזט דו?“

זי האָט מיר אָבגעענטפֿערט: „איך בין דער גאָט, נאָך װעלכען דו האָסט גערופֿען, איך בין די מוטער פֿון שעפּפֿונג, דאָס פֿרוכטבאַרע, װאָס שאַפֿט פֿון דער אונענדליכקײט צו דער אונענדליכקײט, קײנער האָט מיר בײַ מײַן אַרױסגאַנג קײן געזעץ נישט נעגעבען, קײנער האָט מיר צו מײַן ענדיגען קײן גרענעץ געשטעלט, קײנער װײסט נישט, װען

# דיא ערשטע זאַך.

### אלס א הקדמה.

---

## פון דעם בוך „ערד“.

---

עס איז געוועזן א טאָג, און איך בין נאָך דערנסטמאָל א יונג קינד געוועזן. ריין געוואַשען זיינען מיינע הענד געוועזן, אונשולדיג מיין נשמה, מיין הארץ האָט נאָך פון שלעכטס ניט געוואוסט, מיין טאטען האָב איך נישט געקענט, מיין מאמע איז אוועק אין א פרעמדעס לאנד, און עס האָט מיך אָנגענומען א פערלאנג, צו קענען גאָט מיין בעשעפער. איך בין אוועק אין פעלד, האָב ביים טייך זיך געזעצט און געווארט ביז נאכט.

און דער טאָג איז אוועק און עס איז נאכט געוואָרען. און פון הימעל איז ארויסגעפאלען א וואָלקען און האָט צוגעדעקט די עקען פון דער ערד. און א טוי־רויך האָט פון וואסער זיך אויפגעהויבען און האָט זיך איבער די פעלדער געלעגט, דאַן האָב איך מיינע אויגען צו דער אונענדליכקייט געווענדעט, און מיין הארץ האָט א תפלה געבעטען אזוי:

„גאָט פון דער וועלט, טאטע פון אלעם לעבענדיגען און טויטען, בעשעפער פון אלעם וואָס איז דאָ און נישט דאָ, וואָס אלעס אין אין ־יר און דו אין אלעם, לאָז מיך דיין געזיכט זעהן! איך בין פערלאָזט, איך האָב קיינעם נישט, נור דיך, מיין בעשעפער, פון דיר בין איך ־עקומען, צו דיר געה איך צוריק. מיין שיפעל איז מיר אָבגעשוואומען אין טיעפען ים, און איך בין איבערגעבליעבען אליין אויפ׳ן ברעג און האָב נישט מעהר, ווי דיין הימעל, וואָס דעקט מיך צו, און דיין ערד, וואָס האלט מיך אויף, און איך בין נאָך יונג און דארף א פאטער, וואָס זאָל מיך ביי דער האנד פיהרען, און דארף א מאמען, וואָס זאָל מיר די טרעהרען פון באק ווישען.“

האָט איינינע מאָל געפּרובט אָנקלאַפּען ביי איהם. נאָר ער איז וועד־ניג — ווי ער וואָלט זיך מיט איהר אַ ברוגז געמאַכט — ענטפערט איהר היינט נישט. איז זי אויך ברוגז געוואָרען און האָט זיך אויף איהר בעט געלעגט. שלאָפען האָט זי נישט געקאָנט — איהר איז טרויעריג און אומעטיג געוואָרען. זי האָט געוואָלט איינינע מאָל צו־געהן צו דער וואַנד אָנקלאַפּען, נור זי האָט געוואַרט ביז ער וועט דאָס צוערשט טהון. דערנאָך איז אין טורמע אַזוי שטיל געוואָרען. מען האָט קיין פינגער־קלאַפּען נישט געהערט, נישט דעם מינדעסטען גע־רויש, נור פון אַ גאַנץ ווייטען אָרט האָבען זיך געהערט איינזאַמע שטילע טריט פון אַ וואַכענדען אויף און אָב. אויף איהר איז אָנגע־פאַלען אַ שרעק. דער ווינד וויינט אין דרויסען... זי איז אַראָב פון איהר בעט, צו צו דער וואַנד, אָנגעקלאַפּט אָן דער וואַנד — ער ענט־פערט נישט. זי איז אין אַן אַנדער ווינקעל אַריין, געזוכט אין יענעם ווינקעל, פון דאָרט שווייגט מען אויך. זי האָט דאָס אויער צוגעלעגט צו דער וואַנד, איינהאָרכענדיג זיך, טיעף איינהאָרכענדיג זיך — דערי־נען איז טויט שטיל. דער שרעק איז אויף איהר וואָס מעהר בעפאַ־לען, דער ווינד וויינט אין דרויסען — האָט זי אָנגעהויבען זוכען ביי דער וואַנד אין יעדען ווינקעל, איינגעגראָבען דאָס פּנים אין דער וואַנד און געבעטען זיך מיט אַ וויינענדיג, שלוכצענדיג קול: ענטפער מיר! ווער ביסט דו? און וואו ביזט דו? פאַר וואָס שווייגסט דו?... וואָס איז מיט דיר געשעהן?... איך האָב מורא, וואָס שווייגסט דו? ענטפער מיר!... ענטפער מיר!...

גרויזאַמע שרעקליכע דויז האָט געציטערט אין דער נאַכט פון דעם וואָרט „תליה“.

צוערשט איז געוואָרען אַ געקלאַפּעריי, איין וואַנד מיט דער צווייטער, אויבען מיט אונטען. איינער האָט דעם צווייטען צו וויסען געגעבען, עצות געגעבען, געטרייסט זיך, געזעגענט זיך. אין פון דעם שטילען טרויעריגען פינגער־קלאַפּען אין דער טרויעריגער נאַכט האָט זיך געדאַכט, אַז דער מלאך־המות קלאַפּט אָן מיט זיינע שוואַרצע פליגלען אין דער וואַנד. באַלד אָבער דערויף איז שטיל געוואָרען אין גאַנצען הויז, ווי דאָס גאַנצע הויז וואָלט אויסגעשטאָרבען. יעדער אַרעסטירטער האָט זיך געוואָרפען אין זיין ווינקעל אריין, געמאַכט אַ חשבון הנפש מיט זיך אַליין און געוואַרט אויף דעם מלאך־המות, וואָס זאָל קומען נאָך איהם...

אין יענער נאַכט האָט זיך זיין פינגער־קלאַפּען געענדערט. זיינע פינגער האָבען געציטערט. ער האָט איהר דורך די וואַנד עפּעס געזאָגט; זי האָט געפיהלט, אַז ער האָט איהר עפּעס צו זאָגען, זיין פינגער־קלאַפּען האָט זיך עפּעס געבעטען... געבעטען און געטרייסט און געוואָרענט עפּעס. און שטיל איז געוואָרען זיין פינגער־קלאַפּען, עפּעס מיט האַרץ־ציטערנייש. זי האָט געפיהלט, ווי ער לעהנט אָן דאָס פּנים אָן די וואַנד, קלאַפּט מיט זיין שטערן אָן די וואַנד... קושט די וואַנד... שפּרייט אויס די אָרעמס אויף דער וואַנד... באַלד דערויף איז ער שטיל געוואָרען. נאָר ווייטער האָט זיך געהערט, ווי ער פּאַלט אויף די וואַנד, בייסט די וואַנד מיט די צייהן, ראַצט זי... עפּעס וויל ער, עפּעס האָט ער איהר אַ סוד צו פערטרויען, נאָר וואָס האָט זי נישט פערשטאַנען...

---

שטיל און טרויעריג איז געווען די נאַכט. אין דרויסען האָט אַ ווינד געוויינט. עס האָט געמיינט אין דרויסען אַ געוויטער זיין, נאָר אינווייניג אין דער טורמע האָט מען ניט געהערט. פון צייט צו צייט האָט זיך פון גאַנץ ווייט אָפּגערופען אַ ווידער־קלאַנג ווי פון אַ פריהצייטיג אייסגעהענגדען הונער. אַ ווינד האָט זיך געריסען פון דאַך, פון די קליינע אייזערנע לעדענלעך, וואָס זיינען פאַר די פענסטער פון דאַך טורמע, און געטשעפּעט זיך אָן די אייזערנע שטריכעטען.

אין איהר צימערעל איז פינסטער געווען און שטיל געווען, זי

וואוסט, וואָס ער איז, ווער ער איז — צו איז ער אַ יונגער אָדער אַן אַלטער, צו האָט ער אַ ווייב, צו ער האָט אַ קינד — זי האָט נור געוואוסט, אַז עס איז הינטער דער וואַנד דאָ אַ נשמה, וואָס בייַנקט נאָך איהר, און אַז איהרע בייַנקט נאָך יענער נשמה. זי האָט גע־פיהלט דאָס האַרץ, וואָס קלאַפּט פאַר איהרעט־וועגען דאָרט הינטער דער שטומער, שווייגענדער וואַנד.

איז עס נאַכט געוואָרען, האָט זי זיך אויף דער ערד נעבען דער וואַנד אַנידערגעזעצט, אָנגעקלאַפּט מיט דער האַנד, צו זיצט ער אויף יענער זייט וואַנד אויף דעמזעלבען אָרט. אַזוי זיינען זיי ביידע גע־זעסען שעות לאַנג. ער האָט איהר דורך די וואַנד ליעדער מיט פינ־גער־קלאַפּען געזונגען. ער האָט איהר פון זיין ליעבע דערצעהלט. ער האָט זי געטרייסט. ער האָט איהר ווערטער געזאָגט, טיעפע ווערטער און ערנסטע ווערטער. זי האָט נישט פערשטאַנען — נור געפיהלט האָט זי זיין האַרץ און זיין נשמה אין זיין פינגער־קלאַפּען, פלעגט זי דעם קאָפּ ישוואַך אויף דער וואַנד אָנלעהנען, ווי זי וואָלט געוואָלט אין זיין ישויס פאַלען, אָדער שטיל, פּאַמעליך שטיל אַ מאָטיוו מיט איהרע לייכטע ישוועבענדע פינגער דורך די וואַנד אויסקלאַפּען. דער־נאָך פלעגט איהר עפּעס אַזוי גוט ווערען אויף דער נשמה, אַז זי האָט זיך אויפגעהויבען פון דער פּאָדלאָגע און אָנגעהויבען אַרויף און אַראָב צו געהן איבער דעם צימערעל — אַ ליעד אויסצוטאַנצען מיט איהרע פוס־טרעטען. און דאָס גאַנצע גרויסע גרויזאַמע הויז האָט דענסטמאָל געפיהלט די ריינע נשמה, וואָס לעבט אין זיינע מויערען. יעדע פּאַ־ליטישער בעזונדער האָט איהרע טריט געצעהלט, און עס האָט זיך איהם אויסגעזונגען דאָס, וואָס עס זינגט זיך איהר איצט...

---

פּלוצלונג איז געשעהן אַ זאַך, וואָס האָט געמאַכט ציטערען דאָס גאַנצע גרויזאַמע, שוואַרצע הויז.

פון דער ישיין פון זיין קליין פענסטערעל האָט אַ פּאָליטישער געזעהן, ווי מען בויט אַ תליה אויף דעם בערגעל פאַר דער טורמע. און אין אַ ישטילע שוואַרצע נאַכט האָט אַ ישטיל פינגער־קלאַפּען געברומט אין טורמע אַ גאַנצע נאַכט, ווי איינזאַמע, פערלאָזטע טראָפּענס רעגען וואָלטען געבלאָנדזישעט אין אַ רינע. דאָס האָט איין פּאָליטישער דעם צווייטען צו וויסען געגעבען: „מען בויט אַ תליה“, און דאָס גאַנצע

דעם פעראייניזאַמטען שלאָס פיהרט א פערלאָזטע ווייס שטעגעל־סטעגנגע צווישען די יונגע סאָסנעס. שטום און פערשלאָסען אין פער־באָרגענעם סוד טרעט זי איינזאַם אויף דעם שטעגעל צווישען די יונגע סאָסנעס. באָרוועס ווייזען זיך איהרע ווייסע פיס ארויס פון אונטער איהר שווארצען לאַנגען רעפאָרם־קלייד, וואָס ווארפט איהר נאָך ווי א שווארצער שאָטען איהר כילועט, און א שווארצער פליעגעל פון א גע־שאָסענעם פויגעל פוצט איהר שווארצען קאָפּ האָר... אזוי מאיעסטעטיש שטיל טרעט זי אויף דעם איינזאַמען שטעגעל פון א פרעמדער וועלט אין א פרעמדע וועלט...

ער פלעגט צו איהר אריינקלאַפּען דורך די וואַנד מיט די פינגער. אויסזאָגען איהר די ליעבעס־געפיהלען. „ווער ביזט דו? זאָג, איך פיהל, אז דו ביזט יונג און שעהן און איך ליעב דיך... איך בין שטארק, ווי א לייב, איך וויל ביי נאַכט די וואַנד דורכברעכען און וועל קומען צו דיר אריין. איך וועל דיר ווי א ליעבען פויגעל אויף מיין ברוסט נעהמען, אנטלויפען מיט דיר, ווייט אוועק מיט דיר, ווארט, דו פויגעל, אויף מיר..."

און זי פלעגט זיך צוהערען צו זיין פינגער־קלאַפּען. זי האָט נישט פערשטאַנען וואָס ער וויל זאָגען, זי האָט די שפּראַך פון „פינגער־קלאַ־פּען" נישט פערשטאַנען, נאָר זי האָט געפיהלט, אז דאָרט הינטער דער וואַנד לעבט פאר איהר א געפיהל, א הייס געפיהל. אז דאָרט פון הינ־טער דער וואַנד רופט צו איהר א שטים, מען רופט זי! מען רופט זי!...

פלעגט זי ליעגען ביי דער וואַנד און איינהאָרכען זיך צו דעם פינ־גער־קלאַפּען. א געזאַנג, א ליעד פון ליעבע איז דאָס פינגער קלאַפּען פאר איהר געוועזן, זי האָט געפיהלט די ווערטער, וואָס שטאַרבען אין דער וואַנד אָב. און האָט געהערט א פּאָכען פון א הארץ פאר איהר...

פלעגט זי מיט די פינגער אויף דער וואַנד ציטערען, קלאַפּען, קלאַ־פּען, ווי זי וואָלט מיט א כוואַליע פון ליעבע די וואַנד געוואָלט בעגיסען.

ער האָט געהאָרכט דעם געזאַנג פון איהרע פינגער.

„קום... ווארט אויף מיר, מיין ליעבער פויגעל, איך פיהל דיך, איך פיהל דיך ווער דו ביזט, ווארט, איך ברעך די וואַנד און קום צו דיר."

אזוי האָבען צוויי נשמות דורך א וואַנד זייער לעבען אויסגעזונגען...

---

און זי האָט זיך שוין געהאַט צוגעוועהנט צו איהם. נישט גע־

זיך די האָר, און אַט דאַכט זיך איהם, ווי איהרע האָר קוועטשען זיך צוזאַמען אויף איהר האַלז. אָט ווי זי ציהט איבער זיך די דעקע. א ווינטעל בלאָזט איבער איהר נאַקעטען האַלז, בלאָזט אין איהרע האָר, און זי גראָבט איין טיעף, טיעף דאָס פנים אין קישען...

ער האָט זי געזעהן אין זיין פאַנטאַזיע, זי מוז זיין א קליינע מיט דינע, לייכטע גליעדער. אַן איידעלקייט איז אויסגעגאָסען אין איהרע גליעדער און זיי קישען זיך אַרוים פון איהר שוואַרצען שעהנעם קלייד. האָר האָט זי לאַנגע, שוואַרצע איינצעלנע, דינע ווי זייד, און שטענדיג זיינען זיי געוואַשענע, און קיהל זיינען זיי ווי טראָפּענס וואַסער, און זי זיצט די פיס אונטער זיך, ווי אַ יונגע קאַץ אויף איהר בעט, און שפּיעלט זיך מיט איהרע שוואַרצע, לאַנגע קיהלע האָר... און זי שמייכעלט ווי זי וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגען דענסטמאָל, ווען עס בעהאַלטען זיך האַלב פערשעהמט, האַלב עזות'דיג איהרע שוואַרצע אויגען, האַלב אין טרעהרען בענעצט, אונטער איהרע געדיכטע שוואַרצע ברעמען. און אַ שטילקייט איז אין איהר, אַ רוהיגע שטילקייט, ווי אַ שטילעס ליעד... איהר געזיכט וויל גאָר נישט. נור עפּעס אַזוי פאַר זיך, בעהאַלטען אין זיך, לעבט דאָס שטילע מיידעל אין אַ שווערען בעהאַלטענעם סוד... און אַ כוד עפּעס גאָר נישט ווי פון דער וועלט... און אייזערנע טהירען זיינען פערשלאָסען פאַר דעם סוד... קיינער, קיינער קאָן זיך דאָרט נישט אריינקריגען, טהיילען זיך מיט איהר סוד...

ער האָט זי געזעהן אין שאָפּענס אַ נאָקטורן. זי האָט איהם געזונגען, מיט די פיס אויסגעשטראָטען אַ מאָל אין אַ טונקעלע פאַרנאַכט. ער האָט געזעהן אַ יונגען בליהענדען כאָסנע־וואַלד אין פריהען הערבסט, שיטער געהען די יונגע, דינע בוימער הויך אין הימעל אויף און שפּרייטען אויס זייערע פליגעל — זייערע יונגע צווייגען — איינער צום צווייטען און וואַרפען אַ שאָטען אַרום זיך. עס איז אַ יונגער הערבסט־פאַרנאַכט. טרויעריג אין רויט געהט די זון אונטער הינטער'ן שוואַרצען וואַלד און וואַרפט אַ גליהענדע בענקשאַפט אין שוואַרצען וואַלד אריין. דאָ און דאָרט צווישען די יונגע סאָסנע־בוימער בלאָנדזשען נאָך אַרום אָבגעריסענע זונען־פלעקען. דאָרט, הינטער דעם יונגען כאָסנע־וואַלד, שטעהט אַן איינזאַם פערלאָזטער שלאָס, וואָס שפּיגעלט זיך טרויעריג און הערבסט'דיג אָב אין דעם בלויען וואַסער־שפּיגעל, ויאָס קעסטעלט זיך אַנטהעגען דער רויט אונטערגעהענדער זון. פון

פון הינטער די שווערע אייזערנע טהירען ארוים, און עפּעס ווי נישט
ווילענדיג פלעגט זי איהר יונגען לייכטען קערפּער אויף א טהיר פון א
פערשלאָסענעם קעטערעל ארויפוואַרפען. דער פערשלאָסענער דרינען
האָט דאָס דערפיהלט... און עס האָט זיך ערוועקט ביי איהם א געפיהל,
ווי פינגער־ציטערען פון א לייכטער מיידעלישער האנד וואָלט פלוצלונג
אויף די קלאַווישען פון א ציטערענדער פיאַנינאָ ארומגעבלאָנזשעט...

---

אין דעם צווייטען קעמערעל אין שכנות מיט איהרע איז געזעסען
א יונגער מאַן. די פיער שוואַרצע שטומע ווענד, וואָס האָבען פון דעם
יונגען מענשען שוין אכט חדשים ארויסגעריסען פון זיינע בעסטע טעג,
זיינען נאָך נישט אים שטאַנד געווען אויסצולעשען זיין יונג געפיהל,
וואָס האָט געלעבט אין דעם יונגען מענשען׳ס האַרץ. דעם יונגען מענ־
שען איז געווען, ווי זיין לעבען וואָלט אין איהם איינגעשלאָפען געוואָ־
רען... אויפגעהויבען זיך אין דער פריה, פלעגט ער ליגען אויפ׳ן טאַפּ־
טשאַן שעות לאַנג און דערמאַהנען זיך סצענעס פון זיינע קינדערשע
יאָהרען, וואָס האָבען איצט צו איהם אהער געשמייכעלט ווי פון א חלום,
אָדער ער פלעגט קוקען אויף די רויטע קוה, וואָס פיטערט זיך פאר דעם
פענסטערעל, און בעוואונדערען מיט דער גרעסטער התלהבות יעדע
קלענסטע בעוועגונג, וואָס זי האָט געמאַכט. די ענערגיע, וואָס האָט
זיך געהאַט אָנגעזאַמעלט אין זיינע גלידער, נישט האָבענדיג קיין מיטעל
זיך אויסצודריקען אין עטוואָס, איז איינגעשלאָפען אין איהם — און
איהם איז געוואָרען גלייך, צי אין דרויסען שיינט די זון, אָדער עס
גיסט א רעגען... עס איז אָבער געגוג געווען א לייכט ווינטעל, וואָס
זאָל אויפוועקען דאָס פערשלאָפענע געפיהל אין איהם און דאָס יונגע
בלוט זאָל זיך אָנהויבען צו גיסען אין די אָדערען מיט׳ן הייסען אָטהעם
פון דער יוגענד...

און דאָס ווינטעל איז געווען זי...

ער האָט געהערט איהרע טריט, איהרע בעוועגונגען, איהר גאַנ־
צעס וועזען דורך די וואַנד. ער האָט געפיהלט, אז הינטער דער וואַנד
לעבט א יונג לעבען ווי זיינס... און ער בענקט נאָך עפּעס און דאַרשט
נאָך עפּעס... ווי א הונד פלעגט ער ליגען א גאַנצע נאַכט ביי דער וואַנד
און איינהאָרכען זיך צו אַלע איהרע בעוועגונגען. ער פלעגט הערען
דאָס מינדעסטע גערודער, ווי זי הויבט אויף די האַנד, ווי זי צולאָזט

קאַנאָנען־שאָס צו דאָס גלייכען... נאָר נאָך אַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס מיידעלישע זונגען־לאַכען, וועלכעס האָט אין די איינזאַמע פערשטומטע וועגד פון טורמע אַזוי ווילד אָבגעשלאָגען, ווי אַ טויטער וואָלט פּלוצלונג אָנגעהויבען צו ריידען. ביי די אַרעסטירטע האָט זיך אָנגעהויבען דאָס קול צו רייסען פון האַרצן... עס האָט זיך געוואָלט אָנהויבען צו שרייען, הויך צו שרייען אויפ'ן גאַנצען קול. אָט שוין האָט דער און יענער דאָס מויל געעפענט, וועלענדיג אַ געשריי טהון, נאָר ביי אַלע איז געווען ווי דאָס לשון וואָלט זיי געוואָרען אָבגענומען און קיינער האָט נישט געקאָנט קיין זילבע פון מויל אַרויסברענגען...

דאָס לאַכען איז געווען פון אַ יונג מיידעל, נאָך אַ קינד. אַז מען האָט זי דאָ אַהער געבראַכט פון איהר מאַמעס שטוב, האָט זי אַזוי ווייט ניט פערשטאַנען די ערנסטקייט פון דער זאַך, אַז מוטהיג און שטאָלץ מיט אַ ראָמאַנטיישער מינע האָט זי זיך אויפגעהויבען און איז נאָכגעגאַנגען דעם קאָמיסאַר מיט די פּאָליציאַנטען, וועלכע האָבען זי דאָ אַהער געפיהרט. איהר האָט זיך געדאַכט, אַז נאָכדעם וואָס עס האָט זיך מיט איהר געטראָפען, מוז געשעהען עפּעס זעהר אַ וויכטיגע זאַך... און זי איז די העלדין דערפון. קוים אָבער איז זי געבליבען אַליין צווישען די שטומע פיער וועגד האָט זי זיך אין אַ ווינקעל געזעצט, און איהר יונג לעבעדיג האַרץ האָט מיט אַ מאָל דערפיהלט די עלענדקייט, אין וועלכער זי געפינט זיך איצט אין די פרעמדע הענד וואָס זיינען אַרום איהר, און זי האָט אָנגעהויבען צו וויינען: שטיל געוויינט, און לאַנג געוויינט אַליין נישט וויסענדיג פאַר וועמען און צו וואָס. אַז זי האָט אָבער זיך געהאַט גוט אויסגעוויינט, איז איהר לייכטער געוואָרען, און זי האָט זיך געפיהלט ווי אַ העלדין, און דאָס האָט איהר מוטה און שטאָלץ געגעבען. זי האָט זיך אויפגעהויבען פון איהר געלעגער, שטאַרק געמאַכט אַ פּאָר פויסטען און הויך די בריסט אויסגעשטרעקט, ווי גרייט צו ערהאַלטען דאָס שיסען פון די זעלנער. נאָר דערמאַהנענדיג זיך אין מיטען דערינען, אַז זי רעדט אַליין צו זיך, האָט זי זיך פּלוצלונג ניט וועלענדיג און ניט וויסענדיג קינדיש־הערצליך צולאַכט אופ'ן גאַנצען קול.

דער זשאַנדאַרם, וואָס איז געשטאַנען אין קאָרידאָר אויף דער וואַך, איז פלינק צו צו איהר טהיר און האָט אַריינגעוואָרפען אַ שטרענגען בליק אין דעם פענסטער, בייזערענדיג זיך. זיין ערנסטער און

האָט ניט מיעדווערענדיג אַריינגעקוקט דירך דאָס טהיר־לאָך... קוים אָבער פלעגט צופאַלען די נאַכט איז דאָס הויז ווי בעלעבט געוואָרען. פון אַלע זייטען וועגד האָט זיך געהערט אַ בעשטענדיגעס פינגער־קלאַפען. איין אַרעסטירטער האָט זיך מיט דעם צווייטען אויסגעשמועסט און דערצעהלט זיך פון די אינטימסטע זאַכען, ניט זעהענדיג איינער דעם אַנדערען. דער צווייטער האָט ווייטער איבערגעגעבען דעם שמועס דעם דריטען שכן, דער דריטער דעם פיערטען, אַזוי, אַז דאָס גאַנצע גרויזאַמע שוואַרצע הויז האָט אָנגעהויבען צו רעדען און צו לעבען אין איינעם. עס האָבען זיך דערקענט פריינד מיט פריינד, ברידער מיט ברידער. נאָהענטע און ווייטע... פון צייט צו צייט האָט זיך געהערט פעסטע טריט אין קאָרידאָר, און דאָס שטומע ריידען פלעגט זיך איבעררייסען און דאָס גאַנצע הויז שטום טויט ווערע,. באַלד אָבער ווי די טריט זיינען נור פערשוויעגען געוואָרען, פלעגט ווייטער דער שמועס זיך אָנהויבען און דאָס הויז פלעגט אויפ׳ס־ניי אויפלעבען...

אַזוי האָט דאָס הויז איינגעוועהנט זיך צו לעבען שטומערהייד, און די פינגער אָנשטאָט די ליפען צו בענוצען, און מענשען האָבען זיך איינער מיט דעם צווייטען בעקענט אַזוי אַרום. דאָס אייער פון די אַרעסטירטע איז געוואָרען אין דעם פאַך אַזוי אויסגעבילדעט, אַז זיי האָבען לויט דעם פינגער־קלאַפען דערקענט יענעמס כאַראַקטער — איז ער אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער, אַן אינטעליגענט אָדער אַן אַרבייטער. זיי פלעגען אין די פינגער קלאַפען הערען יענעמס מינע, דאָס געלעכטער און דאָס געוויין פון יענעם. איינער פלעגט דעם צווייטען טרייסטען דורך די פינגער, ליעב קריגען און פריינד האָבען. ניישט איינמאָל אָבער האָט זיך אַן אַרעסטירטען פערגלוסט אַזוי אין העלען מיטען טאָג אָנהויבען צו שרייען, אָדער גלאַט צו ריידען אין די וועלט אַריין, פרובירענדיג זיין רעדענס־אָרגאַן, אויב ער דיענט אירם נאָך...

אַמאָל אין מיטען דער נאַכט, ווען די טורמע האָט געהאַלטען אין מיטען בעסטען שמועס דירך די פינגער קלאַפען, האָט פלוצלונג ריין און פרייש אָבגעשאַלט אַ יונג, געזונד לאַכען פון אַ לויטערער מיידעלשער שטים. די אַרעסטירטע זיינען פלוצלינג דערציטערט געוואָרען. זיי האָט זיך געדאַכט, ווי עס וואָלט עפּיס געשעהן אַ ניישט נאַטירליכעס, און פערשטומט זיינען זיי וואַרטען געבליבען, אָבהאַלטענדיג האָס פינגער־קלאַפעריי, האַרענדיג אויף עפּעס וואָס: עס זאָל זיך הערען אַ

# צווישען אַ וואַנד

אויף אַן איינזאַם פעלד, הינטער אַ גרויסער שטאָדט אין אַ טהאָל איז געלעגען אַ גרויסע שווארצע פעסטונג, ארומגעצוימט מיט אַ הויכער דיקער מויער. וועלכע האָט אָבגעשניטען די פעסטונג פון דער וועלט און פערשטעלט פון איהר די וועלטליכע שיין. פון איין זייט מויער האָט אַ ברייטער שטארקער טייך געפלאָסען, וואָס נור ביי נאַכט, ווען עס איז אין דער געגענד ארום שטיל געוועזן, האָט מען געהערט דאָס קלאַפּען פון זיינע כוואַליעס אָן די מויער. דאָס עכאָ פון די כוואַליעס האָט זיך אָבגערופען פון גאַנץ ווייט און האָט ערוועקט אַ געפיהל פון עפּעס אַ משוגענער מאַמע, וואָס איז אָנגעבונדען ביי דער מויער און וויל זיך אַלץ דערשלאָגען צו דער פעסטונג ארויסצובעקומען די גופים פון איהרע קינדער, וועלכע זיינען דערינען בעגראָבען... אין דער פעסטונג אין אַן איינזאַמען ווינקעל איז געשטאַנען אַ הויכע שווארצע טורמע פאַר פּאָליטישע פערברעכער.

די טורמע, וועלכע איז בעשטאַנען פון איינינע עטאַזשען, איז געוועזן פול מיט ארעסטירטע. די ארעסטירטע פלעגט מען פון צייט צו צייט איבערבייטען די צימערס, כדי זיי זאָלען נישט קיין צייט האָבען צו בעקענען זיך מיט די שכנים, און טאַקע ביי טאָג איז דאָס הויז געוועזן אויסגעשטאָרבען און האָט דערמאָהנט אָן אַ קאַטאַקאָמבע, וואָס אין איהרע לעכער ליגען לעבעדיגע, געזונדע מענשען אָהן בעוועגונג. יעדער פון די ארעסטירטע איז געלעגען אויף זיין נארע, אָדער פערקויקט זיך צו משוגעע ווערען אויף דעם שפּיץ אויבען. איינינע ארעסטירטע האָבען פון אַן אָפענעם לאָך פון זייערע פענסטערלעך געזעהן די רויטע קוה, וואָס פיטערט זיך אויפ'ן פעלד, און זיינען שוין אזוי געוואָרען צוגעוועהנט צו דער קוה, אז זיי האָט זיך געדאַכט אז זיי האָבען מעהר אין זייער לעבען ניט געזעהן... אנדערע ארעסטירטע האָבען ווי עפּיס אויף צו להכעיס געקוקט אויף דעם אויג פון דעם זשאנדארם, וואָס

— פאַר וואָס ביסט דו נישט אין דער היים? פאַר וואָס לויפסט דו אין די גאַסען אַרום?

זי האָט זיך גאָר נישט אָנגערופען...

— מאַמע, פאַר וואָס שווייגסט דו? פאַר וואָס?

און דאָס יונגעל איז אַרויסגעבראָכען מיט אַ געוויין.

נאָר זי האָט זיך גאָר נישט אָנגערופען...

— ווילסט עסען? יאָ, ווילסט עסען? זאָג, ווילסט עסען?

זי האָט זיך גאָר און גאָר נישט אָנגערופען.

ער איז אַריין פלינק אין דער שטוב און געזאָגט „גוטען אָבענד“. אין שטוב איז אומעטיג געווען און טרויעריג. דער טאַטע איז געזעסען ביים טיש און האָט עפּעס געררעכענט. די עלטערע שוועסטער איז געשטאַנען ביי דער קיך, און האָט עפּעס געקאָכט.

— היימ'ל, ווילסט עסען? — האָט איהם די שוועסטער געפרעגט.

ער האָט זיך אומגעקוקט, אויב דער טאַטע הערט נישט, איז צוגעגאַנגען צו דער שוועסטער:

— לאַה, די מאַמע שטעהט אין דרויסען.

די שוועסטער האָט נאָר פערביסען די אויבערשטע ליפּ מיט די צייהן, און האָט געוויזען מיט'ן פינגער אויפ'ן טאַטען...

חיימ'ל האָט גענומען די צוויי שטיקלעך פּוטער מיט ברויט, וואָס די שוועסטער האָט איהם געהאַט אָנגעשניטען, און אַרויסגעטראָגען דער מאַמען.

ער האָט זיך אומגעקוקט, אויב קיינער זעהט נישט, איז ער צוגעגאַנגען צו איהר, און דערלאַנגט איהר די שטיקלעך ברויט.

זי האָט זיך גאָר נישט אָבגערופען.

— עס, ביסט דאָך הונגעריג.

ער האָט איהר די שטיקלעך ברויט אויף די האַנד געלעגט: נעהם, ביסט דאָך הונגעריג.

זי האָט ערגעץ וואו ווייט געגלאָצט מיט די אויגען, ווי זי וואָלט געקוקט אין אַ פרעמד לאַנד.

און וואָלט פלינק ענטלאָפען.

— פאַר וואָס? עס איז דאָך אַ מאַמע, מיין מאַמע!

ניין, ענטלאָפען וואָלט ער נישט. ער וואָלט געשטאַנען.

ער שטעלט זיך פאָר, ווי ער וואָלט געשטאַנען — אָט גײט איך צו איהר, אָט אזוי, נעהם זי אָן ביי דער האַנד.

אַ משוגענע האַנד — — פלינק...

— פערמאַכט די גמרות, נעהמט די סדורים — זאָגט דער רבי.

די קינדער שטעהען און דאַווענען מעריב.

„והוא רחום יכפר עון..."

— פאַר וואָס וואָלט איך ענטלאָפען? — עס איז דאָך מיין מאַמע! מיין מאַמע, מיין מאַמע...

די קינדער האָבען זיך שוין די קאַפּאָטקעלעך אָנגעטהון. די לאַמ־טערען גענומען אין די הענד און זיינען אהיים געגאַנגען.

אַ גרויסע לבנה וואַנדעלט אין הימעל, די לבנה קוקט צו איהם אַראָב מיט אזוי פיעל רחמנות. איהם דאַכט זיך, אז די לבנה דאַרף אויך אַ מישוגענע מאַמע, דורך דעם חבר'ט זי זיך מיט איהם...

איז ער אָנגעקומען אין קליינעם ליקעל אריין, פאַר זייער הויז, איז ער פלוצלונג שטעהן געבליבען. ביי דער וואַנד אָנגעלעהנט הינ־טער די רינע איז זי געשטאַנען, טרינה די משוגענע...

דעם קאָפּ האָט זי אַרויסגעשטאַרט פון דעם שוואַרצען צוריסענעם טוך און האָט דאָס ערגעץ־וואו געגלאָצט מיט די אויגען...

צוגעהן, צו נישט צוגעהן?

זי קוקט אויף איהם. דער מאַמעס בליק, זי שווייגט. נאָר דאַכט זיך זי שמייכעלט. וואָס שמייכעלט זי?

— מאַמע, מאַמע, דו ביסט מיין מאַמע? יאָ? האָט דאָס יונגעל געפרעגט און אומגעקוקט זיך, אויב קיינער הערט נישט, אויב קיינער זעהט נישט.

זי האָט זיך גאָר נישט אָנגערופען.

ער איז נעהנטער צוגעגאַנגען צו איהר, האַרט נעבען איהר:

— דו ביסט מיין מאַמע? יאָ? דו ביסט?

זי האָט זיך גאָר נישט אָנגערופען, נאָר מיט די אויגען ערגעץ־וואו געגלאָצט...

מען מעג שלאָגען א מאמע ? יאָ, מען מעג ?...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און א מאָל ביי נאכט, אין זעהר א פינסטערע נאכט. די שדים מוזען שפּאצירען אין די גאסען אין אזא נאכט, און די מאמע איז אליין אין סוכה צווישען די שדים...

רבונו של ע.לם.

אויף דער סוכה איז קיין מזוזה ניטא, קיין קריאת־שמע האָט זי אויך ניט געלייענט, אוי, פיעל שדים מוזען דאָרט זיין...

ער האָט זיך צוגע'גנב'עט צו דער סוכה, און האָט געהערט ווי עס ברומט ארויס פון דער סוכה...

עפּעס אזוי שרעקליך...

א גאנצע נאכט האָט ער דענסטמאָל ניט געקענט שלאָפען, פון דער סוכה ברומט עס ארויס...

ווער ברומט, די מאמע צו די שדים ברומען ?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א מאָל האָט מען איהם פון דער היים אוועקגעפיהרט, איהם מיט זיינע צוויי שוועסטער, צו דער מומע נחה. און דער טאטע איז ערגעץ־וואו געהאט אוועקגעפאָהרען.

די מאמע איז עפּעס שוין ניט געווען. זי איז ניט געשטאָרבען, מען האָט זי ניט אויפ'ן גוטען אָרט געפיהרט, נאָר זי איז שוין אויס מאמע געוואָרען...

עפּעס לויפט זי אין גאס ארום. יונגען לויפען איהר נאָך. מען ווארפט איהר שטיינער נאָך. און זי שטעהט א גאנצען טאָג אליין ביי דעם פלומפּ...

זעהט ער זי — אנטלויפט ער פלינק אהיים, אז ער זאָל זיך מיט דער מאמע ניט צוזאמען בעגעגענען.

עפּעס וואָלט ער יאָ געוואָלט זיך מיט דער מאמע צוזאמען טרעפען, נאָר ניט אויף דער גאס. ערגעץ־וואו דאָרט, אין א בעהאלטען אָרט, אז עס זאָל קיינער, קיינער ניט זעהן...

דענסטמאָל וואָלט ער צוגעגאנגען צו איהר אין דער שטיל, גאָר אין דער שטיל, ער וואָלט זי ביי דער האנד אָנגענומען און וואָלט אזוי געזאָגט :

— מאמע... מאמע...

קעל ביים אויוועז און קוקט אויף דעם פוס פון טאטענס בעט. שטענדיג קוקט זי אויף דעם פוס, דורך גאנצע טעג, אזוי ווי זי וואָלט עפּעס דאָרט געזוכט, און האָט זיך ווער צווישען איהר און דעם פוס אוועקגעשטעלט, האָט זי געקוקט מיט אזעלכע רחמנות׳דיגע בליקען...

דער טאטע איז בייז, שילט אלע, שלאָגט אלע...

די עלטערע שוועסטער סוד׳עט זיך מיט דער מומען.

שכנות קומען אריין, קוקען אויף איהם און קרעכצען...

טיילמאָל קומט ער אהיים אויף דער נאכט פון חדר, מיט דעם לעמפּעל אין דער האנד. אין דער שטוב איז טונקעל. עס איז קיינער ניטאָ, נאָר די מאמע זיצט איינע אליין ביים קיכען־ווינקעל און קוקט אויפ׳ן פוס.

ער געהט צו צו איהר: מאמע.

זי רופט זיך גאָר נישט אָן.

ער הייבט אָן צו וויינען פאר דער מאמע: מאממע מאמ־מע !...

זי רופט זיך גאָר נישט אָן... נאָר קוקט אויפ׳ן פוס פון טאטענס בעט...

קומט אריין די עלטערע שוועסטער, און גיט איהם ברויט מיט פּאווידלע.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ער האָט שוין אָן אלעס פערגעסען.

אין הויף איז זיך א סוכה געשטאנען, א סוכה נאָך פון סוכות.

די מאמע איז אליין אין דער סוכה... ניין... דענסטמאָל איז זי שוין טרינה די משוגענע געווען...

און מען שלאָגט זי יעדען טאָג מיט שטריק, מיט שטיקער העלצער.

ער זעהט, ווי מען שלאָגט זיין מאמע, דער טאטע אליין שלאָגט, די פעטער שלאָגען... און די מאמע רייסט די האָר פון קאָפּ, אָבער ניין, זי איז גאָר רוהיג, גאנין רוהיג נאָר זי קוקט אויף איין אָרט מיט אויסגעגלאָצטע אויגען.

ביי נאכט הערט איהר טיילמאָל ווי זי וויינט... „מ׳דארף זי שלאָגען", מען זאָגט, אז עס איז אזא רפואה.

מען גיסט איהר קאלט וואסער אויפ׳ן קאָפּ.

און זי ציטערט אזוי.

מען דארף עס. עס איז אזא רפואה.

און זי איז וואָס אַ מאָל נעהענטער צוגעקומען צו איהם, זי האָט געקוקט אויף איהם...

און ער האָט דענסטמאָל אַזוי רחמנות געקריגען אויף זיין מאַמען, אַזוי רחמנות... גאָט איינציגער!

זי האָט איהם ביי דער האַנד אָנגענומען.

ער האָט אַ ציטער געגעבען. ער האָט זיך דערשראָקען און איז אַנטלאָפען פלינק... פלינק...

און איהם דאַכט זיך, אַז זי איז איהם נאָכגעלאָפען. און איהם דאַכט זיך, אַז די האָר האָט זי געהאַט צופלאָ'שעט, און די הענד האָט זי פערשפרייט, און איז איהם נאָכגעלאָפען, נאָכגעלאָפען...

און ער איז פלינק אַנטלאָפען.

— חיימ'ל, חיימ'ל, חיימ'ל — האָט זי איהם נאָכגעשריגען...

יאָ, ער האָט געהערט איהר קול...

זי האָט געוויינט, זי האָט געלאַכט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

טרינה די משוגענע קומט יעדען טאָג און שטעלט זיך אַנידער פאַר זייער טהיר און וואַרט. איינמאָל האָט ער געהערט, ווי שיינדעלע די שכנה'טע האָט אַזוי געזאָגט: „אַ מאַמעס אַ האַרץ לאָזט נישט רוהען: משוגע, און דאָך קאָן זי אָן די קינדער נישט פערגעסען“...

און דער טאַטע קומט אַרויס מיט אַ פּאַסעק און טרייבט זי אַוועק, זי שטעהט און קוקט אויף איהם. דערזעהט זי אַ קינד, איהם, אָדער זיין שוועסטעריל, שטרעקט זי די הענד אויס, און רופט עפּעס, און וויל עפּעס, וויינט זי, לאַכט זי...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס יונגעל האָט אַ ציטער געגעבען, זיין קינדיש גופ'ל איז פון דער באַנק אויפגעשפרונגען.

— וואָס טהוט זיך מיט דיר, שייגעץ! קיין איין וואָרט זאָגסט דו דאָך ניט, און דער קאַנטשיק איז געפאַלען איבער זיין פּנימ'ל...

דאָס יונגעל האָט אָנגעהויבען צו וויינען.

איהם האָט זיך געלוסט צו וויינען, לאַנג וויינען, לאַנג און לאַנג, און אין וויינענדיג האָט ער זיך געפונען ביי זיך אין דערהיים.

זיי האָבען נאָך דענסטמאָל געוואוינט אין דער אייגענער שטוב, וואָס זיי וואוינען איצט. די מאַמע זיצט תמיד אויף דעם קיכען־בענ־

— האָט אביי אזוי געזאָגט — אזוי געזאָגט...

...די מישוגענע טרינה האָט אַ שווארץ סאמעטעל אויפ'ן האלז — דער ארבעל איז אראָבגעריסען, און אז זי געהט, שלעפּט זיך איהר נאָך אַ בלאָטיגער שלומפּער...

אַ מאָל איז ער אהיים געקומען אויף דער נאכט פון חדר, אַ קליין יונגעל איז ער נאָך דענסטמאָל געווען ווי שלמה'לע דעם רבי'נס. דער בעהעלפער האָט איהם אָבגעפיהרט. די מאמע איז געזעסען ביי דעם ווינטער־לאָמפּ און האָט די ווארעמע וועש אונטערגעשטריקט. אין דעם אויוּוען האָבען זיך עפּעלעך געבראָטען, די מאמע האָט איהם אַן עפּעלע געגעבען. ביים ליכט פון לאָמפּ האָט ער דער מאמעס האלז געזעהן. ער איז אזוי ווייך געווען — אזוי ווייך. די מאמע האָט אַ שווארץ פּלעקעל אויפ'ן האלז, און, אז זי לאכט, לאכט דאָס פּלעקעל מיט, און אז זי איז מישוגע, איז דאָס שווארצע פּלעקעל אויפ'ן האלז אויך מישוגע. מישוגע? איז דאָס שווארצע פּלעקעל אויפ'ן האלז אויך משוגע?

די מאמע האָט איהם געקושט... ניין, טרינה די מישוגענע ליגט אין מטה אויפ'ן גוטען אָרט... יונגען לויפען נאָך... דאָרט אין דער קיך, ביים ווינקעל זיצט זי...

— חיים'ל, וואו האלט מען?

— דאָ — טאפּט דאָס אינגעל מיט די האנד אין דער גמרא.

— שייגעץ איינער! און דער קאנטשיק שפּרינגט ארום איבער'ן קינד'ס פּנים.

— מאמע לעבען, מאמע קרוין — וויינט דאָס קינד.

— „...ווי ער רופט די משוגע'נע מאמע..."

די קינדער לאכען.

— מתקיף ליה רב פּפּא — האָט רב פּפּא אַ קשיא געפרעגט.

— וואָס האָט רב פּפּא אַ קשיא געפרעגט? הער, חיים'ל?

— אז צוויי זיינען געגאנגען אויפ'ן וועג, נו, נו...

...ביי נאכט איז געווען, און שווארץ איז געווען די נאכט. אזוי שווארץ, מאמע קרוין! אַ רעגען האָט געגאָסען, פון אויבען און פון אונטען...

ער איז אהיים געלאָפען פון חדר, איינגעוויקעלט אין דעם קאפּטיל אויפגעשטעלט דעם קראגען איז ער געלאָפען...

דער רבי איז פון בית־המדרש צוריק געקומען.

דאָס קליינע לעמפּעלע האָט געלויכטען, דאָס טישעל מיט די קינ־דישע פּנים׳לעך זיינען געוואָרען בעלויכטען, זיי האָבען געקוקט אין די גרויסע גמרות, אין די לאַנגע בייטען אויסגעזייעט מיט גמרא אותיות, וואָס האָבען דערמאַנט אָן די לאַנגע ווינטער נעכט...

— זאָגט׳ס קינדער — האָט דער רבי אויסגערופען און זיין לאַנגער דאַרער שטערען האָט זיך אָנגעהויבען שאָקלען מיט איין טאַקט איבער די וואַנד.

— שמע מניה תלת... „וועט דאָך זיין געדרונגען דריי זאַכען" — האָט זיך דערהערט אַ כאָר פון קינדערישע קול׳כעלעך.

חיימ׳ל האָט זיך אויך מיטגעשאָקעלט מיט די קינדער.

...טרינה משוגענע !... טרינה משוגענע !...

ווער רופט דאָס אין זיינע אויערען? ער קוקט זיך אום.

...דאָרט ביי דעם פּלומפּ... אין צוגאַנגענעם שניי שטעהט זי, און רייסט זיך די האָר פון קאָפּ...

ווער איז עס, טרינה משוגענע, צו זיין מאַמע?

ניין, דענסטמאָל איז זי נאָך נישט געווען די משוגענע טרינה. דענסטמאָל איז זי דאָך זיין מאַמע געווען.

פרייטיג צונאַכטס, די ליכט ברענען אין די לייכטערלעך, די חלות זיינען צוגעדעקט מיט׳ן חלה־„צוועלעכיל", און דער רויטער קדוש־ווין פונקעלט זיך אין פּלעשעל. די מאַמע זיצט, אויפ׳ן קאָפּ דאָס היבעל מיט די ווייסע בענדער.

ווער? זיין מאַמע?

„...טרינה משוגענע שטעהט ביים שוואַרצען פּלאַט. אַזוי איינגע־ריכט, אַזוי ברודיג. אין די הייטלעך פון די אויגען זיינען אויפגעריסען, און פון די אויגען־הייטלעך גיסען זיך טרערען. אין דער האַנד האַלט זי אַ סדור מיט אָבגעפּליקטע הושענות, אויפ׳ן קאָפּ האָט זי אָנ׳אַלטען פריצייישען קאַפּעלוש, און די יונגען צופּען ביים קלייד, ביי דער טוך..."

— אוועק זאָלט איהר געהן, יונגען, אוועק...

— טרינה משוגענע! טרינה משוגענע!

זי וויינט, זי לאַכט...

אָמר אביי — האָט אביי געזאָגט... האָט אביי געזאָגט...

— וואָס האָט ער געזאָגט אביי? — פרעגט דער רבי.

# די משוגע:ע מאַמע

עס איז געווען אַ ווינטערדיגער פאַרנאַכט.

די קינדער זיינען געזעסען אַרום טיש אין חדר און האָבען זיך מעשיות דערצעהלט פון שדים. דער רבי איז נישט געווען. ער איז געגאַנגען מעריב דאַווענען אין בית־המדרש. דאָס לעמפּעל האָט זיך נאָך נישט געהאַט צוברענט, און די קינדער, זיצענדיג אַרום דעם טיש האָבען זיך אָבגעשאָטענט אויף די געגענאיבערדיגע וואַנד. די בעוועגענדיגע ענדטלעך האָבען מאָדנע שאָטען געוואָרפען אויף די ווענד, וועלכע האָבען זיך געריסעוועט אויף דעם טונקעל גרויען טלאָה אין געשטאַלטען פון נאַכטיגע שדים...

די קינדער זיינען איבערגעגאַנגען פון דעם שמועס פון די שדים אויף טויטע מאַמעס. פערצעהלט האָט נחמ'קע דער יתום. ער האָט ערשט נישט לאַנג אויפגעהערט קדיש צו זאָגען, און די קינדער האָבען איהם שטאַרק מכבד געווען. האָט איהם ווער שלעכטס געטהון, האָט ער איהם באַלד איבערגעבעטען מורא האָבענדיג, אַז זיין געשטאָרבענע מאַמע זאָל נישט קומען ביינאַכט צו איהם און ווערגען...

אין אַ ווינקעל טיש איז געזעסען חיים'ל, אַ קליין יונגעל פון אַ יאָהר צוועלף, ער איז געזעסען אין שכנות מיט נחמ'קען, האַנד ביי האַנד האָט ער זיך אָנגעריהרט מיט איהם און האָט געפיהלט אַ נאָהענטקייט עפּעס מיט נחמ'קעס געשטאָרבענע מאַמע... ער איז דאָך אַ חבר מיט נחמ'קען, וועט זי פאַר איהם אויך דאָרט בעטען אין הימעל...

דעם יונגעל דאַט זיך געוואָלט ווייגען — האָט ער זיך אָבער פערשעהמט פאַר די חדר־יונגלעך. די חדר־יונגלעך האָבען אַלין אין איינעם ווייטער פערצעהלט פון זייערע מאַמעס. ער האָט זיך פיעל מאָל געוואָלט אריינמישען אין שמועס. נאָר איהם האָט זיך געדאַכט, אַז די קינדער לאַכען איהם אויס, רוקען אויף איהם און טייטען מיט די פינגער...

האלט די בייטש אין אָרים, פערלעגט די הענד און קוקט גאָרעדיג פון מאַנטעל ארוים:

עס בעווייזט זיך דאָס וועלדיל, עס שטעהט אין רעגען און קען זיך נישט ריהרען, און די בוימער טוליען זיך איינער צום צווייטען.

נאָך דעם וואלד זעהט מען שוין דעם שפּיץ קירכע פון אונזער שטעדטיל ארוים, און מיין הארץ האָט אָנגעהויבען צו קלאַפּען: שוין אין דער היים!...

.... מ'גרייט צום טיש... א גרויסער הענגלייכטער הענגט פון באַלקען צראָב מיט גרויסע בריליאַנטענע גלעזליך... איך מיט מיין מחותן זיי־צען אויף איין זייט טיש... זי מיט דער מחותנת'טע אויף דער צווייטער זייט טיש... דער הענגלייכטער פעריטעלט... זי קוקט אויף יענעם זייט הענגלייכטער, איך אויף דער זייט...

... איך זאָג ווייטער תורה... דאָס פּשט'ל אויף „שחיטת־חוץ"... פּערענטפער דעם רמב"ם.. דער מחותן ווענדט אָב... איך לאָז נישט... ברענג די גמרא פון חולין.... זי ווינקט.... קוקט אויף מיר: לאָז דיך נישט... אָט אזוי... פּערענטפערט... ריכטיג... זי שמייכעלט... הא ? !

מען פיהרט מיר מיין כלה צו... איך מאַך די אויגען צו... איך קוק נישט.... מען גיט מיר א גאָלדענעם זייגער... זי געהט.... נעהם, זאָגט זי, און קוקט מיך אָן.... איך מאַך די אויגען צו און נעהם... איך טראָג איהם אויף די אטלעסענע וועסט...

... איך זיץ מיט איהר אליין... אין א גלעזערנער אלטאַנקע.... זי קוקט נישט... איך אויך נישט... מען קוקט אין וואסער אריין.... ניין, אין א ספר'ל אריין... זי שמייכעלט... ניין... זי זיצט, האַלט דעם קאָפּ אראָבגעבויגען... ניין... זי זיצט און קוקט אויף מיר גלייך אין פּנים אריין... איך אויך... גלייך איהר אין פּנים אריין... זי וויינט... יאָ, עס רינען אראָב די טרעהרען איבער די באַקען... איך האַלט די צעפּ... ניין... מען מעג דען ? ?... איך קוק אויף איהר... איך וויין אויך... זי האָט אויף מיר רחמנות, אזוי רחמנות...

איך נעהם זי אָן ביי דער האנד...

„דו האָסט נישט דעם פויער צו בעצאָהלען ? האָסט מורא פאר דיין עלטערן ברודער ?..."

איך קוק מיך אום, דער פּאלאַץ איז שוין לאנג פערבייגעפאָהרען, עס ציהען זיך נאסע בעוואָלקענטע פעלדער.

עס בעוויזט זיך א קליין הייזיל, דער שטרוידאך איז אין רעגען דורכגעווייקט, פון קוימען געהט א געדיכטער רויך ארויס און צולעגט זיך געדיכט איבער'ן וועג, פאר דער טהיר שטעהט א פוהר, דאָס אויס־געשפּאנטע פערד האַלט דעם קאָפּ אין וואָגען בעהאַלטען, און גיט אי־בער זיין רוקען א כפרה דעם רעגען. דער פוהרמאַן שטעהט אין דער טהיר ביי'ם הייזיל, איינגעקאָרטשעט אין זיין צעווייקטען מאַנטעל,

וואנד... מיר איז ווארם... באַלד באַד איך מיך אין א וואנע, און דאַ זיינען אַנגעגרייט פאר מיר נייע קליידער פון קאָפּ ביז די פיס.... איך שפיר ווי דאָס זיידענע העמד קנאַקט אויף מיין רוקען... און א אטלעסען קאַפּאָטקעלע, מיט א גאַרטעלע... איך קוק, דורכגעהענדיג, אין שפּיגעל אריין, איך זעה אוים ווי א בן־מלך... צוויי לאַנגע שווארצע פּאות׳ליך....

עפּעס א פוהר איז דורכגעפאָהרען, דער פויער איז פון וואָגען אראָב, און עס דאכט זיך, אז ער האָט ביי דעם צווייטען א פּאַפּיראָס פעררויכערט.

... און מען פיהרט מיך אין א גרויס צימער אריין.... עס בלישטשען אזוי פיעל ליכט אין זילבערנע רעהרען... ביי א לאַנג געדעקטען טיש זיצט אַן אלטער יוד אויבען אַן.... מיט א ווייסע באָרד... א זילבערן טאבאק־פושקעלע אין האנד און קוקט אין א ספר אריין... עפּעס א יור דענע אין גרויסע בריליאנטענע אויררינגען, אין א זיידענער הויב, גרייט צום טיש. איז עס מיין מאמע? ניין... א פרעמדע... מען פרעהט זיך מיט מיר... שלום־עליכם... מען קושט מיך... די מחותנת׳טע וויינט...

עפּעס איז ווער דורכגעלאָפען איינגעווייקט אין רעגען. אויפ׳ן פעלד שטעהט א פוהר אהן א פערד. נאָר דער דישעל איז אזוי לאַנג.

... איך זיץ ביים טיש... שמועס אין לערנען... איך פערענטפער א הארבען רמב״ם.... דער מחותן ווענדט מיך אָב מיט א מר״ל׳ם א קשיא.... איך ברענג איהם א ראיה פון א רא״ש.... אלע קוקען אויף מיר... נאָר מיין מחותן שטעהט פערגאפט... די מחותנת׳טע ווישט זיך די אויגען מיט א טיכעל... און דאָרט... פון א שפּאַלט פון דער טהיר.... א זיידען קליידעל... זי האָרכט... זי עפענט ברייטער אויף די טהיר, און קוקט.... איך מאך מיך ווי גאָר נישט.... און רעד ווייטער, פערענטפער א „תבואת־שור“.

... מען פיהרט די כלה אריין... זי איז שעהן ווי א בת־מלכה.... אין בלויז זייד און סאמעט.... אין צוויי שווארצע צעפּ... אין א ווייס שער־ציל.... זי לאָזט אראב דעם קאָפּ... זי שעמט זיך... איך אויך... דאָס הארץ קלאפּט אין מיר.

... — ווי געפעלט דיר דיין כלה?... די קינדער שעמען זיך! זעהסט, זעהסט ווי רויט ער איז געוואָרען... און איך שטעק מיין פינגער אין גארטעל אריין און דרעה מיר איבער׳ן שטוב...

... זיי וועלען זיך אליין געוועהנען איינער צום צווייטען...

פון חדר צו דער מוהמען נחה פעריל. און די וועלט האָט אויך אַ על־טערן ברודער, וואָס ער וועט זי פרעגען, ווען זי וועט אהיים קומען: וואו ביסט דו געווען?

אויפ׳ן פעלד אַקערט אַ פויער. דאָס פערד איינגעשפאַנט אין דעם אַקעראייזען, ציהט זיך און שלעפּט זיך איבער דער פייכטער ערד, עס שטעקט דעם קאָפּ ארוים און ציהט ווייט אוים דעם האלז. דאָס אייזען שלעפּט זיך נאָכ׳ן פערד — און דער פויער געהט הינטער זיי, און שמייסט מיט דער בייטש.

און די פוהר פאָהרט ווייטער. אָט באַלד ווייזט זיך אַ לאַנג שטיק שוואַרץ אויסגעשניטען פעלד פון טאָרעב. באַלד ציהט זיך אַ שוואַרץ שטענגעל פון פעלד אין וועג אריין, ווי אַ וועג וואָס פיהרט צו אַ „בית־עולם“ צו.

און ארום שוועבט אַ נעפּעל אין דער לופטען און שטיקט אַלעס צו.

און געדאכט האָט זיך מיר, אז מיר אַלע — איך, דער הימעל, די פעלדער, דער פויער מיט׳ן אַקעראייזען, אַלעס ארום זיטצען אין חדר. עס איז דאָנערשטאג נאָכ׳ן אָנבייסען; די זון איז ערשט ביים שפּיטץ פענסטער, אַ סימן, אז עס איז ערשט האלב איינס, און מיר זאָגען אי־בער דעם שיעור פאַר׳ן רבי, און מיר קענען נישט דורכקומען.

באַלד האָט זיך בעוויזען אַ הויכער פּאַלאַץ ארומגערינגעלט מיט אַ גאָרטען. פון דערהויך האָבען זיך געוויזען פיער גרויסע פענסטער, אין מיטען — אַ באַלקאָן. פון פּאַלאַץ ציהט זיך אַ לאַנגע אַלעע ארום הויכע בוימער.

און איך האָב מיין פּנים טיעפער אין דער קאַפּאָטע בעהאַלטען. די הענד האָב איך אונטער מיין וועסטעל ארונטערגערוקט, אָנגעטאַפּט מיין ברוסט און האָב מיך געפיהלט היימיישער, איך בין ביי מיר...

און עס האָט זיך בעוויזען פאַר מיינע אויגען מיין ברודער׳ס פּנים, ער שלאָגט מיך גאָר נישט, ער האלט דעם שטעקען אין האַנד און קוקט אויף מיר, קוקט מיך גוט אָן, און ביי דער טהיר שטעהט דער פויער, ער פערלאַנגט די פערציג גראָשען, וואָס די מוהמע האָט איהם צו־געזאָגט....

און דאָ שטעהט דער פּאַלאַץ — און באַלד אָט עפענט זיך די טהיר פון דעם פּאַלאַץ אויף — און די פוהר פאָהרט מיט מיר אריין, מען גיט מיך ערגעץ אַ נעהם ארויף.... איך ליג אונטער אַ זיידען בעטגע־

פען געוואָרען מיט'ן רעגען, און עס וועט ווייטער רעגענען, ווייטער, אזוי לאנג ביז די וועלט וועט שטעהן...

און איך האָב מיך איינגענאָרעט אין א ווינקעלע וואָגען אריין, בעהאלטען מיך אונטער דעם נאסען געזעס, און מיינע הענד האָב איך אונטער מיין קאפאָטע ארונטערגעשטעקט, אָנגעטאפט דאָס העמד אויף דער ברוסט, איך האָב ביי מיר געשפירט, אז מיינע הענד זיינען ביי מיר אין דער היים, אין מיין אייגען ווינקעל בעהאלטען.

א קייטיל האָט זיך פון וואָגען אָבגעטשעפעט און האָט אָהן אויפהער אין די ברעטער געקלאפט, דער רעגען האָט געקאפיעט, און די קייטיל האָט נאָכאנאנד געקלאפט, און עס האָט זיך געדאכט, ווי א הונד וואָלט אונטער א נאסע באָרע געקלאָגט.

און די וואָלקענס צידען זיך איבער מיין קאָפ. אָט דאכט זיך מיר, אָט שטרעק איך די האנד אויס אין טאפ זיי אָן, נאָר אָט רוקען זיי זיך העכער ארויף, און דער רעגען קאפיעט, א טראָפ צו א טראָפ, און די טראָפענס פאלען אין די וואסערלעך, וואָס זיינען צווישען דעם וועג און צווישען די ווייטע, נאסע פעלדער, און די וואסערלעך רעדלען זיך, און די פייכטע ערד זאפט אין זיך די טראָפענס איין.

איך קוק אויפ'ן פויער. ער זיצט איינגעקאָרטשעט דעם קאָפ אויף דער ברוסט, און זעהט אויס טיעף פער'הורשב'ט. זיינע אויגען קוקען ווייט אוועק, ער האלט אָפען דאָס מויל און שווייגט נאָר זיין אויסגעשטרעקטער רוקען, דאכט זיך, ווי ער וואָלט זאָגען, גלייכגילטיג איינזאכענדיג אין זיך די טראָפענס רעגען: וואָס געהט עס מיך אָן?

און די פערד געהען זיך פאמעלע, מיט אראָבגעלאָזטע קעפ און שטעלען זיך זיכער זייערע הארטע טריט אין דער פייכטער ערד.

איך קוק אויפ'ן ראָד פון וואָגען, ווי עס דרעהט זיך אריין אין דער בלאָטע. אָט באלד פאהרט א העלפט ראָד אין דער הויך ארויף, אריינציהענדיג אונטער זיך דאָס אנדערע האלבע ראָד אין בלאָטע, און אזוי דרעהט עס זיך, אמאל איז איין האלבע ראָד אין דער בלאָטע און די אנדערע העלפט אין דער הויך און דאָס צווייטע מאל פערקעהרט.

איך קוק מיך ארום — די פעלדער זיינען בעוואָלקענט און נאס, דער הימעל איז גראה: ער רעגנט, דאכט זיך, נאָר אראָבצופאלען און אלעס צוצודריקען — און געדאכט דאָט זיך מיר, אז די גאנצע וועלט, אָט דאָס אלין, וואָס איז ארום איז ברוגז אויף דער וועלט'ס מאמען, זי אנטלייפט

מען קענען א בעטעל אנידעריסטעלען. דאכט זיך ביי דער מוהמע רבקה׳לע איז דאָ א איבריג בעטעל, איך וועל מאָרגען צו איהר ארי־בערגעהען.

— מאך דיך נישט צו נאר! שמואל וועט מאָרגען אהיים פאָהרען.

און אראָב־בייגענדיג דעם קאָפּ האָט זי אין דער שטיל געזיפצט.

— א קינד מאכט זיך צום נארען, האפּט זיך אויף און לויפט פון דער היים אוועק. אוי, אוי, יונגע נארישע קינדער!

שרה דאָבריש איז געשטאַנען אין מיטען שטוב און געקוקט אויף מיר פערוואונדערט און רחמנות׳דיג.

איך האָב מיך פערשעמט אין ספר׳ל פערטראכט.

אין שטוב איז שטיל געוואָרען.

באלד האָט זיך געהערט א פוהר פאָהרען, און מיין מוהמע איז פון שטוב ארויס.

שרה דאָבריש האָט שוין גאָר נישט גערעדט, דאָס פּנים האָט זי אין קוימען פערבאָרגען.

איך בין צום פענסטער צו און אויף דער גאס ארויסגעקוקט. דרויסען איז זעהר פינסטער געווען. באלד האָט זיך א קלאַפּען פון רעדער געהערט, און א פוהר מיט א לאמטערן איז דורכגעפאָהרען. די פוהר איז געפאָהרען, און פון דער ווייטענס האָט זיך א פונק ליכטיגקייט אין דער פינסטערניש געטונקט...

*
* *

אויף מאָרגען אין דער פריה האָט מיך מיין מוהמע מיט א פּוי־ערישער פוהר אויפגעדונגען און מיך צוריק אהיים געשיקט.

שרה דאָבריש, מיין מוהמעס מיידעל, איז געשטאַנען ביים שלאָבען און האָט מיר נאָכגעשריען:

— פאָהר געזונדערהייט, גרים די מוהמע מלכה׳לע.

די פוהר איז ווייטער געפאָהרען.

דער הימעל איז געווען בעוואָלקענט. א געדיכטער קאַלטבלוטיגער רעגען האָט אָהן אנ׳אויפהער פון דער הויך, פּאַמעליך, אויף דער ערד געגאָסען, עס איז געווען איינער פון די רעגענס, וואָס מען ווייסט נישט, ווען זיי הויבען זיך אָן און ווען זיי לאָזען זיך אויס. עס דאכט זיך, אז עס רעגענט שוין אזוי פון אייביג, די וועלט איז באלד אזוי בעשאַ־

לען מירביידע אריבערגעהן צו דער מוהמע רבקה'לע — א געשעפט, „טעג", וועסט האבען וואו צו עסען.

איך קוק אויף איהר און שווייג.

— וועיס וועט דיר אויך נישט קאסטען, — זאגט זי ווייטער, — אין איינעם מיט די אונזערע וועט מען דיינע אויך אויסוואשען. נישט געזארגט, וועסט דיר א עצה געבען.

איך האב מיך אין שטיבעל ארומגעקוקט, און אלץ האט מיר שוין אזוי פריינדליך, אזוי היימיש אויסגעוויזען.

— דא, זעהסט, — זאגט זי צו מיר, ווייזענדיג מיט'ן פינגער אויף דעם שטיקעל ליידיגען ארט, וואס איז צווישען דעם שענקעל און דעם קאמאד, — וועט מען קענען א בעטעל אנידערשטעלען, בעטגעוואנד איז אהן עין־הרע דא ביי אונז גענוג.

איך האב געווארפען א בליק אויף דעם ליידיגען שטיקעל ווינקעל, און א ווארימקייט איז דורך מיין הארץ דורכגעלאפען. דא וועט מיין „מקום מנוחה" זיין.

— גוט? — און איהרע צוויי גרויסע אויגען האבען ליעבליך גע־שמייכעלט צו מיר.

איך האב געשוויגען און געקוקט אויף איהר.

און קוקענדיג דערנאך אויפ'ן פענסטער — האב איך מיר גע־טראכט: דרויסען איז פינסטער, און איך בין אין דער היים...

זי האט מיר א גלאז טהיי דערלאנגט.

— טרינק, דערוואריב דיך, באלד וועט די וויעטשערע פארטיג ווערען.

די טהיר האט זיך אויפגעעפענט, מיין מוהמע איז אריינגעקומען.

איך, האלטענדיג דאס גלאז טהיי אין דער האנד, האב איך עפעס ביי מיר געפיהלט. אז איך טהו א עולה.

— ווייסט, מאמע, שמואל דער מוהמע מלכה'לעס איז היע אהער־געקומען לערנען. ער וועט עסען „טעג", ביי אונז וועט ער נעכטיגען, וואס נישט?

די מוהמע האט אויפגעעפענט דעם פוטער, און עס האט זיך גע־וויזען דאס שווארצע באנד, וואס זי טראגט אויף איהר האלז.

מיין מוהמע האט אבגעזיפצט און געשוויגען.

— זעהסט, מאמע, דא, צווישען דער שאנק און דעם קאמאד וועט

באַלד האָט זיך די טהיר אויפגעעפענט, און א מיידעל איינגעוויקעלט אין א טוך איז אריינגעקומען.

זי האָט דאָס טוך פון איהר קאָפּ אראָבגערוקט, און עס האָבען זיך בעוויזען איהרע צוזאמענגעפרעסטע האָר אייף איהרע שלייפען.

זי איז געבליבען שטעהן אין מיטען שטוב און האָט געקוקט אויף מיר מיט איהרע צוויי גרויסע אויגען. מען האָט דערקענט אין איהר, אז זי ווייסט נישט וואָס צו זאָגען, און וואָס צו טהון.

באַלד האָט זי דאָס לעמפּעל אָנגעצונדען און זי האָט עס אויף דעם טישעל פאר מיר אנידערגעשטעלט.

איך האָב מיך טיעף אין ספר׳ל פערטראכט.

— דו ביסט דער מוהמע מלכה׳לעס זוהן? — האָט זי מיך פּלוצלונג געפרעגט, אראָבבויגענדיג דעם קאָפּ, צוהאקענדיג האָלץ אויף דר׳ערד.

— יאָ — ענטפער איך איהר. און דו ביסט דער מוהמע נחה פּערול׳ס טאָכטער?

— יאָ — זאָגט זי.

און איך האָב ווייטער אין ספר׳ל אריינגעקוקט.

— לאנג וועסט דו פערבלייבען? — האָט זי מיך ווייטער געפרעגט.

— איך קלעהר דאָ, אין בית־המדרש צו לערנען. — זאָג איך איהר מיט זעהר א ערנסטען טאָן.

— טאקי? — פרעגט זי.

— יאָ. — פרעה איך מיך אויף מיין איינפאַל, — די צייט איז ביי אונז שלעכט, דער טאטע פערדיענט נייטט, ער קאָן מלמדות־געלט נישט צאָהלען, בין איך געפאָהרען אין דער פרעמד לערנען.

— צייט דער טאטע, עליו־השלום, איז געשטאָרבען, — זאָגט זי מיט א טרויעריגען ניגון, און נעמט אָן מיט די פינגער דעם שווארצען סאמעט בענדיל, וואָס זי טראָגט אייפ׳ן האלז, איז ביי אונז אויך די צייט שלעכט. דער „שלאבען״ איז טייערער געוואָרען. מען איז וואך גאנצע נעכט און מען פערדיענט גאָר נישט.

באַלד זאָגט זי ווייטער:

— דאָ וועסט דו קענען לערנען, שלאָפען וועסט דו ביי אונז, שבת און יום־טובים וועסט דו אודאי אויך עסען ביי אונז. און מאָרגען וועך־

— מיט א פייער, ער האָט זיך דאָרט אין דאָרף אָבגעשטעלט — וויז איך איהר מיט'ן פינגער.

און זי איז שטיל געוואָרען און האָט ווידער דעם קאָפּ אראָבגעהאלטען, צו דרימלען, אויב וואָס?

דערנאָך האָט זי באַמעליך דעם קאָפּ אויפגעהויבען, געוואָרפען אויף מיר א השדי'גען בליק און האָט ביטער אָבגעזיפצט.

מיין מוהמעס קרעכץ האָט מיך בערוהיגט. געוועזען איז עס עפּעס ווי אן אונטערשריפט אונטער זעהר א שווערען קאָנטראקט.

שטיל בין איך נאָך זעהר אין שטוב אריינגעגאנגען.

— זעץ דיך. שרה דאָבריש וועט באלד קומען, וועט זי פייער מאכען. —

באלד האָט זי די שטוב פערלאָזט.

אין שטוב האָט שוין אָנגעהויבען טונקעל צו ווערען. די צוויי איבערגעבליבענע שויבען, וואָס דאָס פאָרהענגעל האָט זיי נישט פערשטעלט, זיינען פערלאָפען געוועזען, און טריבע טרעהרען זיינען איבער זיי גערונען. פאר די צוויי אויפגעבעטטע בעטען איז מיין פעטער'ס, עליו־השלום, בילד געהאנגען, און דעם טויטענס אויסגעבלייכטע געזיכט האָט שטרענג אויף מיר געקוקט און גוט אכטונג געגעבען אויף אלץ, וואָס איך טהו. אויף דער צווייטער זייט וואנד איז ביי דער שאנק א קאָמאָד געשטאנען, בעדעקט מיט א געשטריקטען טישטוך. אויף איהם זיינען געווען אויסגעשטעלט פערשיעדענע קאָלירטע טעלער, צוזאמען־געגלייכטע גלעזערנע קלאָשען, צווישען זיי איז אויך געשטאנען א גלעזערנע ציקער־פושקע. איך האָב עס איבערגעדעקט. אינווענינג איז נאָך געלעגען וואטע, אודאי נאָך פון מיין פעטער'ס אתרוג, עליו־השלום.

איך האָב מיך אנידערגעזעצט ביים טישעל, גענומען א ספר'ל אין האנד אריין און האָב דערינען אריינגעקוקט.

אין דארין האָב איך מורא געהאט, אז עס זאָל מיר חלילה נישט איינפאלען, צוצוגעהן אין די ציקער־פושקע צו צוברעכען, אָדער גלאט אזוי נעהמען א טעלערל פון קאָמאָד, און עס אויף דער ערד אראָבווארפען, נאָר איך האָב מיר די בייזע מחשבות פון קאָפּ פעריאָגט און אין ספר'ל זיך פערטראכט.

באלד האָט זיך געוויזען א געלער קלאָץ מיט רויטע אָבגעפארבטע פאסען. ליגענדיג האלב אויסגעבויגען פון איין זייט וועג צו דער צווייטער זייט אריבער, — א גרענעץ צווישען דעם וועג און דער שטאָדט. פון איין זייט איז דער קלאָץ געוועזן העכער, און עס האָט זיך פון דער הויך א קייט אראָבגעצויגען, ביי א בודקעלע. איינגעוויקעלט אין א פוטער, זיצט מיין מוהמע נחה־פעריל. זי האָט אָבגעהיטען דעם שטאָדט „שלאָבען", און זי לאָזט נישט קיין פוהר פון דער שטאָדט ארויס און נישט קיינע אין דער שטאָדט אריין, וואו מען בעצאָהלט איהר נישט דערפאר. עס דאכט זיך, אז זי איז די שומר'טע פון דער שטאָדט. ווען זי וויל, גיט זי א ציה ביי דער קייט, לאָזט דעם קלאָץ פון דער הויך אראָב, און שניידט אָב ליענטשיץ פון דער גאנצער וועלט.

איך בין צו איהר צוגעגאנגען, נאָר איבער די בלאָטע אָבער, ווייל איך בין פאמעליך מיט מורא געגאנגען, האָט זי מיינע טריט נישט געהערט, און זי איז געזעסען איינגעוויקעלט אין איהר פוטער, און האלט דעם קאָפּ אראָבגעבויגען און דרימעלט.

— גוט נאָווענד! — האָב איך שוואך ארויסגערעדט.

זי זיצט און הערט נישט.

— גוט נ'אָווענד! — האָב איך נאָך א מאָל, שוין א ביסעל העכער, מיט הארץ־קלאפּען געזאָגט.

מיין מוהמע זיצט. עס האָט זיך מיר געדאכט, אז מיט צופלייס מאכט זי זיך אזוי, זי וויל מיך נישט זעהען.

איך בין געשטאנען און געווארט.

דאָך האָט זי זיך אומגעדרעהט, און דערזעהענדיג מיך, האָט זי מיט דעם רוקען א שוידער געטהון און געזאָגט: „שמואל", באלד האָט זי ווייטער דעם קאָפּ אראָבגעבויגען, און איז ווידער שטיל געבליבען. געדאכט האָט זיך מיר דענסמאָל, אזוי ווי איך וואָלט ביי א קלאמקע פון א טהיר אָנגעהמען, פּרואווענדיג זיך צו עפענען. די טהיר איז פערשלאָסען.

באלד, נישט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ, האָט זי מיך געפרעגט:

— מיט וועם ביסטו געקומען?

געדאכט האָט זיך, אזוי ווי א פערשלאָפען קול וואָלט פון אונטער דער באנק אפּער גערעדט.

באלד האָב איך מיך אליין געטרייסט, אז איך מיין חלילה נישט דאָס. וואָס הייסט א מאמע זאָל שטארבען! איך מיין עפּעס גאָר אנ־דערש; אז עס שטארבט חלילה ביי וועם א מאמע, איז דאָך אזוי נישט גוט, גאָט איינער!

און געדאכט האט זיך מיר דענסמאָל, אזוי ווי מיין אייגענע מאמע וואָלט אויף מיר רחמנות געקריגען, און מיט גרויס ערבארימקייט נעהמט זי מיין קאָפּ ארום און גלעט מיך אזוי ווייך מיט איהר האנד אויף מיין באק, און זאָגט צו מיר מיט א גוט ערבארעמדיג געלעכטער'ל:

— נארעלע, ווער וויל דאָס האָבען, אז זיין מאמע זאָל שטאר־בען? ווער?....

---

די גרויע וואָלקען זיינען טינקלער און געדיכטער געוואָרען, און האָבען זיך הארטער צו דער ערד אראָבגערוקט. דער זאמד אויפ'ן וועג איז פייכטער און אנקלעבענדיגער, און דאָרטען ווייט בעהאלטען זיך די פעלדער אין א געדיכטען טוי־נעפּעל. א גויה איינגעוויקעלט אין א גראָב טוך איז דורכגעלאָפען, זי האָט זיך געאיילט, ווייזט אויס, וואָס גיכער אהיים צו קומען. באלד איז א פוהר פון ווייט אָנגעקומען צו פאָהרען. די צוהיצטע, מאטע פערד זיינען מיט אראָבגעלאָזטע קעפּ, פּאמעליך, מיט קליינע טריט צו דער שטאָדט צוגעגאנגען. דער פויער, וואָס איז אויף דער פוהר געזעסען, איז געווען איינגעהילט אין א פייכ־טען זאק, און ער האט מאט געקוקט אויף די אָבגעארבעטע פערד. דער הוט איז ביי איהם ביז אין האלבען קאָפּ געווען ארויפגערוקט, די פייכ־טע האָר האָבען זיך איהם געקלעבט אין אָקסענדיגען, בעשמוצטען שטערן; אין זיינע קליינע שווארצע אויגען האָט עס געבלישטשעט: געלויבט צו גאָט, מיר זיינען שוין אין דער היים! אנטקעגען פון דער שטאָדט צו איז א צווייטע פוהר אָנגעקומען צו פאָהרען. די פערד האָבען נאָך זיכער געשטעלט זייערע הארטע טריט אין דער פייכטער ערד, און מיט אויסגעשטרעקטע העלזער האָבען זיי זיך ערגעץ וואו אין דער וועלט אריין געאיילט.... דער פויער, וואָס איז אויפ'ן וואָגען געזעסען, איז נאָך אין א טרוקענעם זאק געווען איינגעהילט. דעם הוט גוט, ביז אין די האלבע אויערען אראָבגערוקט, און ער האָט ריהיג פאר זיך גע־קוקט, אין זיינע אויסגעלאָשענע אויגען איז עפּעס אומעטיגעס געווען: דער וועג הויבט זיך ערשט אָן...

# אַ ברוגז

מיט אַ פערביטערט האַרץ בין איך פון דער היים אוועקגעלאָפען און געלאָזט זיך געהן נאָך ליעגטישיין צו מיין מוהמען נחת־פערלען.

געוועזען איז עס איינער פון יענע טעג, וואָס נאָך דעם וועטער איז שווער צו וויסען, אויב עס איז אַ ווינטער אָדער אַ זומער־טאָג: דער הימעל איז גרוי בעוואָלקענט, די ערד פייכט און דער שטח איז מיט אַ שווערער לופט אנגעפילט.

דער וועג, וואָס איך געה אויף איהם, ציהט זיך שטום־טויט ווייט אוועק, און אין דעם ראָוו וואָס איז צווישען דעם וועג און די ווייטע בע־וואָלקענטע פעלדער, פאַשען זיך קיה און פערד. נעבען זיי זיצען קליינע שקצים׳לעך, איינגעקאָרטשעט אין ברייטע פאָטערישע ווענטען, און קוקען אויף מיר נאַרעדיג ארויס פון אונטער די טיעפע היטלען, וועלכע זיינען אריבערגעצויגען איבער זייערע אויערען. עס גלוסט זיך זיי נישט, זעהט זיך אויס, אין אזא וועטער מיט מיר צו טשעפען, און זיי לאָזען מיך רוהיג ווייטער געהן. באַלד איז אַ קאַרעטע דורכגע־פאָהרען, און איך האָב געוואָרפען אַ בליק אין די קאַרעטע אריין. איני־וועניג ליגט עפּעס אַ העררר אויסגעצויגען אויפ׳ן געזעס, און קוקט שטום אין אַ צייטונג אריין, וואָס איז איבער זיינע קניה אויסגעשפּרייט. באַלד איז די קאַרעטע מיט דעם הערען אויף דעם וועג ווייטער אוועק־געפאָהרען.

איך געדענק, אַז דענסמאָל, געהענדיג אויפ׳ן וועג, האָב איך עפּעס פון אַ זאַך געקלערט, וואָס האָט מיך שטאַרק דערשראָקען און פער־שעמט; איך האָב ביי מיר געקלערט, אַז ווען איך וואָלט חלילה אַ יתום געווען, מיין מאַמע וואָלט, חלילה, אויפ׳ן „גוטען אָרט" געלעגען, וואָלט איך זי אזוי ליעב געהאַט, אזוי ליעב! באַלד אָבער, האָב איך מיך דער־מאָנט, אין וואָס פאַר אַ זאַך איך קלער, און איך האָב מיך אין זיך זעלבסט פערשעהמט: „שטיק גולם, נאַר — האָב איך צו מיר גע־טענה׳ט, — ווער וויל דאָס האָבען, אַז אַ מאַמע זאָל שטאַרבען? ווער?"

אין שטוב איז שטיל געוואָרען. גאָלדה׳לע האָט אויפגעהערט צו לעזען, און האָט די גאַנצע צייט געקוקט צו דעם פערמאַכטען שטיבעל: וואָס דאָרטען טהוט זיך... די מיידלעך האָבען געשמועסט פון די מעשה. מאַניע האָט מיט שטייפע טריט שפּאַציערט איבער דער שטוב אהין און צוריק, ווייזענדיג איהרע קאָליערטע זאָקען פון דער קורצער האַלקע, און האָט געוואונקען מיט׳ן לאָק פאַר זיך, און האָט געזעדט צו זיך, יאָלד! יאָלד! יאָלד!

דעם בעל הבית׳ס טאָכטער האָט זיך אונטערגעגנב׳עט הינטער׳ן ווענטיל פון א פערמאַכטען חדר׳ל און נייגעריג דורך א שפּאַלט אריינגעקוקט.

רויטע בלוט פלעקען האָבען אויף איהרע באַקען געבליהט. די ברוסט איהרע האָט זיך הויך בעוואויגען, און זי האָט הויך און וואַרם אָבגעאָטהעמט, אז דאָס בלוט אין איהרע הענד האָט געציטערט און געוועקט זיך.

מאַניע האָט עס בעמערקט. זי איז פלינק צו צו איהר, איינגעבי־סען איהרע דינע טרוקענע ליפּען אין דעם מיידעל׳ס באַקען, און האָט דאָס מיידעלשע בלוט מיט׳ן פולען מויל אויסגעזופּט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין פענסטער האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו גרויען די וואַנד פון דער געגענאיבערדיגער מויער...

שענס רייכטהום רויבען — נור די ליעבע פון די פרוי קען זי ניט רוי־
בען... שעהנע מארי! ווי א אונמעכטיג קינד ליעג איך, קעניג פון די
„שווארצע מערדער". צו דיינע פיס, און בעט ביי דיר מיטלייד! ווי א
הונד וועל איך ליעגען ביי דיינע פיס. — אויף די הענד וועל איך דיך
ארומטראָגען! — ! —"

— שווארצער הונד! א מכה דיר! האָבען די מיידלעך געברוממט.

„האָט די שעהנע מארי איהם אזוי אָבגעענטפערט:

„קעניג פון די שווארצע רויבער! אין דיין האנד בין איך, טהו מיט
מיר וואָס דו ווילסט, אָבער פערלאנג ניט פון מיר מיין עהרליכקייט.
איך האָב פערשפראָכען מיין וואָרט מיין הייס־געליעבטען ראָבערט'ען,
און זיינע מוז איך איבערבלייבען ביז צום טויט...

— אָט אזוי — האָבען די מיידלעך געברוממט.

— „האָט זיך דער שווארצער מערדער געגעבען א וואָרף ארויף
אויף איהר שעהנעם קערפער. די שעהנע מארי האָט געשריען רעט־
טונג, אָבער אומזאָנסט איז געוועזן איהר רופען אין וויסטען וואלד.
האָט זי געביסען מיט די ציין די שטריק וואָס האָבען פערבונדען איהרע
הענד. אָבער אומזיסט! די שטריק זיינען געוועזן צו שטארק פאר
איהרע ערעלע ציין.

אין דער שטוב איז געוואָרען זעהר שטיל. די מיידלעך האָבען
דעם אָטהעם אויפגעהאַלטען — איינגעהאָרכענדיג וואָס וועט דאָ זיין.

— זי האָט געביסען דעם מערדער'ס פינגער, איינגעביסען זיך אין
זיין הארץ....

— אָט אזוי, לאָז דיך ניט! לאָז דיך ניט! האָבען די מיידלעך
שוין הויך געשריען.

„נור באלד דאָך איז דער שוואכער ווייבליכער קערפער געלעגען
ווי א געבונדענער קרבן אונטער דעם מערדער'ס האנד.

— מאמע, קרוין, מאמע לעבען, — האָבען די מיידלעך געוויינט
הויך.

„פלוצלונג האָט זיך די טיהר געגעבען א פראל אויף, און זשאנ־
דארען מיט בלויזע שווערדען אין די הענד זיינען אריין, געגעבען א
חאפ דעם באנדיט.

— א — א — — — — — — — — — — — — — — —

*

אין דער שטיל, צו דעם וואס גאלדה'לע לעזט ווייטער.

„... האט ער זי געהייסען אויסטהון נאקעט אזוי ווי גאט האט זי בעשאפען, און גענעבען א בעפעהל, אז מען זאל אריינברענגען דעם געבונדענעם ראבערט'ן, ער זאל זיך צוקוקען מיט זיינע אייגענע אויגען ווי איהר שעהנער קערפער וועט ווערען בעזיטצען פון „דעם שווארצען מערדער“ — און דערנאך ווערען צושניטען אויף שטיקלעך. — דער „אונגליקליכער“ ראבערט האט געבעטען זיין ברויט, אז זי זאל נישט לאזען אונטערקומען איהרע יונגע יאהר פון דעם מערדער'ס האנד. האט די „שעהנע מארי“ איהם אזוי אבגעענטפערט:

— „אזוי לאנג ווי עס טהוען אונזערע שטערן אין הימעל לייכטען, אזוי לאנג וועל איך אונזער הייסע ליעבע ווי מיינע אויגען אין קאפ אבהיטען.“

— אך, שעהנע מארי! — האבען די מיידלעך געברומט.

— „האט דער „שווארצער רויבער“ געהייסען, פיער בעדיענטע זאלען איהר דאס העמד אויסציהען און די שפיזען גרייט מאכען. נור אזוי ווי עס איז געווארען ענטפלעקט איהר יונגעס לייב, איז דער „שווארצער מערדער“ פערבלענדט געווארען פון זיין הערליכקייט און שעהנקייט:

— „שטעהט! האט ער נעגעבען א רוף אויס צו די מערדער מיט די שפיזען.

— „לאזט מיך מיט איהר אליין — האט ער נעגעבען א בעפעהל. אין איין מינוט האבען אלע דאס קערקער פערלאזט, און עס איז נור איבערגעבליבען די „שעהנע מארי“ מיט'ן שווארצען מערדער אליין.

„האט ער זיך געגעבען אווארף צו איהרע פיס און האט אזוי געזאגט:

„שעהנע מארי! דיין שעהנעס לייב האט אנגעצונדען דעם פלאם פון דער ליעבע אין מיין הארץ, און נישט מיט דיין אונשולדיגעס יונג בלוט, וואס עס וועט ווערען פערגאסען דורך מיין האנד, וועל איך קענען פערלעשען דאס העלישע פייער פון די ליעבע, וואס פלאקערט אין מיין הארץ — נור דיין מינד און דיינע זאנפטע קושען, זיי וועלען קענען פארלעשען. זעה! איך בין דער קעניג פון די „שווארצע מערדער“ — מיין האנד טהוט אייזען ברעכען, נור די ליעבע פון א פרוי איז שטארקער פון אייזען. מיין האנד טהוט מענשענס בלוט פערגיסען און מענ-

פאַרלעזען די מעשׂה פון דער „שעהנער מארי“, — און יעדעס מאָל פלעגען זיי זיך אנידערזעצען ארום רוהיג און אויסהאָרכען מיט די אונ־געדולדיגקייט, נישט דוקא ווי זיי וואָלטען עס ערשטע מאָל געהערט, נור ווי די פערזאָן פון די ערצעהלונג קערט זיך מיט זיי אָן גאָר א נאָהענטע. גאָלדה׳לען האָט די מעשׂה שוין נישט אינטערעסירט. שוין דריי יאָהר ווי זי לעזט אלץ פאר זיי פאָר די מעשׂה. נור דאָס „הויז“ האָט פון קיין אנדערע מעשׂה נישט געוואָלט הערען. איינע האָט שוין געבראכט צו־שלעפען דאָס „מעשׂה ביכעל“ די „געהיימע מערדער“, געבראכט איהר די לאָמפּ, און אלע האָבען זיך ארום איהר געזעצט. איינע האָט די צווייטע אוועקגעשטופּט, אז זי זאָל נעהענ־טער זיין צו גאָלדה׳לען, און זייער שטיל געוואָרען אויסהאָרכענדיג.

גאָלדה׳לע האָט אָנגעהויבן צו לעזען פון דעם אָרט וואו עס ווערט דערצעהלט, ווי דער „שווארצער מערדער“, וואָס האָט צום טויט פער־ליעבט זיך אין די „שעהנע מארי“, „וועלכע האָט געהאט אויגען ווי די שטערען ,און א געזיכט ווי דער מאָנד“ — האָט ער זי ארויסגע׳גנב׳עט א נאכט פאר דער חתונה מיט איהר „הייס־געליעבטען“ ראָבערטען, און ער האָט זי ארייגעשלײדערט צו זיך אין קערקער, און ער איז געשטאַ־נען אין ער האָט פאר איהר אויסגעגאָסען זיין הייסע ליעבע, און ער האָט זי צוגערעדט, אז זי זאָל פערגעסען אָן איהר ראָבערט, וועלכער איז יעצט ביי איהם געפאנגען, און אז מיט איין וואָרט „יאָ“, קען זי איהם גליקליך מאכען און זיך גליקליך מאכען און ווערען די קעניגין פון די „געהיימע מערדער“. די „שעהנע מארי“ וויל אָבער ניט ברעכען דאָס וואָרט, וואָס זי האָט פערשפּראָכען איהר ראָבערט׳ן צו זיין זיינע, ביז צו דעם לעצטען שאָפּעל ערד. זעהט דער „שווארצער מערדער“, אז מיט גוטען וועט ער ניט קענען אויספיהרען, טהוט ער א פייף און עס לויפען אריין פופציג זיינע באנדיטען „מיט שווארצע אויגען אין די שטערען“ און „מיט געשארפטע שפּיזען אין די הענד“.

— גיב זיך אונטער!“ גיט ער א רוף אויס.

— א מכה דיר! א מכה דיר. — ברומען די מיידלעך העכסט אויפגערעגט אין דער שטיל...

עס עפענען זיך די טהירלעך פון די „פּערנומענע“ שטיבלעך, און מיידלעך, אויסגעטהון ביז צום העמד גנב׳ענען זיך ארויס פון די איינ־געשלאָפענע געסט, קומען אויך אהער צו גאָלדה׳לע, און הערען זיך איין

די גראָבע איטע, דעם קצב'ס טאָכטער פון טעמפּאָווקע, וויינט ביי־נאכט אין שלאָף, און כאפט זיך אויף ווי א משוגענע טהייל־מאָל. זי זעהט די געשטאָרבענע מוטער אין חלום. זי בייזע נאכט אויף איהר קאָפּ! — וואָלט זי, מאניקע, געזעהען איהר מוטער, וואָלט זי געוויינט? — אדרבה, זי וואָלט גערן געוואָלט זעהען, ווי א מאמע זעהט אויס...

אין פענסטערל האָט זיך גאָלדה'ס געזיכט געוויזען. זי האָט דאָס פענסטער אויפגעעפענט, און איהר פאליע נאסע האָר דורכ'ן פענסטער אריינגעשיקט. ווי א לייכטער ווינד וואָלט דורך דער שטוב דורכגעוועעט. די מיידלעך האָבען זיך אויפגעכאפּט...

א לייכטע האנד האָט אין דער טהיר שטיל געקלאפּט.

מאנקע איז מיט לייכטע טריט צו צו דער טהיר, און מיט א קלאָ־פּענדיג הארץ, ווי זי וואָלט א חתן ערוואַרט, האָט זי די טהיר אויפגע־שלאָסען. עס האָט זיך אריינגעשלייכט גאָלדה'לע. זי איז געוועזען אויסגעטהון ביז צום העמד, און מיט א טוך ארומגעהילט. דער פריי־שער פריהלינג־געשמאַק, וואָס דער רעגען האָט ערשט אין דער לופט פערשפּרייט, האָט זיך צווישען איהרע האָר אויפגעהאַלטען... מאניע האָט זי ליידענשאפטליך ארומגענומען און איהרע פרישע ליפּען גע־קושט. זי האָט זי צו דער קאנאַפּע צוגעפיהרט, אנידערגעזעצט זיך נעבען איהר, טיעף איהר אין די אויגען געקוקט און זי האָט גאָלדה'לען איהרע נאסע האָר געוויזען, דערצעהלט איהר ווי זיי זיינען אויפ'ן רע־גען ארומגעלאָפען, דערנאָך האָט זי זיך צו איהר צוגעטוליעט, איהר די בריסטען ענטפּלעקט — און געקושט זי.... און צו די איהריגע צוגע־טוליעט.... איהרע פולע, קילע הענד געהאַלזט, און דאָס פּנים אין איהר פולען האלז איינגענאָרעט.

מאָנקע האָט זי געוואָלט ארייננעהמען צו זיך אין שטיבעל אריין, אז זי זאָל מיט איהר דורכשלאָפען די נאכט. האָבען די איבעריגע מיידלעך נישט געלאָזט. זיי האָבען זיך ארום איהר ארומגעזעצט, איינע האָט איהר די האָר צולאָזט, די צווייטע האָט איהר אין נאקעטען נאקען געקושט, און געבעטען זי, אז זי זאָל פּאָרלעזען די מעשה מיט די „שעהנע מארי“. דאָרט, וואו דער „שווארצער יונגער־מאנטשיק“ האָט זי ארייננעכאפּט צו זיך אין קערקער.

גאָלדה'לע האָט געהענט לעזען, און דאָט געלעזען מעשה־ביכלעך. נור יעדעס מאָל, ווען זי איז געקומען צו זיי — דאָט זי זיי געמייט

מיט דעם, וואָס היינט זיינען אפילו די בעל־הבתישע טעכטער נישט בעסער, דער חילוק איז נור, וואָס זיי זינדיגען פאר פרנסה, און די בעל־הבתישע טעכטער פאר וואָהלטאָג, און קוים וועלען זיי נור קריגען מע־נער וועלען זיי צוריק אָרענטליך ווערען, אזוי ווי זייער „בעל־הבית׳טע“. זיי וועלען פיהרען אָרענטליכע הייזער, און האָבען אזעלכע טעכטער, וואָס וועלען זיך רייטלען ביי די קלענסטע געלעגענהייט ווי גאָלדה׳לע. נור דאָך פלעגען זיי איהר נישט פערגינען די רויטע באקען, און ווינשען זיך אין הארץ, אז עס זאָל זיך געפינען א „גוטער ברודער“, וואָס ער זאָל ביי איהר די רויטע באקען צונעהמען.... אנדערש איז מאנקע. מאנקע האָט טאקע נור ליעב געהאט גאָלדה׳ן איבער איהר פרישקייט און מיידעלקייט, צו האַלזען און איינצונאָרען זיך אין איהרע פול־רויט־ליכע בריסטען...

מאנקע האָפט נישט חתונה צו האָבען. זי איז „אזא איינע“, ווייל זי איז.... ווען זי האָט געוואָלט, דעם האָט זי זיך איבערגעגעבען דאָס ערשטע מאָל.... ער האָט איהר גאָר נישט פערשפּראָכען... די מאמע איהרע איז אויך נישט בעסער געווען. די מוטער האָט זי גע־האט, ווען זי איז מיט איהר אין שפיטאָל געלעגען.... די מאמעס ירושה ליעגט איהר אויפ׳ן פנים אויסגעגאָסען... א שוואכע מיט דינע ביינער, נור געשיקט, און בעהאַלטענע צוציהענדע תאוה ליעגט איהר אויסגע־גאָסען אין אלע איהרע אברים... א גע׳ממזר׳טע לאָק איבער׳ן שטערן פערוואָרפען, מיט א פּאָר הויכע קאָליערטע שטרימף, א קורצע האלקע מיט א גערייטעלטע בלוזקע, וועלכע איז געשניטען אויפ׳ן זעלנערישען ארט מיט א טראָלט... ווינקט זי מיט׳ן לאָק, בייסט זיך דיר די תאוה אין די ביינער איין. דער גאנצער קערפּער גיט איהר א ציטער מיט׳ן וואונק... און דו פיהלסט א געברויך איינצונאָרען זיך אין די בלאָטע, ווייל זי איז שמוטציג.... ביי איהר אין שטיבעל האָט זי שטעהן צוויי בעטען. אויף איין בעטעל קאָסט א רובל; דאָס איז איהר געשעפט, פאר דעם מוז זי באצאָהלען דעם „בעל־הבית“ דריי רובל א טאָג. אויפ׳ן צווייטען בעט שלאָפט זי אליין. הונדערט רובל גיב איהר, אז זי זאָל מיט א „יאָלד“ געהן אויף איהר בעט... דאָס איז איהר היים... זי איז נאָך געווען יונג, אז זי זאָל קלערען אויף שפּעטער. פון 12 יאָהר אָן איז זי שוין דאָ — ס׳איז איהר גאנץ גוט, האָט איהרע שעהנע קליידער, איהר קאָרב וועש, געהט זיך יעדען פאַרנאכט אין קאווע־הויז אריין.

טאָכטער, וועלכע וועט קומען און פאָרלעזען די מעשה מיט די „שעהנע מארי“.

דער בעל־הבית, וואָס איז אמאָל געווען איינער פון די „חתנים“, האָט חתונה געהאט מיט אזא „איינע“ און אליין פאר זיך אויפגעעפענט א „הויז“. אין לעבען האָבען זיי זיך זעהר „אָרענטליך“ אויפגעפיהרט. ער איז געוואָרען א אָרענטליכער מענש, אפילו א ספר געלאָזט שרייבען אין זיין חברה אריין, וואו ער דאווענט, און פון איהר האָט מען תמיד א נדבה געזעהן. זיי האָבען געהאט א טאָכטער גאָלדע. די טאָכטער האָט זיך אויפגעכאָוועט אין „הויז“. דער פאָטער מיט די מוטער האָבען זי אָבגעהיט ווי די אויגען אין קאָפּ, אז זי זאָל א „מיידעל“ בלייבען. אָבער עס איז נישט געווען צו וואָס. דאָס בעשטענדיגע שמוטין, אין וועלכען זי האָט זיך געפונען, האָט אויף איהר דעם מינדסטען איינדרוק ניט געמאכט, זי איז געוואָרען צוגעוואָהנט צו דעם לעבען פון קינדהייט אָן, און ביי איהר האָט עס אויסגעזעהען, אז עס איז קיין עולה נישט, אז עס איז אזא מין פערדיענסט... ווער עס דארף עס, מיג עס. זי האָט צו עסען ביי טאַטע־מאַמע... און „דאָס לעבען“ האָט נישט בעליידיגט איהר מיידעל.... ערשט אז דער פאָטער האָט זיך איבערגעצויגען אין זיין פריוואט־וואָהנונג און פארוועהרט די טאָכטער צו ווייזען זיך אין „הויז“ — האָט עס זי געצויגען דאָרט אהין אין „הויז“ אריין, צו פאר בענקשאַפט צו אייניגע מיידלעך, אָדער מיט דעם פארוועהרען איהר אין „הויז“ אריינצוקומען, האָט מען זי נייגעריג געמאכט. זי פלעגט זיך טהיילמאָל, ווען דער פאָטער ווערט גוט אנטשלאָפען, ארויס׳גנב׳ענען זיך פון דער וואָהנונג, וואָס זיי האָבען געהאט אויפ׳ן ערשטען שטאָק און אראָב אונטען אין „הויז“ אריין, צו די מיידלעך... די „מיידלעך“ האָבען זי זעהר ליעב געהאט, זיי האָבען מיט איהר געשמועסט וועגען חתנים, וואָס מען רעדט איהר, וועגען תנאים־שרייבען, און וועגען חתונה האָבען... און זיי פלעגען מיט גרויס פערגעניגען און נייגעריגקייט קוקען אויף די רויטע בלוט־פלעקען, וואָס די מינדעסטע בעוועגונג פון א „פערנומען“ שטיבעל רופט ארויס אויף איהר פולע מיידעלשע געזיכט, זייט זיי האָבען זיך פון דאנען ארויסגעצויגען...

נאָר אונגעדולדיג געוואַרט האָט אויף איהר יעדע נאכט „מאנקע“. די אַלע מיידלעך, וואָס זיינען דאָ געווען — האָבען זיך געטרייסט

וואָס זיי מוזען זיי אויפהאַלטען, דערפאַר וואָס זיי זאָגען זיי צו, אַז זיי וועלען מיט זיי חתונה האָבען. די מיידלעך האָבען די יונגען די מיי־לער מיט די הענד פערשטעלט. אין שטוב איז געוואָרען פרעהליך. דער „יאָלד", וואָס איז געווען ביי די וואָלאָצלאַווקערין, האָט געשטעלט ביער. עס איז אויך געקומען דער „ווילדער יונגער מאַן", וואָס פאַלט אַלע מאָל אריין, קלויבט זיך אוים אַ „יאָלדין", בעצאָהלט זיין רובעל און טהוט גאָר נישט.... זיי ווייסען נישט ווער דאָס איז אזעלכער, עפּעס אַ משוגענער ליטוואַק אין ברילען. אָרעם אָנגעטהון, אַז עס איז אויף איהם אַ רחמנות צו קוקען. ער קומט אריין ביי־נאַכט, זעצט זיך אַני־דער און פרעגט זיי אוים נארישע קשיות. טהיילמאָל קושט ער און שמייכעלט בשעת מעשה ווי די באָבע וואָלט איהם געהאַט, בעהאַלט דאָס פּנים, און הייסט די אויגען פערמאַכען ווי אַ צנועה'דיגע כלה.... טהיימאָל דאָס אויך נישט....

מיטגעבראַכט האָט ער מיט זיך „דער משוגענער ליטוואַק" אַ מעשה־ביכעל. זיי האָבען געמיינט, אַז עס איז די מעשה פון די „שעהנע מארי" — האָט עס זיי גרויס הנאה געטהון, און האָבען זיך ארומגעזעצט אויסהאָרכען! ער האָט אָבער זיי אָנגעהויבען צו לייענען אַ מעשה פון אַ „יאָלדין", וואָס איז געלעגען אין שפּיטאָל, און איז דער־נאָך משוגע געוואָרען, און האָט זיך אין די גאַסען ארומגעוואַלגערט. זיי האָט די מעשה געגודזשעט. די גראָבע רויטע מויד, דעם קצב'ס טאָכ־טער פון קראָשעווניץ, וואָס דער פאָטער זוכט זי ארום, איז באַלד איינגעשלאָפען ביי די מעשה ווי אַ שטיק „קל וחומר", איז צוגעלאָפען צו איהם חנה'לע און האָט ביי איהם דאָס בוך פון האַנד ארויסגעשלעפּט, אַ שנעל איהם אין נאָז געגעבען, און געכאַפּט איהם אין אָרים אריין: „קום מיט מיר טאַנצען!"

דער „פעטער" איז אריינגעקומען פון דער צווייטער שטוב און האָט די „חתנים" אהיים געבעטען, עס ווערט שפּעט. די חברה האָבען זיך אָבגעטראָגען. דער „משוגענער ליטוואַק" האָט זיך איינגעבעטען, עס גלוסט זיך איהם ניט אהיים צו געהן. אין שטוב איז ביי איהם פּוסט און פאַסט, און ער האָט מורא פאַר די פיער ליידיגע ווענד. דער „פעטער" האָט אָבער נישט געוואָלט הערען. די „חברה" האָבען די „שטוב" פערלאָזט. די מיידלעך האָבען זיך אויף די קאַנאַפּעס אויס־געצויגען, וואַרטענדיג אונגעדולדיג אויף גאָלדה'לען, דעם „בעל־הבית"

שמאק אין אויר פערשפרייט. דאָס רעגענדיל האָט דאָס געסעל מחיה געווען און היימליך געמאכט. די מיידלעך האָבען זיך הינטער די רי־נעם געשטעלט און איינע דער צווייטער אריבערגערעדט, אריבערגעזונ־גען און אריבערגעשאָלטען. באלד איז איינע אפער פון דער רינע און זיך געשטעלט אויפ'ן רעגען. „ווערט זי העכער וואקסען“ — זאָגט זי. האָבען איהר די חבר'טאָרינס באלד נאָכגעטהון. די צווייטע, דערמאָ־נענדיג זיך וואָס זי פלעגט טהון אין אזא רעגען ביי זיך אין דערהיים, האָט זי זיך דאָ אויך די קאמאשען מיט די שטרימפ אויסגעטהון, און אין די וואסערלעך ארומגעשפרונגען. די איבעריגע האָבען אויך דאָס זעלבע געטהון. זיי האָבען זיך די נאסע האָר צולאָזט, און באָר־וועס געיאָגט איינע נאָך די צווייטע אין רעגען. און פערגעסענדיג אין אלעס, וואו זיי זיינען און וואָס זיי זיינען, האָבען זיי זיך ווי קינדער גע־שפיעלט, געלאכט, געזונגען, געפייפט און געפאטשט איינע די צווייטע מיט וואסער; נאָר פלוציב האָט זיך א גרעגערן געהערט פון נאכט־סטרוזש. דער „פעטער“ פון „הויז“ האָט מורא געהאט, אז מען געהט אויף א „וואָלאָווע“, האָט ער זיי אין „שטוב“ גערופען. די „מיידלעך“ האָבען זיך מיט רעש אין שטוב געלאָזט, איינע איז באלד צו צו „איה־רען“ און האָט איהב אָנגענומען ביי די קאָרלעס האָר און פון די קאַ־נאפע איהם אראָבגעשלעפט:

— וועסט מיט מיר חתונה האָבען?

— א מכה.

די צווייטע איז צו צו „איהרען“, און האָט איהם געקלאפט אין רוקען:

— דו ביזט א יאָלד! דו ביזט א יאָלד!

אין שטוב האָט געהערשט א טונקעלהייט אין א אומעט. אויף די בעטען זיינען געלעגען אויסגעצויגען יונגען און האָבען געקאָרשעט פאַ־פיראָסען און הויך געשאָלטען איינער דעם צווייטען. טהיילמאָל האָט זיך אריינגעמיישט אין געשפרעך א קול פון א גייסט־געזעהענע פערזאָן, וואָס איז געווים געווען פערנומען מיט עפעס אנדערש אין איינס פון די פיעלע שטיבלעך, וואָס נאָר א דין ווענטעל האָט זיי אָבגעשיידט פון די גרויסע שטוב.... נאָר אזוי ווי די חאלאסטרע מיידלעך האָבען זיך גע־געבען א וואָרף אריין אין שטוב איז דער שמועס אָבגעהאקט געוואָרען. זיי האָבען זיך געגעבען א וואָרף אין די אָרימס פון די געקויפטע חתנים,

# די מעשה מיט די „שעהנע מאַרי“

די מיידלעך האָבען נאָך אין גאַס שפּאַצירט, אָפּוואַרטענדיג געסט. עס איז שוין שפּעט אין דער נאַכט געווען. די געוועלבער זיינען שוין לאַנג פערמאַכט, קיין שאָטען האָט זיך אין דער גאַס נישט געוויזען. דאָך זיינען נאָך די מיידלעך נישט געגאַנגען שלאָפען. אויסגעשלאָפען זיינען זיי געווען פון ביי־טאָג, און פון אַ צווייטער גאַס האָט זיך אין דער שטילער נאַכט געהערט טריט. ביי דעם דענק־מאָל מיט דעם פיש־מענש, וואָס שטעהט לזכר, אַז עס איז דאָ אַמאָל אַ תקוה געווען, ווייזט זיך אַ שאָטען, אפשר קומט אַ יאָלד אָן? נאָר די טריט הערען זיך אַלין אין איינעם, און דעם איינגעשלאָפענעם פיש־מענש'ס שאָטען ריהרט זיך נישט פון אָרט.... עס איז געווען אַ ליעבע שבת־צו־נאַכט, פּסח־צייט, די לופט יונג, פריש און זי ערקוויקט. דער הימעל טיעף בלוי, אויסגע־מאָלט מיט שטערן, אַז עס איז אַ ליעבע לוסט צו שפּאַצירען. אַלין האָט נאָר געשמעקט, און די מיידלעך האָבען זיך געפיהלט ניי געבוירען. איינע האָט געפייפט, די צווייטע האָט געזונגען און האָט קאָקעטיש גע־וואונקען מיט די אויגען, ווי עס וואָלט פאַר איהר אַ חברה בחורים גע־שטאַנען. די נאַכט איז זעהר שטיל געוואָרען, ווי עס וואָלט דעם אָטהעם אויפגעהאַלטען, אַזוי אַז די מיידלעך'ס געזאַנג האָבען אין די ווייטע גאַסען איבער די הויכע דעכער אָבגעקלונגען. די הויכע שמאָלע הייזער פון די „אַלטע שטאָדט“ וואַרשוי זיינען געשטאַנען און האָבען געשוויגען. די הויכע שטאָקען זיינען געווען פערבאָרגען אין שוואַרצע נאַכט־פלעקען און די שטיקער גרויע טויערען, וואָס זיינען בעלויכטען געוואָרען פון די איינזאַמע נאַכט־לאַמטערן, האָבען נאָך מעהר געשוויג־גען, און זיינען נאָך מעהר פער'סוד'עט געווען...

עס האָט אָנגעהויבען קאַפּען אַ רעגענדיל, אַ לייכט־טריעפּענדער, פריהלינג רעגענדיל, וואָס יעדער טראָפּען האָט געזוכט אַ אָפען מיילכעל ערד, וואָס זאָל עס קענען מחיה זיין. נאָר די טראָפּענס פאַלענדיג אויף שטיינער און מויערען האָבען זייער פרישקייט און זומער־גע־

פערבלאָנדזשעטע נשמות... אין די הייזלעך זיינען שוין לאַנג די ברע־נענדיגע קיהנדעלעך אויסגעלאָשען געוואָרען, שווארצע שאָטען האָבען זיך געלעגט איבער דעם ווייסען נאכט־פלעק אויף די קליינע הייזלעך, און ארום אונז איז אזוי שטיל געווען, אז מיר האָט זיך געדאכט אז איםיצער געהט נאָך אונז נאָך און צעהלט אונזערע טריט.

פון צייט צו צייט איז א שטערענדעל געפאלען פון הויכען הי־מעל, אין א בעקונדע א רייזע ארום די וועלט געמאכט און איז פער־לאָשען געוואָרען. זי האָט געקוקט מיט בענקשאפט אויף די אויסגע־הענדיגע שטערענדלעך, און וויך מיין האנד אָנגענומען, מיר טיעף אין די אויגען געקוקט, און מעהר מיט א געלעכטער און פרעהליכקייט ווי מיט טרויער האָט זי זיך צו מיר אזוי אָנגערופען:

— צו איז וואָהר, וואָס קינדער דערצעהלען, אז יעדער מענש האָט זיין שטערן אין הימעל, און אז זיין שטערן פאלט פון הימעל אראָב ווערט זיין לעבען אויסגעלאָשען?

— אזוי דערצעהלען קליינע קינדער.

זי איז אויף א מינוט שטיל געבליעבען.

— דאָס וואָס קינדער דערצעהלען איז טהייל־מאָל זעהר וואָהר, ניט אזוי? האָט זי געפרעגט מיט א קינדיש־חן'עווידיגע מינע.

— מיין מאמע פלעגט אזוי זאָגען...

— און וואו קומען אהין די אויסגעהענדע שטערענדלעך?

— דאָרט וואו עס קומען אהין די געשטאָרבענע נשמות.

— נאָכ'ן טוידט וואַשען זיך די נאַקעטע נשמות אין קאלטען וואַ־סער, איידער זיי שטייגען ארויף צום בית־דין של מעלה.

— דאָרט באָדען זיך אויך די געפאלענע שטערן.

זי איז אויף א מינוט שטיל געבליעבען.

— אָט, אָט, פאלט א שטערן! — ווייזט זי מיר אָן מיט'ן פינגער.

— פערביי אונז געפלויגען.

— אפשר איז עס מיינער? ווארט, ווארט — מאכט זי מיט דער האנד און האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגען דעם געפאלענעם שטערן.

איך בין אליין איבערגעבליעבען אין די ליכטיגע נאכט צווישען שטערן און שניי.

פון דענסטמאָל אָן האָב איך זי מעהר ניט בעגעגנט.

ארויסגעקוקט פון צווישען די שווארצע וואכער־טאָוולען פון קליינעם וואסער־קוואל, וואָס גיסט זיך פון די בערג אראָב, האָט זי איהרע לאנגע יונגע הענד פערשפרייט:

— גאָט, ווי שעהן איז די וועלט!

און לאנג, לאנג דערנאָך האָט זי שטיל געשוויעגען....

---

פון צייט צו צייט האָבען מיר זיך געזעהען, צוזאמען שפאצירט. שטענדיג איז זי די אייגענע: פרעהליך, אָפען און דאָך אין זיך עפעס א סוד געהאט בעהאלטען. דעם סוד, וואָס איז פאר אונז און נאָך אונז... זי האָט קיין איינציג מאל נישט דערמאָנט פון דער וועלט, פון וועלכער זי איז אהער געקומען צו פאָהרען, ניט פון יענע וועלט, וואו זי מאכט זיך אין וועג אריין... איז איהר קאלט געוואָרען אין די בערג, האָט זי זיך ווייך געטוליעט צו מיר, זעהר ווייך און זעהר ווארם, דעם קאָפ בע־האלטען ווי א קינד אין מיין ברוסט, גלייך ווי זי וואָלט געוואָלט אין מיר אריין.

---

ווי א גוטער ליכטיגער מלאך האָט זי זיך אויף מיין שוועל בע־וויזען:

— קום — זאגט זי צו מיר, און מיין האנד געצויגען.

איך האָב מיך אין מיין פוטער איינגעטוליעט און מיט איהר גע־גאנגען.

א נאכט איז געוועזען א ליכטיגע און א לויטערע. א האלבע לבנה אָהן איין פגימה׳לע איז געשטאנען אויפ׳ן שטערען פון „געוואנט“, וואָס איז, אין גאנצען פון קאָפ ביז די פיס איינגעהילט אין א ריין גע־וואשענעם קיטעל, געלעגען טיעף פערקלערט אין זיין סוד... די לופט איז אזוי קלאָר געוועזען, אז מען האָט געפיהלט דעם פראָסט, וואָס טראָגט זיך ארום. די שטערען זיינען שארף געזעסען אין דער שווארצער סאמעט־נאכט, ווי איינער וואלט זיך אין צווייטען געריבען. זי איז זעהר פרעה־ליך געוועזען. זי האָט קיין איין וואָרט ניט גערעדט, נאָר זעהר ווארם מיין האנד געדריקט און מיך געצויגען נאָך זיך. און מיר האָבען אין דער איינזאמער לויטערער נאכט ווייט און לאנג שפאציערט. דער שניי האָט געסקריפעט אונטער אונזערע פיס און די ארומיגע שטומע ווייסע וועלט האָט מיט אויפמערקזאמקייט אויסגעהערט די טריט פון צוויי יונגע

האָבען שוין נישט געלייגט קיין ישום האָפנונג אויף איהר געזונד, האָבען איהר ערלויבט צו געניסען פון דעם וואָס זי וויל, אין איהרע געצעהלטע טעג. געוועזן איז זי נאָך א גאַנץ יונגע. — א אכטצעהן, ניינצעהן יעהריגע, מיט לאַנגע ווייכע בלאָנדע האָר. פון די בלויע אויגען, וואָס האָבען זיך פערישעהמטערהייט ארונטערגערוקט אונטער איהר שטערען, האָט שוין ארויסגעקוקט דער טיעפער ערנסט פון טויט. אויף איהרע יונגע פרישע ליפען האָט אָבער נאָך געשיינט דער זיסער שמייכעל פון לעבען... און זי האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון א הויכער, בליהענדער אונטערגעשניטענער טובעראָזא בלום. איך וויים ניט ביז היינט, צי זי האָט געוואוסט פון דעם, אז איהרע טעג זיינען געצעהלטע, צי זי האָט נישט געוואוסט — זי איז זעהר פרעהליך געוועזן. און עס האָט זיך איהר געוואָלט לעבען. איינע אליין מיט די צופלאָשטעטע האָר, אנגעטהון אין א ווייסען סערדוק, מיט א הויכען שטעקען אין דער האַנד, האָט זי אויף די בערג געשטייגט, גלייך ווי זי וואָלט געגאַנגען זוכען איהר גליק, וואָס זי האָט ערגיץ פערלוירען...

איך האָב זיך בעגעגענט מיט איהר אויף א שפּיץ בארג, ביי א גערפרוירענעם סטאַוו, צווישען „סאקראָקען“ מיט „שטעכבערס“, וואָס זיינען געווען בעלעגט מיט קישעלעך שניי. מיר האָבען זיך באלד דערקענט. און, גלייך ווי מיר וואָלטען שוין לאַנג געוואַרט אויף א צוזאַמענטרעפען, האָבען מיר זיך ביי די הענד אָנגענומען און הויך אויף די בערג געשטיעגען.

די זון האָט בעגאָסען מיט ליכט דעם שפּיץ „געוואַנט“ און דער ווייסער שניי, באַדענדיג זיך אין דער העלער זונן, האָט אזוי פיעל ליכט פערשפּרייט, אז עס האָט זיך געדאַכט אז אויף דעם שפּיץ „געוואַנט“ פליסט א ליכטיגער ים, וואָס גיסט זיך ארויף אויף דעם בארג „ציערוואַנער ווירכ'ס“ אקסעל. זי, בעגייסטערט מיט לעבען, האָט געצויגען מיין האַנד און געשטיגען אין שניי. אין דער ארומיגער שניי־וועלט איז קיין מעניש, קיין בעשעפּונג פון מענשליכע הענד נישט געווען צו זעהן. אונז האָט זיך געדאַכט, אז מיר זיינען געקומען אויף די גרענעצען פון יענער זייט וועלט... וואו אין פליענעל שניי ליגט אויפ'ן צווייטען, אין אוצר הקרח זיינען מיר געקומען. — אָט באלד וועט זיך דער בלעך הויבען און וועלטען וועלען ווערען פערשאָטען מיט שניי...

און, אז זי האָט דערזעהען דעם ווייסען וואלד־שניי, וואָס האָט

נעזינד אין א ווינקעל זיך בעהאַלטען, געקניעט און געצלמ'ט זיך, און אַנגערופען שמות פון בערג־געטער, פאַר שרעק. דער זוהן זיינער זאָל ניט צוריקקומען מיט דער שדית — און חרוב מאַכען זיין נחלה. און וואָס א מאָל דער ווינד האָט די בוימער געוואָרפען אויפ'ן אויבענדעק פון דער הייל — האָט ער זיך אויף דער ערד געוואָרפען, מיינענדיג אַז אָט איז דער זוהן שוין דאָ.

דאָס לעבען פון די בערג בויערען האָט מיך אַזוי דורכגענומען, אַז איך האָב איינציגווייז אָנגעהויבען צו גלויבען אין זייערע כמנים, אין זייערע לעגענדען. און ווען א אוראַגאַן האָט געוועלטיגט אין די בערג, האָב איך מיך אויך, גלייך מיט דער גאַנצער משפחה, אין א ווינקעל פון שטוב איינגעקאָרטשעט פאַר פחד, דעם „גאַזדעס" זוהן זאָל פון די בערג נישט צוריק־קומען.

דענסטמאָל האָב איך זיך מיט איהר בעגעגענט.

אין דעם ווילדען טהאָל צווישען אייז און שניי, פערגעסען פון גאָט און לייט, איז געשטאַנען א דריישטאָקענדיגע געביידע. — דאָס סאַני־טאַריום פאַר קראַנקע אויף סוחאָטע. פון דער געביידע האָט ארויסגע־שטאַרט א הויכער קוימען, וואָס האָט דריי מאָל אין טאָג געפייפט, און יעדעס מאָל ווען עס האָט זיך דערהערט דער פייף פון סאַניטאַריום, האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס איז א גוסס'דיגער קרעכץ פון די קראַנקע, וואָס געפינען זיך דאָרט...

די געזונדע מענשען, די „גאַזדעס", האָבען מיט שרעק געקוקט אויף דעם הויז, וואָס האָט דערמאָנט אָן טויט... וועגען הויז פלעגט ביי זיי ארומגעהן פערשיעדענע לעגענדען: ווער עס קומט דאָרט אַריין, קומט שוין מעהר ניט אַרויס. אין סאַניטאַריום פלעגט אייגענטליך זיין פרעהליך. מען האָט זיך געוויילט, געשפּיעלט, געגעבען פון צייט צו צייט פאָרשטעלונגען, וואָס די קראַנקע אַליין האָבען אויסגעפיהרט, נאָך יעדען מאָרגען אין דער פריה האָבען צו פריה'שטיק געפעהלט א פּאָר געסט, וועלכע מען האָט ביי נאַכט דורך די געהיימע, אין די ווענד איינ־געמויערטע טרעפּ, ארויסגעפיהרט אויף מטה'ס בעטלעך, כדי די לעבע־דיגע זאָלען עס ניט בעמערקען.

זי איז געוועזען א קראַנקע פון סאַניטאַריום; פלעגט זי זיך פון צייט צו צייט ארויס'גנב'ענען פון קראַנקען־הויז און שפּאַציערען איינע אַליין צווישען די ווילדע בערג אין טיעפען שניי. די דאָקטוירים, וועלכע

# גוסס׳דיגע שטערען

(אַ בילד).

---

געוואוינט האָב איך דענסטמאָל אונטער די הויכע ריעזיגע בערג „טאַטרען“, אין אַ קליין דערפעל, וואָס איז בעוואָהנט פון איינציגע בערג בויערן, וואָס האָבען געלעבט אין ערד־גרובען אָהן דעכער, אָהן קוימען, ווי אין מיטעל־אַלטער. „האָזנייז“ ליגט אין אַ טיעפען טאָהל, וואָס איז איינגעזונקען דריי טויזענד קלאַפטער טיעף צווישען בערג. אין דעם דאָרף פיהרט אריין אַ שמאָל שנעע־וועגעל, וואָס ציהט זיך צווישען צוויי הויכע וואַסער־פאַלען, וואָס זיינען יעצט, אין די דרייסיג גראַד פראָסט פערפרוירען געוואָרען, און געבילדעט צוויי אונגעהייערע הויכע אייז־ווענד, וועלכע די אָרט מענשען רופען: „קראַשינסקעס טהויער“. אין דאָרף האָט די זונן קיין מאָל נישט אריינגעשיינט. די דריי, פיער שטונדען טאָג האָט מען אויך געמוזט בעלייכטען מיט קליינע נאַפּטלעמפּלעך, אָדער ברענענדיגע שטיקלעך קינן. פון דער זונן, וואָס האָט הויך געדוהט אויף די שפּיצען פון די שנעע־בערג האָט זיך נאָר טהייל־מאָל אָבגעשפּיגעלט אַ גלאַנץ אין אַ בויערייש פענסטערעל, וואָס איז אין דער העלפּט געווען פערשטאָפּט מיט עפּעס אַ שמאַטע. דער איינציגער פלעק פון דער זונן האָט אַ ביסעל הייםישער געמאַכט דאָס טויטע דערפעל, וואָס איז שטענדיג געלעגען פערבאָרגען אינ׳ם שאָטען.

ביי דעם „גאַזדע“ (בעל הבית) וואו איך האָב געוואָהנט, איז אַ מאָל אין אָנהויב הערבסט אַ זוהן אַוועקגעקומען. ער איז אויף די בערג געגאַנגען און איז שוין מעהר נישט צוריקגעקומען. דער „גאַזדע“ האָט געגלויבט, אַז די לצים פון די בערג האָבען אידם פערנאַרט אין אַ הייל אריין, און ער לעבט דאָרט מיט אַ שדית, פערגעסענדיג אין גאַנצען אָן דער וועלט. יעדעס מאָל, ווען אויף די בערג האָט זיך אָבגעריסען אַ שטורם ווינד, איסגעריסען בוימער מיט די וואָרצלען און צושליידערט זיי פון די בערג אַראָב, — האָט דער „גאַזדע“ מיט׳ן הויז־

אַז חנה'לע האָט זיך אין דער פריה אויפגעחאַפּט, האָט זי געוואָר־פען אַ בליק אין שפּיגעל, וואָס איז געהאַנגען געגענאיבער איהר בעט. אַ שרעק איז אויף איהר אָנגעפאַלען. זי האָט געמיינט אַז זי איז מישוגע און ליגט אין האָספּיטאָל... אויף דעם טישעל פאַר איהר זיינען גע־לעגען איהרע אָבגעשניטענע טויטע צעפּ. די נשמה, וואָס האָט געהאַט געלעבט אין די צעפּ, ווען זיי זיינען געוועזען אויף איהר קאָפּ, איז יעצט געוועזען אָבגעשטאָרבען, און זיי האָבען דערמאָהנט פון טויט...

זי האָט דעם פּנים איןביידע הענד פערבאָרגען, און אַ געוויין האָט אָנגעפילט דאָס קליינע צימעריל...

וועלען האָבען כשר'ע יודישע קינדער. לעג אוועק די שטות'ען; צו וואָס דאַרפסט דו די גאַנצע וועלט זאָל מיט דיר האָבען צו טהון? מיר זיינען דאָך שוין מאַן און ווייב, דיין שאַנד איז דאָך מיין שאַנד...

און איהר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס ווער, זעהר א ווייטער און זעהר א נאָהנטער, קומט צו איהר און רעדט צו איהר. קיינער האָט נאָך מיט איהר אַזוי ווייך, אַזוי היימיש נישט גערעדט. און ער איז דאָך איהר מאַן, איהר איינציגער מאַן, מיט וועלכען זי וועט וואָהנען אַזוי לאַנג... אַזוי לאַנג... און קינדער האָבען... און א הויז פיהרען...

זי האָט איהר קאָפּ אויף איהם לייכט אָנגעלעהנט.

— איך ווייס, אַז עס איז דיר א שאַד דיינע האָר, דיין מיידעל־ציערונג. איך האָב דיך נעזעהען, כלה־ווייז, ווען איך בין ביי אייך צו גאַסט געווען... כ'ווייס, אַז גאָט האָט דיר בעשענקט מיט חן און לייטזעליגקייט... כ'ווייס גאַנץ גוט, און מיר שניידט עס אויך אין האַרץ, אַז מען דאַרף די האָר דיר אָבשניידען. וואָס זאָל מען אָבער טהון. עס איז א דין בפירוש, פאַר דעם זיינען מיר דאָך יודען, מיר קאָנען זיך נאָך חלילה פערזינדיגען ביי א קינד געווינען, זאָל גאָט שומר ומציל זיין.

זי האָט גאָר נישט גערעדט, נור לייכט איז זי אין זיינע אָרימס געבליבען, און זיין פּנים האָט זיך געוואַשען אין דעם קיהלען דופט פון איהרע זיידענע שוואַרצע האָר, אין וועלכע עס איז געווען פערהילט. אין די האָר האָט א נשמה געלעבט, און ער האָט זי געפּיהלט, ער האָט זי לאַנג און טיעף אָנגעקוקט, אין זיינע אויגען איז א בקשה געווען, א בקשה אויף איהר איינען גליק און אויף זייער ביידענס גליק.

— זאָל איך — האָט ער מעהר מיט די אויגען געפרעגט איידער מיט'ן מויל.

זי האָט גאָר נישט געענטפערט, זי האָט נור איהר קאָפּ אין זיין שויס געהאַלטען.

ער איז האַסטיג צו צום שופלעדעל און דערפון דאָס שעריל אַרויס־גענומען.

אויף זיין שויס איז זי געלעגען, איבערגעבענדיג איהר קאָפּ האָר א אויסלייז־געלד פאַר זייער גליק... מיט האַלב־פערוועבטע אויגען פון שלאָף האָט זי אַז עפּעס געטרוימט... און די שער האָט געקוויטשעט איבער איהר קאָפּ, אָבשניידענדיג איין לאָק נאָך דער צווייטע. אַזוי האָט זי געטרוימט א גאַנצע נאַכט...

זי האָט פּלוצלונג און דערשראָקען די אויגען אויפגעעפענט, פער־וואונדערט און פערשלאָפען זיך אומגעקוקט:

— נתן דו רופסט, וואָס ווילסט דו?

— גאָר נישט. דאָס הייבעל איז דיר אַראָבגעפאַלען, — זאָגט ער, אויפהייבענדיג די ווייסע נאַכט־הויב, וואָס איז איהר פון קאָפּ אַראָבגעפאַלען.

זי האָט דאָס הייבעל אויפ'ן קאָפּ געוואָרפען, און געוואָלט זיך צו דער וואַנד פערדרעהען.

— חנה'לע, חנה'לע! איך האָב עפּעס מיט דיר צו רעדען.

די ווערטער האבען געטראָפען צו איהר הארץ. דורך די גאַנצע צייט פון דער חתונה האָט ער מיט איהר כמעט ווי נישט גערעדט. א גאַנצען טאָג האָט זי איהם נישט געזעהען. ער איז געזעסען אין בית־המדרש, אָדער אין שטיבעל. איז ער אַהיים געקומען מיטאָג עסען, האָט ער זיך צום טיש געזעצט אָהן ווערטער. האָט ער עפּעס געוואָלט, פלעגט ער רעדען סתם ווי אין דער וועלט אריין. האָט ער שוין יאָ ווען מיט איהר א וואָרט אויסגעשפּראָכען, האָט ער די אויגען געהאַל־טען אַראָבגעבויגען צו דער ערד, און מורא געהאַט צו קוקען איהר גלייך אין פּנים. דאָס ערשטע מאָל ווי ער רעדט מיט איהר, רעדט ער אזוי ווייך, ווען זיי זיינען ביידע אליין ביי זיך אין שטיבעל.

— וואָס האָסט דו מיר אַזוינס צו זאָגען? — האָט זי אין דער שטיל אויסגערעדט.

— חנה'לע — הייבט ער אָן: איך בעט דיך, מאַך מיך נישט צו נאַרען, און מאַך דיך נישט צו־נאַרען אין מענשענס אויגען. מיר זיינען דאָך א זיווג פון גאָט בעשערט: דו ביסט דאָך מיין ווייב, און איך בין דיין מאַן; און ווי פּאַסט עס, און ווי זעהט עס אויס א אשת־איש אין אייגענע האָר...

דער שלאָף האָט נאָך געהאַט האַלב פערוועבט איהרע אויגען, אינגאַנצען אָבער פערוועבט איהר געדאַנק און ענערגיע. זי האָט זיך געפיהלט שוואַך, און דער מיעדער קאָפּ איז לייכט געפאַלען אויף זיין ברוסט.

— קינד, — זאָגט ער ווייכער, — איך ווייס, דו ביסט נישט אַזוי פערשייט ווי מען זאָגט אויף דיר, איך ווייס דאָך יאָ, דו ביסט א כשר יודיש קינד... און השם־יתברך וועט אונז דערצו העלפען, און מיר

מיט די גענז, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט אויפ'ן פּריהיסטיק פאַר די „איהריגע". זי האָט אויך געוואָלט מיטנעהמען דעם חתן, האָט די מחותנת'טע געזאָגט: „אַ זאַטש"! ער געהערט שוין צו מיר!

און שבת צום „שוהל־פיהרען" האָט מען משה גרויס טאָכטער געפיהרט פריי און פראַנק פאַר גאַנץ „פּיאָנטיק" אין די אייגענע האָר מיט אַ גרויסען קאַפּעלוש אין שוהל אריין.

נאָר וואָס מען האָט זי דורך דעם וועג אַנגעשטאַלטען, זאָל אריין אין אַלע וויסטע מדבריות, וואו קיין מענשענס טריט טרעטען נישט.

---

עס איז געוועזן אַ זומער פאַר נאַכט, אַ פּאָר וואָכען נאָך דער חתונה. דער יונגער־מאַן איז פון „שטיבעל" אהיים געקומען, און איז אין זיין חדר אריין. זי, דאָס ווייב, איז שוין געשלאָפען. דאָס שטילע ליכט פון קליינעם לעמפּעל, וואָס איז געפאַלען אויף איהר — האָט בעלויכטען איהר בלייך געזיכט, וואָס איז געוועזן אָפען דאָ און דאָרט פון צווישען איהרע שוואַרץ־זיידענע האָר, אין וועלכע דאָס גאַנצע פּנים האָט זיך געבאָדען. איהרע בלייכע שלאַנקע הענד האָט זי ארום איהר קאָפּ האָר געהאַלטען ווי זי וואָלט מורא האָבען, אז עס זאָל ווער איהר ביי נאַכט די שוואַרצע צעפּ נישט אָבשניידען.

ער איז אהיים געקומען אויפגערעגט און בייז. שוין די פיערטע וואָך נאָך דער חתונה, און מען האָט איהם קיין עליה נישט געגעבען; חסידים טהוען איהם אָן דין, און היינט האָט איהם חיים משה אַזוי אויסגעזידעלט און בפרהסיה פערשעהמט, איבערדעם, וואָס „זי" געהט אין איהרע אייגענע האָר — „אַ ליימענער גולם ביסט דו", — האָט צו איהם ר' חיים משה גע'טענה'ט — „ווי הייסט אַ אשה וויל נישט: והוא ימשול בה, שטעהט בפירוש געשריעבען". אהיים געקומען איז ער מיט'ן געדאַנק באַלד צו צוגעהן צו איהר, און צו זאָגען: — „אשה, עס איז אַ דין תורה! טראַגסט דו די אייגענע האָר קומט דיר אַ גט אָהן אַ כתובה", און פּאַקען די זאַכען און אהיים פאָהרען. נאָר דערזעהענדיג דאָס ווייבעל ווי זי שלאָפט אין בעט, און איהר בלייך געזיכט, וואָס קוקט ארויס פון דעם שוואַרצען קרוין האָר, האָט ער אויף איהר גרויס רחמנות געקריגען. ער איז צו צום בעט, אָבגעשטעלט זיך, לאַנג גע־קוקט אויפ'ן ווייבעל, דערנאָך אייניגע מאָל שוואַך אויסגערופען:

— חנה'לע... חנה'לע... חנה'לע...

— איך קאָן נישט, מאַמע לעבען! דאָס האַרץ לאָזט מיך נישט, מאַמע קרוין!

זי האָט די האָר איןביידע הענד בעהאַלטען, נישט צולאָזענדיג די מחותנת׳טע צו זיך מיט דער שער.

— גערענק אין גאָט, טאָכטער לעבען... האָט זיך די מוטער געבעטען.

— אין פייערדיגע טייכען טהוט מען אויף יענער וועלט בראָטען פאַר דעם. מיט גליהענדע צוואַנגען טהוט מען די „קאָדלעס“ אויפ־רייסען פון דער מרשעת, וואָס טראָגט די אייגענע האָר נאָך דער חתונה.

א קעלט איז דורך דורך אַלע ביינער פון דעם יונגען אכטצעהן־יאָהריגען מיידעל.

— מאַמע לעבען, מאַמע קרוין! — האָט זיך דאָס יונגע מיידעל געבעטען.

און זי האָט מיט איהרע הענד איהרע האָר אָנגעטאַפּט. א פּאַליע שוואַרץ־זיידענע האָר האָבען זיך צווישען איהרע הענד געגאָסען; און א געפיהל האָט געקלאַפּט אין דעם יונגען מיידעלשען האַרץ: אז איהרע האָר, וועלכע זיינען מיט איהר אינאיינעם געוואַקסען, וואָס האָבען מיט איהר אינאיינעם געלעבט, וועט מען אָבשניידען, אז קיין מאָל, קיין מאָל וועט זי שוין איהרע אייגענע האָר נישט האָבען... אז פרעמדע האָר וועט זי טראָגען... האָר וואָס זיינען געוואַקסען אויף א פרעמדען קאָפּ, וואָס ווער ווייסט, צי דער מענש פון די פרעמדע האָר לעבט נאָך איצט, אָדער פוילט ער שוין לאַנג אין דער ערד, און קאָן ביי נאַכט צו איהר קומען צום בעט, און בעטען זיך מיט א טויטע שטימע:

— גיעב מיר אָב מיינע האָר, גיעב מיר אָב מיינע האָר.

א קאַלטער פראָסט איז אריבער איבער דעם מיידעל׳ס ביינער ביז צו דעם מאַרך. זי האָט א ציטער געגעבען.

איבער איהר קאָפּ האָט זיך שוין דערהערט א קוויטשען פון א שער... זי האָט זיך געגעבען א ריס פון דער מוטערס אָרים, געחאַפּט די שער פון דער שוויגער׳ס הענד, געוואָרפען אין דער ערד, און גע־שריגען ניט מיט א מענשליכער שטימע:

מיינע אייגענע האָר, לאָז מיך גאָט אַליין שטראָפען!

און עס האָט שוין גאָר נישט געהאָלפען. די מחותנת׳טע האָט נאָך יענעם טאָג זיך געפּאַקט און צוריק אהיים געפיהרט דעם לעקעך

פון קאָפּ און א וואָרף געגעבען אָן דער ערד, און איז האסטיג ארויס פון שטוב.

טאטע מאמע האָבען איינער דעם צווייטען אָנגעקוקט...

---

צו מאָרגענס נאָך דער חתונה, האָט זיך די מחותנת׳טע גאַנץ פריה געפּעדערט מיט דער גרויסער שער אין דער האנד און מיט דעם שייטעל און קאפּעלוש, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט א מתנה דער כלה פון איהר שטאָדט, און איז געגאַנגען די כלה אָנטהון צום „פריה־שטיק“.

נאָר די מחותנת׳טע איז פון דרויסען געבליבען... די כלה האָט זיך פערשלאָסען אין איהר שטוב און האָט קיינעם נישט אריינגעלאָזט צו זיך.

די מחותנת׳טע לויפט מיט א געוואלד צום מאַן, דער ליגט נאָך די נעכטיגע מחיה מיט א טויז פעטער׳ס און שוואָגער׳ס פערפּלאָנטעט אינאיינעם און שלאָפען, זי געהט צום חתן, דער חתן א אכטצעהן־יעה־ריגער בחור, די מאמעס מילך נאָך אויף די ליפּען, אין זיידענע קאפּאָטע און שטריימעל דרעהט זיך ווי א אָבגעשטמיסענער איבער די שטוב, און בעהאלט פאר בושה די אויגען אין דער ערד, שעמט זיך א מענש אין פנים צו קוקען. זי האָט דאָך אויפגעזוכט די מחותנת׳טע און געהען ביידע אהין צו דער כלה, רייסען די טהיר אויף און קוקען אריין.

— פאר וואָס האָסט דו דיך איינגעשלאָסען, ליעבע טאָכטער, ברויכסט דיך נישט צו שעמען.

— עס איז א יודישע זאך, זאָגט די מחותנת׳טע און צוקושט זיך מיט די שוויגער.

זי ענטפערט גאר נישט.

— די שוויגער האָט דיר מיטגעבראַכט א שייטעל און א קאפּעלוש צו שוהל־פיהרענס, זאָגט דער כלה׳ס מוטער.

פון דער צווייטער שטוב הערט מען שוין די מוזיק שפּילען דעם „גוט־מאָרגען“.

— נו, נו כלה׳שי, כלה־לעבען, די געסט הייבען זיך שוין אָן צוזאמען־צו־קומען.

די מחותנת׳טע נעהמט זיך די צעפּ פערנאַנדערצופלעכטען.

די כלה בויגט אוועק דעם קאָפּ פון דער שוויגער, און פּאַלט די מוטער אויפ׳ן האלז:

שפרייט דאָס ווייס זיידען „חופּה קלייד", מיט דעם שוואַרץ זיידען „שוהל־קלייד", און דאָס שוואַרץ טוכענע קלייד פון „צו מאָרגענס", וואָס דער „אויסשטייער־שניידער" האָט ערשט ניט לאַנג אָבגעברענגט. ביי דער טהיר איז געשטאַנען אַ יודענע מיט אַ שוואַרץ שלייפעל אויפ'ן קאָפּ, וועלכע האָט געהאַלטען שאַכטלען מיט שייטלען.

— חנה'לע! וואָס, דו ווילסט מיר די חרפּה אָנטהון? די גאַנצע וועלט זאָל האָבען מיט מיר צו טהון? — האָט זיך דער פאָטער אָנגע־רופען. די כלה האָט נישט געענטפערט.

— קוקט'ס מיר אָן, משה גרויס טאָכטער! פאַר גנענדעל פריינ־דעל'ס טאָכטער פּאַסט צו טראָגען אַ שייטעל, און משה גרויס טאָכטער פּאַסט נישט?

— זי האָט זיך כ'לעבען אביסעל מעהר איינצוּרעדען פון דיר, מעהר געבילדעט פון דיר, מעהר נדן פון דיר, — האָט די מוטער צו־געהאָלפען.

די כלה האָט זיך גאָר נישט אָנגערופען.

— טאָכטער, זעה, וויפיעל ממון און דמים דאָס האָט אָבגעקאָסט, ביז גאָט האָט אונז שוין געהאָלפען צו אַ שטיקעל נחת, און יעצט ווילסט דו אונז די שמחה פערשטערען? געדענק אין גאָט, וואָס טהוסט זיך מיט דיר! מען וועט דאָך אונז אין חרם לעגען. דער יונגער־מאַן וועט צופוס אהיים לויפען...

— מאַך דיך שוין נישט צו נאַר, — זאָגט די מוטער, און נעהמט פון די יודענע, וואָס שטעהט ביי דער טהיר, אַ שייטעל פון אַ שאַכטעל ארויס און געהט צו צו דער טאָכטער — „לאָז דיר דאָס שייטעל אָנ־מעסטען, די האָר פון דעם שייטעל זיינען פון איין קאָליר מיט דיינע האָר" — און זי לעגט דער טאָכטער די פּרעמדע האָר אויפ'ן קאָפּ.

דאָס אכטצעהן־יאָהריגעס מיידעל האָט דערפיהלט עפּעס שווערעס אויפ'ן קאָפּ. זי האָט אָנגעטאַפּט מיט דער האַנד איהרע האָר, און האָט דערפיהלט צווישען די איהריגע ווייכע, קיהלע, לעבעדיגע האָר, פּרעמדע האָר, טויטע און שטייף־קאַלטע, און איין געדאַנק האָט אין איהר יונגען מוח געקלאַפּט: ווער ווייסט וואו דער קאָפּ פון אָט די פּרעמדע האָר, וואָס זי טראָגט אויף זיך, געפינט זיך יעצט?... און אַ שרעקליך אָבשיי האָט זי ארומגענומען, און ווי ווען עס וואָלט זי אָנגעריהרט עפּעס נישט ריינעס, — האָט זי געחאַפּט דאָס שייטעל

# אַ אידיש קינד

(ערצעהלונג פון פוילישׁ־יודישען לעבען).

---

די מאַמע איז פון דער כלה'ס צימער אַרויסגעקומען: זי האָט געוואָרפען אַ שטעכענדיגען בליק אויפ'ן מאַן, וואָס איז געזעסען ביים אָבגעגעסענעם טיש און האָט פאַר'ן בענטשען קניידלאַך פון ברויט־טייג געקנעטען.

— געה טענה דו מיט איהר, איך האָב שוין קיין כח נישט.

— רחל־לאה האָט קינדער ערצויגען! הע! מיט די פינגער וועט מען דיר נאָכטייטען, לייטענס געלעכטער. אַ חורבן נאָך דיינע יאָהרען!

— נאָך מיינע? נאָך דיינע אַ חורבן, האָסט דו געדאַרפט אין דערהיים צו ליענען, קינדער צו ערציהען! נישט, דאָס זאָל זיך אַרום־שלעפען, שוואַרצע יאָהר ווייסט מיט וועמען...

—„רע"־רחל, וואָס האָסט דו זיך אנידערגעשטעלט מיט מיר קריעגען? די מחותנים וועלען דאָך באַלד קומען צו פאָהרען.

— און וואָס ווילסטו פון מיר? מנשה'לע, הע?!

— געדענק אין גאָט, קום אַריין צו איהר, עס וועלען דאָך זיין לייטענס געלעכטער...

דער מאַן האָט זיך אַ הייב געגעבען פון טיש און איז אַריין אין צווייטען צימער צו דער טאָכטער.

נאָך איהם איז נאָך די מוטער.

אויף די קליינע קאַנאַפּקע, וואָס איז געשטאַנען ביים פענסטער, אַ יונג מיידעל פון אַ יאָהר אַכטצעהן געזעסען, דאָס פּנים איהרס איז געווען פערשטעלט מיט ביידע הענד, און די הענד בעהאַלטען אין איהרע געדיכטע שוואַרצע האָר, וואָס זיינען געווען צופּלאָסען. זי האָט געמוזט וויינען, וואָרום איהר ברוסט האָט זיך געפּאַליעט און הויך אָבגעהעשט. אויפ'ן בעט, איהר געגענאיבער, זיינען געלעגען אויסגע־

דיין שטאָדט חרוב געמאכט
דיינע קינדער פערטריבען !

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

און נבוזראדן האָט פון שלאָף אָבגעענטפערט :

גערט, יודעלעך, גערט
אין גלות אריין,
אין גלות אריין,
גערט, יודעלעך, גערט!

דערנאָך זיינען געקומען צוגעהן די טליתים־יודען און די קיטעל־יודען...

דערווייל הינטער דער פלאַכטע, וואָס „ויקהל" האָט פון ערגעץ־וואו געבראַכט צושלעפּען און וואָס האָט געדיענט פאַר א פאָר־הויז — האָבען חברה זיך אָנגעטהון, הינטערן שטיין אַרונטערגעלעגט און מען וואַרט. יעדע מינוט וואַרפט אַן־אַנדער משורר אַן־אויג פון אונטער דער פאָרהאַנג. דערזעהט ער נבוזראדן'ס משפּחה, זיצענדיג אויף דער ערשטער באַנק, גיט ער א קרעכץ אָב און געהט אוועק. חברה, מיעד פון א גאַנצען טאָג, ציהען זיך אויס אין די טליתים אויף דער ערד, אויף דעם וועג קיין בית־לחם, צווישען די טענען־בוימער. א מיעדקייט איז אויף זיי געפאַלען, עס ווערט וואָס א מאָל שפּעטער. די פּאָר ליכט וואָס מען האָט אָנגעצונדען, האַלטען ביים צאַנקען, אין דעם סאַלאָן הויבט אָן טונקעל צו ווערען. נבוזראדנ'ס משפחה לאַנגווייליגט זיך... די טליתים־יודען ווערען מיעד וואַרטענדיג און פערלאָזען איינציגווייז דעם „סאַלאָן": „עס וועט שוין גאָר נישט זיין"... אין פּאָרהויז קריעגט זיך דאָס חדר־יונגעל און וויל צוריק די פינף־און־צוואַנציג קאָפּיקעס...

עס איז געוואָרען שפּעט אין דער נאַכט. אין זאַל איז שוין קיינער נישט געווען. חברה אָבגעמאַטערט אָנגעטהון אין די צוריסענע טליתים, זיינען געלעגען אויף דער פּאָרלאַגע אויפ'ן וועג קיין בית־לחם, אין מיטען צווישען זיי איז נבוזראדן מיט דער „קאַסקע" אויפ'ן קאָפּ מיט'ן רויטען העמדעל, אַלע ליעגען זיי פאַר דער מאַמע רחל'ס קבר. דאָ און דאָרט האָט נאָך געצאַנקט א לעצטער שיין פון א אויסגעהענדיג ליכט. די לבנה דורכ'ן פענסטער האָט בעגאָסען די ליעגענדע, אָבגע־מאַטערטע אַרויסגעטריבענע יודען און האָט בעפּונקעלט נבוזראדן'ס קאַסקע. די שאָטענס אויף דער וואַנד האָבען גערוהט צווישען די טע־נען־בוימער, וואָס זיינען אויפ'ן וועג קיין „בית־לחם", די מאַמע רחל איז מיעד געוואָרען ליעגענדיג אין קבר, איז זי אַרויס אין די לאַנגע תכריכים און אין דער שבת־הויב אויפ'ן קאָפּ, אין האָט זיך אַנידער־געשטעלט צו קאָפּענס פון די ליעגענדיגע, אויסגעמאַטערטע אַרויסגע־טריבענע יודען. קוקענדיג אויף זיי האָט זי די הענד פערשפּרייט צום הימעל און האָט אַזוי אָנגעהויבען צו בעזינגען:

זעה, טאַטע אין הימעל,

וואָס דו האָסט פון דיין פאָלק ישראל געמאַכט.

בוימער, וואו עס וואַקסען די געבונדענע לולבים מיט די אתרוגים — און זיי איבער'ן שטאָדט געשיקט צו די בעלי־בתים מודיע צו זיין וועגען קאָנצערט.

---

אַז עס איז געקומען איבער־מאָרגען דיענסטאַג האָבען חברה גע־פאַסט אַ גאַנצען טאָג. אַז מען האָט זיך געהאַלטען אין איין צוגריי־טען, גרייט מען זיך שוין צו נאָך. קודם כל האָט מען געבראַכט צו־שלעפען פון דער גאַנצער שטאָדט טליתים מיט קיטלען און אַלערהאַנד מכשירים, האָט אַ יוד געבאָרגט אַ טלית, איז ער געוואָרען אַ גאַנצער מאַכער און אָנגעגרייט זיך צו קומען אויפ'ן קאָנצערט מיט דער גאַנצער משפחה און נאָך מיט דעם ווייב'ס משפחה צוגעלעגט...

פון דער פריה אָן איז די קאַסע געוועזען אָפען. מען האָט גע־נומען אַ טישעל און אַנידערגעשטעלט אין הויף פון סאַלאָן, בעדעקט איהם מיט אַ טישטוך און אַנידערגעזעצט דערביי יודלען, דעם עלטסטען אַלט מיט בילעטען צום פערקויפען. נור יודען האָבען נישט אַנדערש וואָס צו טהון? נעהט אַוועק די ערשטע שעה, די צווייטע שעה, די דריטע, — עס ווייזט זיך קיין הונד נישט. טראַכט יודעל: אין דער פריה צו וואָס האָט מען זיך צו איילען, מען וועט נישט קריגען די מציאה? קומט אָן אַ זייגער איינס, צוויי, ווייזען זיך אַ גאַנצע חברה חדר־יונגלעך, וואָס אָט ערשט זיינען זיי אַרויסגעגאַנגען פון הינטער דעם רבינ'ס רוט, און איינער פאַר אַלע האָט אויפגעבונדען פון אַרבע־כנפות דאָס „קעזעל“ און אַרויסגענומען פינף און צוואַנציג צווייערס פאַר אַ בילעט „צו שטעהן“. וואַרט יודעל ווייטער, עס ווערט פאַר־נאַכט, קומט נאָך אַ יוד צוגעהן און לעגט אַרויס פינף האַרטע צעהנערס, דערנאָך ווערט ווידער שטיל... יעדע מינוט בעווייזט זיך אַנאַנדער משורר און געהט באַלד טרויעריג אַוועק...

עס איז געוואָרען נאַכט. די גאַנצע חברה איז צוזאַמענגעקומען. אָנשטאָט יודלען האָט זיך דער חזן אַנידערגעזעצט. — טאָמער וועט עס בעסער געהן... קיין האָהן קרעהט נייעט... עס הויבען אָן צו קומען די ערשטע געסט. יעקעל קאַלבאַסניק'ס (נבוזראדן'ס, הייסט דאָס) „נייע“ משפחה — די כלה אַ נייעם קאַפּטען אָנגעטהון, מיט די מהותנת'טע און די מהותנים — דאַכט זיך היימישע מענשען: זייער נבוזראדן...

יעקעל קאַלבאַס הייסט דאָס, וואָס איז געווען אָנגעטהון אין אַ רויט העמד מיט זעלנערישע שליפעס און אַ רויטען לאַמפּאַס מיט אַ קופּער־נער קאַסקע פון די פייערלעשערס אויפ'ן קאָפּ. מיט אַ רויט אָבגע־פארבט פּנים און אַ לאַנגער רויטער באָרד, האָט ער טאַקע נעבעך אויס־געזעהען ווי אַ נבוזראדן, און נבוזראדן האָט אַזוי געזאָלט זינגען:

געהט, יודעלעך, געהט.
אין גלות אריין,
אין גלות אריין,
געהט, יודעלעך, געהט...

פאַר וואָס נעבעך יעקעל קאַלבאַס איז געוואָרען אויסגעקליבען פאַר נבוזראדן, ווייסט איין גאָט, — דאַכט זיך אַ יוד, וואָס זיין גאַנצער נדן איז „אַ בלאָהער בילעט", נאָר מסתמא איז עס איבער דער באַס־שטימע און פאַר נבוזראדן פּאַסט דאָך אַ באַס־שטימע...

יודלען דעם עלטערען אַלט האָט מען געמאַכט פאַר די „מאַמע" רחל. מען האָט איהם אָנגעטהון אין לאַנגע ווייסע תכריכים מיט אַ שבת'דיגער הויב אויפ'ן קאָפּ און אַ רעכט־ביסעל תחינות איהם אין אָרעם אריינגעגעבען און אַנידערגעלעגט אונטער'ן שטיין.

יודעל דער אַלט האָט זיך אַנידערגעזעצט און אויפגעשריבען מיט גרויסע כתיבה־אותיות אַ מודעה אויף אַ ווייס שטיק פּאַפּיר:

„ק ו ל ר י נ ה ו ה ו ד י ה!"

„עס וועט ווערען געגעבען אַ קאָנצערט פון דעם בעריהמטען קעל־צער חזן מיט זיין בעריהמטען כאָר, אין וועלכען עס ווערט פאָרגע־שטעלט אַ שטיקעל מיט'ן נאָמען:

ד י מ א מ ע ר ח ל' ס ק ב ר.

וואו עס וועט זיך ווייזען ווי לעבעדיג די מאַמע רחל, ווי זי בעוויינט איהרע קינדערלעך, און נבוזראדן ווי ער טרייבט די יודען אין גלות אריין.

א י ב ע ר מ אָ ר ג ע ן ד י ע נ ס ט א ג

אַכט אַ זייגער אָוענד, אין בעריהמטען כאַלאַן פון ה' גילדמאַן.
ערשטע פּלעצער 1 רובעל. צווייטע 50 קאָפּ. צו שטעהן 25 קאָפּ.
(ליכטיג וועט זיין אין סאַלאָן ווי ביי טאָג, אַכט נייע לאָמפּען).

„ויקהל'ן מיט פקודי'ן" האָט מען גענומען און איבערגעגעבען זיי דאָס פּאַפּיר, אויף וועלכען פּענקע האָט אויסגעמאָלט די זעלבע טענען־

דערנאָך הויבט מען אָן שמועסען פון ליעדער. זינגט אַ מיידעל אַ ליעד פון „אַ אונגליקליכע ליעבע“, זינגט אַ יונגער־מאַן, ווי אַ יונגער מענש זאָגט אָב ווידוי, איידער ער נעהמט זיך דאָס לעבען און געזעגענט זיך אָב פון פאָטער און דער מוטער, פון די ברידער און שוועסטער — אַלץ דעריבער וואָס זי האָט איהם אָבגענאַרט. און די קינדער שאַלען צווישען די בוימער אין האַלב־טונקלען שאָטען — ביז די נאַכט פאַלט צו. מיט איין וואָרט, עס איז געווען אַ שבת פון געזאַנג.

---

און פון דעם אַלעם איז נישט געווען מיט וואָס אָוועקצופאָהרען. אַז עס איז געקומען זונטאָג, האָט יעדער זיך גענומען צו זיין געשעפט, יעדער איז געווען פערטהון מיט זיך און קיין גראָשען האָט מען נישט געזעהן, דער חזן איז אַלץ געזעסען אין גאָרקיך, און דער גאָרקיכער האָט אַלע טאָג געצעהלט די פעקלעך, וויפיעל זיי זיינען ווערט. די משוררים האָט מען געגעבען אָנצוהערען דאָרט וואו זיי עסען, אַז עס זיינען דאָ אויך אַנדערע בעלי־בתים, נור דאָס זיינען נישט אַזעלכע לייט־לעך, וואָס מאַכען זיך פערישטעהן מיט אָנצוהערענישען... עס איז נישט געבליבען קיין אַנדער עצה, ווי צו מאַכען אַ „קאָנצערט“ אויף בילעטען אין גילדמאַן׳ס זאַל, געבליבען איז צו מאַכען אַ קאָנצערט „די מאַמע רחל“, דאָס הייסט פאָרשטעלען, ווי נבוזראדן טרייבט דורך די יודען פאַר דער מאַמע רחל׳ס קבר, און די מאַמע רחל שטעהט אויף פון קבר און בעוויינט די יודען. מען האָט געשיקט נאָך פענקע דעם מאָלער און מען האָט זיך אָנגעהויבען דינגען דעם זאַל. מיט גילדמאַנען האָט מען אָבגעמאַכט אויף העלפט, און פענקע האָט זיך גענומען אויסצו־מאָלען די סצענע. קודם כל האָט ער אָוועקגעשטעלט אַ וואַנד אויף וועלכע עס זיינען געווען אויסגעמאָלט הויכע טענען־בוימער, און אויף זיי זיינען געוואַקסען לולבים, געבונדענע מיט אתרוגים. אויף דער וואַנד איז געשטאַנען אויסגעשריבען: דרך בית־אל, דאָס הייסט, אַז דאָס איז דער וועג קיין בית־אל, אויף דער ערד ביי דער וואַנד האָט ער אַנידער־געשטעלט אַ גרויסען שטיין, אויף וועלכען עס איז געשטאַנען אויפגע־שריבען „קבר רחל“, רחל דער מאַמעס קבר, און פאַרטיג.

חברה האָבען זיך אָנגעטהון ווייסע קיטלעך מיט טלתים פון אויבען. מיט פעקלעך אויף די אַקסלען און מיט אויסגעקרימטע שטעקענס אין די הענד ווערען זיי אַרויסגעטריבען אין גלות אַריין פון נבוזראדן, פון

דער צווייטער קדושה. אין שוהל איז אזוי דושנע געווארען און דער ריח פון די ציבעלעס האט אזוי געשטיקט, אז מען איז שיער געשטאר־בען פאר א טרונק וואסער. דער חזן האט געוויזען קונץ־שטיקלעך — און די קוויטשערלעך האבען געהילכט. אין דער ווייבערשער שוהל איז געווארען א געוויין, ווי צו שופר בלאזען, קיינער האט נישט גע־וואוסט פאר וואס און ווען, נור ווי האט דאס נישט א יודענע וואס צו וויינען — האט מען דערווייל די שונאים אנגעשאלטען אויף וואס די וועלט שטעהט. שבת ביים עסען האט די גאנצע שטאדט געקלונגען פון געזאנג, פאר יעדען פענסטער, וואו עס האט נאר א משורר גענעסען, זיינען געשטאנען קופּקעלעך יודען, ווייבער, יונגען און מיידען, און האבען זיך איינגעהערט. פון די אפענע פענסטער האט דאס געזאנג ארויסגעדרונגען אין גאס אריין, יודען האבען די אראבגעפאלענע טע־נער צוריק אויפגעהויבען און איבערגע׳חזר׳ט נאך די משוררים. אין קצב׳ישען געבעל איז גאר געווען היימליך. בעריל „קארעטע“ האט זיין משורר „קנאקניסל׳ן“ פאר דער טהיר אנידערגעזעצט, און אליין, אנגעטהון אין דעם אנצוג וואס ער האט זיך געמאכט אויף פסח, האט ער זיך אוועקגעזעצט צו דער רעכטער זייט און ארומגענומען דאס ביסעל פוהרמאנעס ארום זיך און איבערגע׳חזר׳ט איין שטיקעל נאכ׳ן אנדערן פון דעם, וואס מען האט אין שוהל געזונגען...

נאכ׳ן עסען האבען זיך חברה אין גארטען צו שרה פריידען אוועק־געלאזט. דארט האבען שוין געווארט אויף זיי שניידער־געזעלען, איי־ניגע זיינען געווען אין נייע שבת׳דיגע קאפּטענס אנגעטהון און מיט „העכסט אינטערעסאנטע ראמאנען“ אונטער די אָרימס, און א פּאר שניידערגעזעלען זיינען געווען מיט קורצע רעקלעך און אין הויכע פּאַ־פּירענע קראגענדלעך. דא האט מען זיך שוין נישט שלום־עליכם אָב־געגעבען, נור פארגעשטעלט:

— האבע די עהרע פּארצושטעלען פריילין דבושה — הערר פּנחס.

— זעהר מיר אנגענעהם — און מען גיט זיך די הענד, און מען זעצט זיך אויפ׳ן גראז אונטער די בוימער. צוערשט זיצט מען שטיל, דערנאך הויבט מען אן צו ריידען וועגען געשיכטען.

— וואס פאר א געשיכטע לעזען זי היינט?

— די געשיכטע מיט׳ן „שטומען גוטען יוד“.

— א העכסט־אינטערעסאנטער ראמאן.

הייסט עס. זיי האָבען איהם אָנגעשלאָגען אַ געשעפט, אַז ער זאָל מאַ־כען אַ קאָנצערט אויף בילעטען אין גאָלדמאַן'ס זאַל, אַגב אורחא האָבען זיי זיך נאָכגעפרעגט, ווער פון די חתנים איז פריי פון מיליטער. אָב־געשטעלט האָבען זיי זיך אויף יעקלען. יעקעל קאָלבאַסניק האָט די טבע צו ציטערען מיט די ליפען און צו שאָקלען מיט איין אויער — מיינט מען, אַז אויף אַלין, וואָס מען זאָגט, שאָקעלט ער צו: גוט! האָבען האָט ער אַ טבע, אין יעדער שטאָדט, וואו ער קומט אריין צו שדכנ'ען זיך אין אַ הויז וואו עס איז דאָ אַ מיידעל, און אַ חתן צו ווע־רען. קריגט ער, פערשטעהט זיך, צו עסען, צו טרינקען און נאָך חתימה־געלט אין דער קעשענע, און פאָהרט זיך אין אַ צווייטער שטאָדט אריין, ווייטער אַ חתן צו ווערען. זיין אייגענס איז אַ בלאָהער בילעט. דאָס איז זיין פּראָפעסיע און זיין נדן.

די שדכנים האָבען מיט איהם אָנגעהויבען צו ריידען.

— גאַנץ גוט, זאָגט ער.

— דריי הונדערט גולדען מיט אַ נייער מאַשין.

— גאַנץ גוט, זאָגט ער.

— חאָטש היינט אויף דער נאַכט.

און יעקעל טרינקט שוין ווייטער בראַנפען און עסט שוין ווייטער לעקעך.

איהר ווייסט, חזן, זאָגט צו מאָרגענס „קנאַקניסעל", יעקעל איז שוין ווייטער אַ חתן געוואָרען.

— אַ בייזע נאַכט אויף זיין קאָפּ. מען וועט דאָך אונז פון דער שטאָדט ארויסטרייבען.

און יעקעל געהט אָנגעטהון אַ ניי העמד מיט אַ נייעם קאָלנער אין קנאַקט ניס־קערענדליך, — און טהוט איהם עפּעס!

דערווייל האָט דער חזן גענומען אָנגעגרייט זיך אַ שבת צו דאַוו־נען. צום ערשטען האָט ער געאַרבייט מיט די קוויטשערלעך, ער האָט געוואוסט, אַז ער האָט זיך אויף וועמען צו פערלאָזען. צו קבלת שבת האָבען די ווייבער די פענסטער אין שוהל אויסגעהאַקט, פאַר וואָס מען האָט די ווייבערישע שוהל פערמאַכט, און שבת ביי טאָג האָט דער חזן אָבגעהאַלטען דעם עולם ווי ראש־השנה. אין אַלע חברות האָט מען דעב שבת פריה אָבגעדאַוונט, אהיים געאיילט זיך, דעם „קידוש" אריינגעחאַפּט, פערביסען מיט די ציבעלעס און אין שוהל אריין צו

ווייזענדיג אויפ'ן גבאי, — די געלזוכט קען מען קריגען ביי זיי, מיט מיר רעדט, ברודער!

— חברה, די פעקלעך! — שרייט יאָסקע און פעקעלט שוין איבער די כלים, און איידער זיי קוקען זיך אום, זיצט שוין חברה אויף די פוהרען און מען פיהרט דעם חזן אין שטאָדט אריין ביד רמה.

מען האָט דעם חזן אין שטאָדט געבראַכט און איהם געגעבען אַ קוואַרטיר ביי דוד גאַרקיכער. די קצבים האָבען די משוררים אויף קעסט צו זיך אהיים גענומען. די ווייבער האָבען זיך איבער די קוויטשערלעך געריבען און געגעבען זיי צו אכל'ען, אַז אַזעלכעס האָבען זיי נאָך אין די אויגען נישט אַנגעזעהן. יעקעל „בעל־הבית'טע" האָט זיך נור צווישען די יודענעס ארומגעדרעהט, געזעסען מיט זיי און געמאָהלט ווי איינע פון זיי. „קנאַק־ניסעל" האָט ביי זיין בעל־הבית געוויזען שטיק, פלוצלונג האָט ער אָנגעהויבען צו בילען ווי אַ הונד; מען האָט זיך אונטער'ן טייש אַראָבגעבויגען דעם הונד ארויסצוזאָגען, הויבט ער גאָר אָן צו מיאַנטשען ווי אַ קאַץ. יאָסקע יאָלד מיט „לעפעלן" דעם אונטער־באַס האָבען זיך גלייך בעקענט מיט די טעכטער פון אָרט און אָנגעהויבען נייע ראָמאַנען צו שפּיעלען. זיי זאָגען צו שרייבען ליעבעס־בריעוועלעך און באַרגען שוין קליין־געלד „אויף מאַרקעס" פון די מיידלאך. מיט איין וואָרט, חברה האָט זיך בעזעצט אין שטאָדט ווי היימישע, מיט אַלעמען זיך בעקענט, גוט געלעבט, אומעטום געווען און מיט אַלעמען זיך געוויטעוועט.

אין דעם שטעדטיל האָבען זיך געפונען צוויי יונגע־לייטלעך — „ויקהל" און „פקודי". „ויקהל" איז געווען אַנ'איינבינדער, וואָס אין אמת'ן איז ער געווען אַ וואַטען־מאַכער און אַנ'אָרימאַן — זאָל דער איינציגער גאָט אויסהיטען. „פקודי" איז געווען אַ שדכן, אַ גרויש, אייגענטליך גאָר נישט קיין גאַנצער גרויש נור דאָס ווייב איז איהם משוגע געוואָרען, בעשעפטיגט ער זיך דערווייל מיט אויפקלויבען מאה חתימות... די צוויי יונגע־לייטלעך האָבען זיך בעשעפטיגט מיט שדכנות בשותפות, תמיד האָט מען זיי געזעהן געהן אין גאַס בעזונדער, "ויקהל" צו חתן'ס צד און „פקודי" — צו כלה'ס צד. האָט מען געזעהן „ויקהל'ן" מיט „פקודין" געהען ציזאַמען האָט מען געוואוסט אין שטאָדט, אַז מען האָט חתן־כלה צוזאַמענגעפיהרט און מען וועט טעלער ברעכען...

געקומען זיינען „ויקהל"־„פקודי" צום חזן אַזוי גלאַט, אין נעכט

געגעבען אין האנד אריין, אז ער זאָל בעגיסען די רעדער מיט וואַסער: מען פאָהרט !...

חברה האָבען זיך גלייך אויפגעשטעלט. די קוויטשערלעך האָבען זיך געשטעלט ארום חזן, גענומען די ביכער אין האנד אריין און אָנגעהויבען צו ארבייטען מיט די כלים, א „לכה דודי“.

אז די פוהרען זיינען אָנגעקומען, האָט א קוויטשעריל גענומען:

מקדש מלך עיר מלוכה, און האָט געגעבען א חאַפּ אויף דער צווייטער דינערער זייט: צאי צאי מתוך ההפ־הפ־כה, האָט דער באַס געגעבען א לאָז אראַב די טראָמבע און א האק צו מיט „איקעלבאַק“ פי־כה, און דאָס משורר׳ל האָט זיך ווייטער רחמים געבעטען: געדענקט אין גאָט, רב לך, אך אך, רב לך, נו טאקע רב לך, שבת או־או שבת.

האָבען איהם די אַלטען אָבגעענטפערט:

— שבת רב לך! שבת רב לך!

האָט זיך א טענאָר אָבגערופען מיט א טרעל און האָט געפרעגט: ווייסט דו וואו? ווייסט דו וואו?

האָט איהם דאָס קוויטשעריל אָבגעענטפערט: בע־מק, בע־מק הב־כאָ.

האָט דער טענאָר געגעבען צו פערשטעהן: — הבכא, הבכא.

געפעהלט עס נישט ווייטער דעם באַס, און ער גיט א ברום: בעמק הבכ־אָ־אָ!

קומען צו די אַלטען און הויבען אָן: בכא עמק, עמק, עמק, — מק, — מק — מק. — אזוי קלימפּערן זיי צו, ביטעת דער צווייטער קוויטשעריל נעהמט זיך אויף נאָך א איידעלער שטימע.

דאָ גיט א געה צו צום חזן יאָסקע האַקער און גיט א מאַך:

— חזן, פאָהרט מיט אונז אין שטאָדט אריין!

— איך פאָהר קיין קראָשנעוויץ. א בריעף פון קראָשנעוויץ געקראָגען — רופט דער חזן.

— עס וועט אייך נישט העלפען קיין טענות ומענות, — רופט נאָטע „שייגעץ“ אויס און נעהמט און שפּאַנט אויס די פערד פון חזן׳ס וואָגען, און א שפּאַן אײן זיי אין זיין וואָגען.

— וועגען עסען זאָלט איהר זיך נישט זאָרגען, א אָקס געשאָכטען היינט, — רופט שלמה „דער געלער“ אויס.

— אויף די פראַנטען קוקט נישט! — רופט זיך „שרץ“ אָן, —

א וואלד שווארצע האהר, אז עס איז אויף איהם קיין שטיקעל הויט נייטט צו דערזעהן, פרעגעלט זיך אין די זונ'ס שטראהלען, און די טראפפענס שוויים רינען איבער'ן שטערן. נחומ'קע דער ליטוואק, דער באס, וואס קאן עסען פאר פיער און האט תמיד דאפעלטע טעג, האט זיך געדוקט צום פוהרמאן דעם טאבאק צו דערפאקען ביי איהם. די קוויטשערלעך האבען אהן רחמנות די האהר פון די פערדס ווידלען געריבען, און יאסקע יאלד מיט „לעפעלן", דער אונטער־אלט מיט'ן אונטער־טענאר, צוויי גלייכע אבטצעהן יעהריגע בחורים, וואס טראגען פאפירענע איינגעשטעלטע קראגענדלעך מיט קאלירטע שניפסלעך, האבען זיך פערקליבען הינטער א ביים, ארויסגענומען טינט און פעדער — צו פערפאסען א „ליעבעס בריעף" צו א מיידעל קיין זשאבלין.

און די „לייטלעך" האבען טאקע נישט געשוויגען. אזוי ווי דער גבאי איז אוועק פון דער פוהר, האבען זיי זיך געגעבען א לאז אין קצב'ישע געסעל אריין, צו די „גוטע ברידער", און האבען אנגעהויבען צו דערצעהלען, אז עס איז אנגעקומען א חזן מיט נאטען און מיט זיעבצעהן משוררים, אכט כאמע וויינענדיגע קוויטשערלעך, נור דער גבאי האט נישט געלאזט דאוונען אין שוהל, איז דער חזן מיט די משוררים אוועקגעפאהרען קיין קראשעניוויץ. די קצבים האבען עס דערהערט, האט זיך דאס בלוט אין זיי פערקאכט, האבען געכאפט די שטעקלעך אין האנד אריין, ארונטער צום גבאי און איהם אראבגעצויגען פון דער קאנאפע: „געה'רג'עט קאנט איהר דא ווערען! — האבען זיי געשריען צו איהם, דעם חזן מוזט איהר אראב־ברייגגען!" און זיי האבען טאקע באלד געשיקט נאך די פוהרמאנעס, איינגעשפאנט דריי וועגען, ארויפגעפאקט אויף דעם גבאי אויף א וואגען און היידא קיין קראנשעוויטש נאכ'ן חזן.

„קנאקניכער" האט דערזעהן פון דער ווייטען, אז מען דולכ'ט, האט ער געגעבען א שפרונג אראב פון ביים, פערמאכט דאס פיכק, און א קרעה ארויס פון בויך.

— קוקי־ריקו — מען רייט!

— חברה, גלייך אויפגעשטאנען זאל זיין! די ביכער אין די הענד אריין, — האט דער חזן געגעבען א רוף אויס.

מען האט איינגעוועקט האצקלען דעם פוהרמאן, אראבגעשלעפט איהם פון וואגען, פלינק די פערד איינגעשפאנט און דעם עבער אידם

סיג. ער קאָכט, שטריקט און נייהט ווי אַ נקבה, דערפאַר האָט מען איהם אַ נאָמען געגעבען: די בעל־הבית'טע, און איבערגעגעבען איהם די קיך אין וועג. יעקעל קאָלבאַסניק האָט זיך אָנגעטהון אַ פאַרטוך און אויף אַ שטיין זיך גענומען צו האַקען די ציבעלעס כיט'ן הערינג. דער חזן האָט דערווייל איבערגעשמועסט מיט'ן עלטערן אַלט וואָס ווייטער צו טהון. דער עלטערער אַלט, אַ הויך און אַ דאַר יודעל, אַמאָליגער בית־מדרש בחור, לערנט זיך שחיטה און שדכנ'ט זיך צו צום חזנ'ס עלטערער טאָכטער. ער איז אַ גרויסער ליעבהאָבער פון לשון קודש און האָט אַליין שוין אָבגעדרוקט דריי קאָרעספּאָנדענציעס אין „ירחון החזנים“ בדרך שיר. ער האַלט זיך איבערהויפּט ווייט פון דער חברה מישוררים און רייבט זיך שטאַרק מיט'ן חזן, האָפענדיג אַמאָל ממלא מקומו זיין... „קנאַק־ניסעל“, דער קוויטשער מיט אונטערגעהאַקטע אויגען און מיט אָבגעשוירענע פּאות ביז אין האַלבען קאָפּ אַריין, איז אַרויף אויפ'ן העכסטען בוים אויסקוקען פון אַ „שפּאַקטיוו“, צו מען קומט נישט אָן צו פאָהרען פון דער שטאָדט.

יעקעל קאָלבאַסניק איז פאַרטיג געוואָרען מיט די הערינג, דער חזן האָט אַרויסגענומען דאָס ברויט און געטיילט „מוציא'ס“. די חברה האָבען זיך גענומען צו אַכלען, אַז עס איז אַ רויך געגאַנגען. גע־שטילט דעם ערשטען הונגער, האָבען זיך די חברה אויסגעטהון און האָבען זיך אויסגעצויגען אונטער די בוימער, צווישען וועג און די פעלדער. עס איז געווען אַ הייסער זומער־טאָג, דאָס וואַסער האָט זיך געצויגען אַנטקעגען דער זון ווי אַ שפּיגעל, די פאַרטיגע זאַנגען האָבען האַלב געבויגען די קאָרענדיגע בעזעמלעך, וועלכע האָבען זיך ווי וואַקס געגאָלדעט אין דער זון, פערשטעלענדיג די פּיס פון שוואַרצען וואַלד, וואָס האָט זיך נאָך זיי געוויזען. חברה נאָכ'ן עסען זיינען געווען אין גוטען הומאָר. זיי האָבען געוואָלט אָנהויבען צו זאָגען ווערטלעך, האָבען זיי אָבער מורא געהאַט פאַר'ן חזן. דער חזן מיט'ן עלטערן אַלט זיינען אַרומגעגאַנגען די קעפּ אַראָבגעלאָזט. אָבער דאָך האָבען זיי ניט אָנגעוואָהרען דעם בטחון אויף די פון די לייטלעך, וואָס האָבען אַ שטיקעל שייכות מיט זמר, אַז זיי וועלען נישט שווייגען... דער פוהרמאַן האָט אויסגעשפּאַנט די פערד, אָנגעשאָטען פאַר זיי האָבער, און אַליין האָט ער זיך אויסגעצויגען ביי דער פוהר, שמעלצענדיג זיך אין דער זון. דאָס גראָבע פּנים זיינס, וואָס איז אַזוי בעוואַקסען מיט

— און צו וואָס פֿאָהרט אַ חזן מיט משוררים אין יודישע שטעדט אַרום ? —

— דאַוונען, האָט דער חזן אָבגעענטפֿערט.

— אַזוי, דאַוונען, נו, זאָל ער זיך פֿאָהרען געזונטערהייד. דער גבאי האָט די האַנד אויסגעשטרעקט און איז אַוועקגעגאַנגען.

דער חזן האָט גלייך עפּעס דעם פוהרמאַן אין אויער איינגערוימט, און דער פוהרמאַן האָט געגעבען אַ שמיצעל צו זיינע פּערד :

— וויאָ, קיין קראָשעניוויץ !

זיינען אָבער די יודען בעפאַלען דעם וואָגען און די פּערד ביי די לייצעס איינגעהאַלטען :

— וואָס, פֿאָהרען וועט איהר ? דאָ וועט איהר שבת האַלטען, אויף אונזערע קעסט.

— פֿאָהרען ! — האָט דער חזן ברייט בעפֿויהלען דעם פוהרמאַן, און האָט געגעבען אַ וואונק צו די „פֿון די לייטלעך“ מיט די לאַנגע נעגעל פֿון די גראָבע פֿינגער, עס הייסט, אַז ער קען זיך אויף זיי פֿערלאָזען...

דער פּראַכט־וואָגען האָט געגעבען אַ קרעכץ אָב, שווער זיך איבער־געריבען איבער דער שטאָדטישער ברוק און איז אַרויס אויפ׳ן קראָ־שעניוויצער וועג, אָבגעפּאָדרען אַ וויאָרסט צוויי, צום וואַסער צו, וואָס האָט אַ „נאָמען“ (הירכדעם מעג מען זיך גט׳ן) אין שטעדטיל... און וואָס דארף יעדעס יאָהר אַ מענש — האָט דער חזן געהייסען זיך אָב־שטעלען, בכדי צו בעגיסען די רעדער.

חברה זיינען אַראָבגעקראָכען פֿון דער פֿוהר, די ביינער זיך אויס־געצויגען און האָבען אָנגעדריבען צו מורמלען אויפ׳ן חזן : עסען...

דער חזן האָט אַרויסגענומען דאָס שליבעלע פֿון וועסטען־קעשענע און אויפגעעפענט דאָס קעסטעל, וואָס טראָגט אויף זיך דעם נאָמען „צידה לדרך“ און וואָס עס איז פֿערשלאָסען מיט אַן אויבער־שלאָס, מיט אַ הינטער־שלאָס און מיט נאָך אַ ענגליש שלאָס בעלעגט. אודאי נישט בחנם. ער האָט אַרויסגענומען פֿון קעסטעל פֿינף ציבעלעס מיט דריי הערינג און האָט זיי איבערגעגעבען יעקעל קאַלבאַסניק, אַ יונג, וואָס איז קליין־געוואַקסיג און וואָס פֿערענדערט זיך קיינמאָל נישט, אַזוי אַז מען קאָן קיינמאָל נישט וויסען ווי אַלט ער איז ; טייל רעכענען אַז ער איז אַכטצעהן יאָהר אַלט, און טייל האַלטען, אַז אַכט־און־דרייי־

וועקען. דערוויי ל איז דער וואָגען מיט דער חברה געשטאַנען אין מאַרק. עס זיינען אָנגעקומען יודען פון אַלע זייטען, זיי האָבען שלום־עליכם אָבגעגעבען דעם חזן מיט די משוררים, און האָבען זיך אַרומ־געשטעלט אַרום דער פוהר, וואַרטענדיג אינאיינעם מיט'ן חזן אויפ'ן גבאי. עס זיינען אויך אָנגעקומען אייניגע פון די „לייטלעך“, וואָס האָבען אַ גרויסען שייכות מיט מוזיק, וואָס זיינען אַליין עפּעס שטיקלעך מנגנים. זיי האָבען זיך געשטעלט בעזונדער — עס האָט זיי נישט געפּאַסט אינאיינעם צו שטעהן מיט דעם איבעריגען עולם, און זיי האָבען אָנגעהויבען צו ריידען צווישען זיך אויף חזנ'יש לשון. איינער פון זיי האָט אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע דעם „ירחון החזנים“ און האָט אָנגעהויבען הויך לייענען אַ שיר. דער חזן האָט באַלד דער־קענט ביי זיי אָן די לאַנגע נעגעל פון די גראָבע פינגער, אַז זיי זיינען פון די „גוטע ברידער“, האָט ער זיך גענעבען אַ ווענד צו זיי:

— זיינען עפּעס ביי אייך אין שטאָדט דאָ בעלנים אויף זמר?

— וואָס שייך? אַ יודישע שטאָדט — האָבען זיי איהם אָבגע־ענטפערט.

דערוויי ל איז אָנגעקומען דער גבאי מיט זעהר רוהיגע, פּאַמעליכע טריט און מיט נאָך פערשלאָפענע אויגען און די קאַנטען פון די פּאות זיינען ביי איהם נאָך נאַס געווען פון דעם וואַשען זיך נאָכ'ן שלאָף. ער איז צוגעקומען פּאַמעליך צו דער פוהר, האָט זעהר לאַנגזאַם אויס־געשטרעקט די האַנד, און גערעדט ווי פון שלאָף:

— שלום עליכם.

— עליכם שלום.

— וואוהין פאָהרט אַ יוד? האָט דער גבאי געפרעגט ווי ער וואָלט פון קיין פּותר־חלום נישט געוואוסט.

— אין יודישע שטעדט אַרום, — האָט דער חזן געענטפערט.

— וואָס אַ מגיד? — האָט דער גבאי געפרעגט מיט דעם זעלבען נאַאיוועןן טאָן.

— ניין, נור אַ חזן מיט משוררים.

— אַזוי, אַ חזן מיט משוררים — האָט דער גבאי לאַנג אויסגע־צויגען, און דערביי זיך געלאָסען די פּאות אויסגעצויגען, די וואָנסעס און די באָרד אויסגעגלעט, און נאָך אַ לאַנג איבערקלערען, ווי ער וואָלט אויפ'ן ריכטיגען שכל געפאַלען, גיט ער אַ פרעג:

# דער חזן מיט די משוררים

איבער'ן געסעל, פון וועג אָן, האָט זיך געשלעפּט אַ גרויסער, שווערער פראכט־וואָגען. בעוואָלקענט אין שטויב, זיינען געווען אויף איהם אָנגעפּאַקט אַ חברה משוררים. דער חזן מיט צוויי קליינע „קוויטשערלעך“ פוןביידע זייטען זיינען געזעסען אויף איין געזעס. דער באַס מיט'ן אונטער־באַס און סאָפּראַן זענען געזעסען אויפ'ן צווייטען געזעס, און נאָך זיי אַ שוואַך־טענאָר'ל און אַן אַלט מיט פּעקלעך און קעסטלעך. די שטאָדט־מיידלעך, פערטהון אין שבת־מאַכען, האָבען געלאָזט שטעהן אין מיטען די קוגלען, און אין די זומערדיגע בלוזקעס מיט די בעשמוצטע שירצען האָבען זיי זיך בעוויזען אין די טהירען. מיט די פינגער האָבען זיי אַריבערגעוואָרפען די צעפּ, וואָס האָבען זיך פערוואָרפען איבער די רויט־געוואָרענע באַקען, און איינע האָט צו דער צווייטע אויף יענער זייט שוועל אַריבערגעוואונקען: קוק אָן די העכט, דו זאָלסט מיר לעבען!

די טענאָרען האָבען אין איילעניש אַרויסגענומען די רינדע שפּיגעלעך מיט די בערשטעלעך פון די וועסטען־קעשענעס, אַרונטערגעקעמט די פּאות הינטער די אויערען, פערשפּילעט די קלאַפּעס פון די מאַנטלען, אַז מען זאָל נאָר אַרויסזעהן דאָס שוואַרצע שניפּסעל מיט אַ שטיקעל קראַגען, האָבען אויסגעהוכט זיך, אַ ציה געטהון אויס דעם גאָרגעל, און געוואָרפען אויגען.

— ווי שמחת־תורה'דיגע עפּעלעך — האָט דער טענאָר געגעבען אַ קניפּ הינטען־אַרום דעם אַלט, אַז דער חזן זאָל נישט בעמערקען.

דער פראַכט־וואָגען האָט זיך אין מיטען געסעל אָבגעשטעלט. דער חזן האָט פון פוהר נישט געוואָלט אַראָב, וואַרטענדיג אַז דער גבאַי פון שוהל זאָל קומען איהם מקבל פּנים זיין און אָנווייזען איהם דעם אָרט, וואו זיי האָבען זיך אויפצוהאַלטען. דער גבאַי איז אָבעגעשלאָפען נאָכ'ן מיטאָג, און דער שמש האָט איבער מורא געהאַט צו

דער אַלטער ר׳ יעקב האָט דעם לעצטען טראָפּען בלוט פון זיך אַרויסגעגעבען, און פייגעלע — דעם לעצטען רובעל פון פּאָסט...

אין יענעם טאָג איז דער אַלטער געשטאָרבען... און אין דעם זעלבען טאָג איז אויף דעם ביכעל אין פּאָסט קיין גראָשען ניט געבליעבען... פייגעלע האָט אין איין טאָג פערלאָרען איהר טאַטען מיט איהר נדן...

*

פייגעלע זיצט ווידער ביי איהר בליטין־לאָמפּ און נייהט און נייהט ביז שפּעט אין דער נאַכט, און פון יעדען שטאָך מיט דער נאָדעל קומט עפּעס צו אין איהר ניי ביכעל אין פּאָסט.

דער נדן מוז איצט זיין גרעסער ווי פריהער, ווייל צוזאַמען מיט דעם ביכעל, וואו עס קומען צו מעהר מארקעס, קומט אויך אַלע מאָל צו גרויע האָר אויף איהר שווארצען קאָפּ...

און דאָס האַרץ ווערט איהר פול מיט נחת — עפּעס פּיהלט זי ביי זיך אַ פערגעניגען, וואָס זי האָט עס נאָך קיינמאָל נישט געפּיהלט — און אַ פולע טרעהר בעווייזט זיך איהר אויף די באַקען.

זי זיצט און וויינט, פערשטעלט זיך דאָס פּנים מיט'ן פאַרטוך.

און ער נעמט זי ליעבליך אָן ביים האַנד — זאָגענדיג אַלֵין מיט זיין ליעב זיס קול: פייגעלע, הער שוין אויף, פייגעלע, איך בעט דיך.

און דער טאַטע ליעגט אויסגעדרעהט מיט'ן פּנים צום וואַנד און דאָס בעוועגען פון זיין האַרץ הערט זיך אין דער שטיל.

און זיי זיצען, זי פיהלט צו איהם אַ געטריישאַפט, זי פיהלט, אַז זי קען זיך אויף איהם פערלאָזען.

זי זיצט און שלינגט זיינע ווערטער — זי פיהלט ווי ער קייקעלט איהר אראָב אַלע שווערע שטיינער פון האַרצען.

דער טאַטע האָט זיך אומגעדרעהט, געוואָרפען אַ בליק אויף זיי. אויפ'ן טאַטענס בלאַסע פּנים איז עפּעס אויסגעגאָסען אַזאַ ליעבער שמייכעל, ווי עס וואָלט זאָגען: האָט נישט קיין מורא, קינדערלעך, איך בין מסכים דערויף, מסכים מיט מיין גאַנץ האַרץ.

און פייגעלע פיהלט זיך אַזוי גוט. אַזוי גוט...

*

דער טאַטע איז נאָך קראַנק, און פייגעלע נעמט אָב איין רובעל נאָכ'ן אַנדערען, איין פינף־רובעלדיגען נאָכ'ן צווייטען.

דער אַלטער ר' יעקב ליגט אין בעט און קלערט, קוקט אויף די קינדער און שווייגט.

דאָס פּנים זיינס ווערט בלאַסער, איינגעקנייטשטער, שוואַכער און שוואַכער. ער פיהלט ווי די כחות געהען איהם אויס.

פייגעלע נעמט אָב פון דער פּאָסט דאָס געלד, די מאַרקעס אין ביכעל ווערען וויניגער, פייגעלע ווייסט, אַז עס וועט שוין באַלד נישט זיין.

דער אַלטער ר' יעקב ווינשט זיך אין דער שטיל: ער וואָלט שוין נישט אַזוי פיעל געברויכט... ער וואָלט שוין נישט קיינעם געשטערט...

און ער שפּייט, דער אַלטער ר' יעקב, טראָפּען בלוט, טראָפּען בלוט. עס שעפּט זיך אויס — און די מאַרקעס — קלעבען זיך פון ביכעל אָב... אַ טראָפּען בלוט פון מויל — אַ מאַרקע פון ביכעל.

און זי קוקט אויף איהם — א שמייכעל לויפט איבער איהר פנים.

און איהר איז אזוי גוט...

---

צו מארגענס איז פייגעלע דאס ערשטע מאל אריין אין פאסט מיט'ן ביכעל, אבגענומען א פאר רובעל און אהיים געטראגען דער מוטער.

די מוטער האט שטארק אבגעזיפצט, געמאכט א זויערע מינע — פערקנייטשט דאס פנים און אראבגעצויגען דאס קאפ טיכעל ביז איבער די אויערן.

דער אלטער ר' יעקב וואס ליעגט אין בעט, האט זיך מיט דעם פנים אומגעקערט צום וואנד.

דער אלטער יוד ווייסט וואס פאר א געלד דאס איז ! זיין איינציג קינדס אויסגעהארעוועטע פאר רובעל. אנדערע טאטעס געבען קינדער און ער נעמט...

און ביי איהם זעהט עס אויס ווי ער בע'גזל'ט זיי, די יונגע מענשען. איהם קומט שוין ניט צו לעבען און פאר'ן טויט בערויבט ער זיי...

און קלערענדיג דאס, פערגלייזען זיך זיינע אויגען, די בלאהע אדערן פון די שלייפען קריכען מעהר ארויס און דאס בלאסע פנים ווערט אנגעלאפען מיט בלוט.

און דאס פנים איינגעגראבען צו דער וואנד ליעגט ער און קלערט אזעלכע געדאנקען.

ער ווייס, אז ער איז דער גאנצער שולדיגער פון די קינדערס ליידען... און ער בעט אויפ'ן טויט...

---

און זי, פייגעלע, וואלט געוואלט עפעס מיט אמאל בעגליקט ווערען, א סך געלד צו האבען, רייך צו ווערען, צו זיין די גרעסטע גביר'טע.

און אט, למשל, ווען זי האט כאטש איצט טויזענד רובעל און ער קומט אריין : נא, נא דיר דאס גאנצע אוועק, זעה פייגעלע איז געטריי— נא דיר, און זאג ניישט, בחנם נעהמסט דו מיך, אהן נדן, ווי איך שטעה און געה...

ביים טאטענס בעט זיצען זייביידע, זי מיט איהר אליעזר.

זי שווייגט א ביסעל און לאזט אראב די אויגען — און די מאמע דיינע? זאגט זי שטיל.

איך בעט דיך, דו האסט עפעס חתונה מיט מיין מאמען, צי מיט מיר האסט דו חתונה, און וואס געהט עס דיך אן מיין מאמע?

זי שווייגט.

— איך זאג דיר נאך אמאל, איך נעהם דיך אזוי ווי דו שטעהסט און געהסט — אט אזוי — און דו נעהמסט מיך אויך אזוי — ווילסט דו?

זי נעהמט דעם עק פארטוך צו די אויגען און וויינט אין דער שטיל.

שטיל איז ארום, דער לאמפ פערשפרייט זיין העלע ליכטיגקייט אין דעם שטיבעל — און זייער שאטען פערשפרייט זיך אויף די ווענד.

פון הינטער די פארהאנג ווערט געהערט דאס שווערע שלאפען פון די אלטע לייט.

און איהר קאפ איז אנגעשפארט אויף זיינע אקסלען און איהרע גערדיכטע שווארצע האר פערשטעלען זיין געזיכט.

זי וויינט אין דער שטיל: ווי גוט ביזט דו אליעזר!

און זי עפענט איהר גאנץ הארץ פאר איהם, און דערצעהלט איהם פון אלעס ווי עס געהט זיי היינט, ווי שלעכט עס איז זיי היינט. אלץ האבען זיי שוין פערזעצט — און אויף צו מארגענס איז קיין גראשען נישט דא.

ער נעהמט זי ליעבליך ארום, און מיט דעם עק פון איהר פארטוך ווישט ער איהר די טרעהרען אב פון די באקען — זאגענדיג.

— וויין נישט, פייגעלע, וויין נישט, עס ועט אלץ גוט ווערען.

— און איך זאג דיר, אז דו זאלסט מארגען געהן אין פאכט אבנעהמען עפעס געלד און געבען אויף אלעס, ביז גאט וועט העלפען, דער טאטע וועט געזונד ווערען און קענען פערדיענען. דענסטמאל...

— דענסטמאל, חזר'ט זי איבער אין דער שטיל.

— דענסטמאל וועט שוין גוט זיין, גיט ער איהר א ווינק מיט די אויגען.

— אזוי ווי דו שטעהסט און געהסט — שעפטשען זיינע ליפען אין דער שטיל.

מיט'ן זומער: דער שיקט אַ שניי, דער צווייטער — אַ זון. צוגעהט דער שניי, עס ווערט אַ בלאָטע, און צו מייסטען גיסען רעגען ווי מיט צעבערס.

אין אַזעלכע וועטערס איז דער אַלטער קראַנק. ער ווערט שלאַפער אויף די פיס, און ער לעגט זיך אין בעט אַריין.

אויף קיין ברויט איז נישט דאָ, אויף קיין קוילען אודאי נישט, באָרגט דערווייל פייגעלע.

און דער אַלטער ליגט אין בעט און הוסט, דאָס אַלטע בלייכע צוזאַמענגעצויגענע פּנים ווערט רויטלעך, די ציין בעוויזען זיך צווישען די צוויי צוזאַמענגעצויגענע ליפּען און די בלאַסע אָדערן שטאַרען זיך אַרויס פון די שלעפען.

מען שיקט נאָך דעם רופא. ער פערשרייבט אַ מעדיצין.

די מאַמע וויל דאָס לעצטע קישען פערזעצען, לאָזט פייגעלע נישט. נעהמט זי אָב פון שכירות — קלעקט דאָס נישט — פערזעצט זי איהר זשאַקעט. פון נדן וועט זי דאָך חלילה ניט ריהרען.

און ער, אליעזר, קומט אַריין יעדע נאַכט.

ביי דעם בעקאַנטען טישעל, ביי דער שיין פון דער בעקאַנטער בליטש־לאָמפּ זיצען זיי ביידע.

— וואָס ביזט דו אַזוי טרויעריג, פייגעלע?

— און וואָס האָב איך פרעהליך צו זיין, דער טאַטע איז נעבעך אַזוי קראַנק.

— גאָט וועט העלפען, פייגעלע, ער וועט געזונד ווערען.

— שוין נישט קיין פיער וואָכען קיין פּרוטה אין פּאָסט אַריינ־געגעבען.

— וואָס טויג דיר געלד?

— וואָס הייסט וואָס טויג מיר געלד? פרעגט זי דערשראָקען, אַזוי ווי זי וואָלט פּאַר עפּעס געציטערט — בחנם וועסט דו מיך נעהמען?

—ווי הייסט בחנם. דו ביזט ביי מיר אַלעס געלד ווערטה, מיין גאַניץ לעבען. וואָס טויג מיר געלד? אָט דו זעהסט די פינף פינגער, זיי קענען אַלעס פערדיענען. צוויי הונדערט רובעל האָב איך ליגען אין פּאָסט, אָנגעזאַמעלט כייר פון מיין אַרבייט. וואָס דאַרף איך מעהר?

פוטצען א שטיבעל א גן־עדן זאָג איך דיר, א פשוט'עס, נאָר אלץ וועט מוזען שפּיגלען, א מחיה וועט זיין דרינען אריינצוגעהן.

— און אלע נאכט נאָך דער ארבייט, וועלען מיר ביידע זיצען, איינער נעבען אנדערן, אָט ווי איצט — און ער נעמט זי ארום.

— און דו וועסט מיר פון אלעם דערצעהלען — דערצעהלען פון אלעם, זאָגט זי, ארויפלעגענדיג איהר האנד אויף זיין אקסעל, און מיט די צווייטע איהם אָנגעהמענדיג פאר'ן גאָמבע, און קוקט איהם טיעף אין פנים אריין.

און זיי איז אזוי גוט, אזוי פריילי‌ך אויפ'ן הארצען.

און אלץ ארום אין שטוב איז עפּעס איבערגעצייגען מיט א גוטס־קייט, עפּעס א ווייכע ליעבליכע זאך ליגט אויסגעגאָסען אויף אלעם אין חדר'ל — אויף די וואנד, אויף דעם טישעל, אזוי ווי אלעם וואָלט איהר צוגעווינקען, גערעדט איהר צום הארצען ליעבע טרייע ווערטער...

און ביידע שווייגען שטיל — און פערטיעפען זיך ביידע אין זייערע געדאנקען.

— זעהסט, זאָגט זי צו איהם, ארויסנעהמענדיג פון דעם קאסטען דאָס ביכעל פון פּאָסט. — צוויי הונדערט און פערציג רובעל שוין, עס וועט נאָך זיין ביז דריי הונדערט רובעל. זאָלסט דערנאָך נישט האָבען אויסצורעדען: „גענומען דיך בחנם, אזוי ווי דו ביזט געשטאנען און געגאנגען.“

— געה, ביזט א שלעכטע, איך בין מיט דיר ברוגז, פייגעלע, בייזערט ער זיך.

— פאר וואָס? ווייל איך זאָג דיר דעם אמת אין די אויגען, זאָגט זי, קוקענדיג איהם אין פנים אריין, מיט א געלעכטעריל.

און ער בייגט אוועק דעם קאָפּ, מאכט זיך ברוגז.

— געה שוין נארעלע, דו האָסט עגמת־נפש, איך האָב דאָך מיר נור געמאכט אויף א געלעכטער, דו פערשטעהסט נישט?

אזוי רעדען זיי ביז עס ווייזט זיך דאָס אלטע געזיכט פון דער פאָרהאנג ארויס, עס איז צייט שלאָפען געהן, און די יונגע פאָר געזעגענען זיך.

*

ר' יעקב, פייגעלעס פאטער, ווערט קראנק.

אין אָנהויב ווינטער איז עס געוועזען, דער ווינטער האלט מלחמה

־' יעקב, איהר פּאָטער, איז שוין א יוד אין די יאָהרען, א אויב־געהאָרעוועטער דאָרפסגעהער, געהט קוים מיט די זעק אלטווארג וואָס איז שטענדיג אויף זיינע פּלייצעס.

א שטיקעל שמחה, א שטיקעל נחת דערלעבט אין זיין לעבען, געלויבט צו גאָט.

אַלע פרעהען זיך, צו מייסטען פייגעלע. די באַקען זיינען פרישער און רויטער געוואָרען, די אויגען טונקלער און פייערדיגער.

און אָט זיצט זי ביי דער מאַשין און נייהט; און אין דער גאַנצער שטוב הילכט איהר קול:

„און וואָס איך האָב געוואָלט האָב איך אויסגעפיהרט.
„זאָל איך אזוי לעבען.
„איך האָב געוואָלט א שעהנעם חתן,
„האָט מיר גאָט געגעבען."

און פייגעלע זיצט און נייהט און זינגט.

אויף דער נאַכט קומט אליעזר.

— נו, וואָס מאַכסט דו?

— וואָס זאָל מען מאַכען?

— וואַרט, וועל איך דיר עפּעס ווייזען.

— וואָס אזוינס?

און זי דערהויבט זיך פון איהר אָרט, געהט צו צום קאַסטען, וואָס שטעהט ביים ווינקעלע פון אויווען, נעהמט עפּעס ארויס און בעהאַלט עס הינטער דעם פאַרטוך.

— וואָס האָסט דו דאָרט? זאָגט ער מיט א געלעכטעריל.

— וואָס איילסט דו דיך אזוי, זאָגט זי און זעצט זיך אנידער נעבען איהם, נעמט ארויס פון הינטער דעם פאַרטוך א בילד אויס־גענייט מיט וואָליטשקע „אדם און חוה", און ווייזט איהם דאָס, זאָגענדיג:

— נו, זעהסט, דאָס האָט מיר א מיידעל, א חבר'טע געמאַכט פאַר מיר, פאַר אונז...

— אין אונזער שטיבעל וועל איך דאָס אויפהענגען אויף דער וואַנד, פאַר די בעטען.

— פאַר מיין בעט, צו פאַר דיינס?

— וואַרט נור, אליעזר — וועסט זעהען וועל איך דיר אויס־

גאָר נישט געקענט ביז אהער, נישט געוואוסט ווער ער איז, און בלויז איהם זיצען מיט דרך־ארץ.

אזוי לאנג, אזוי ברייט, אליעזר קומט שוין תמיד אריין, פראנק און פריי צו פייגעלע'ס עלטערן, שוין נישט מיט קיין אויסרייד.

פייגעלע'ס עלטערן האָבען דערקענט אין איהם, אז ער איז איין אָרענטליכער יונגער מאן, א בעל מלאכה, און פערדיענט שען געלד, זיי ווייסען גאנץ גוט צו וואָס א יונגער מאן קומט צו א יונג מיידעל... מאכען זיי זיך ניט וויסענדיג, טראכטענדיג זיך: לאָזען זיך די קינדער בעסער דערקענען וועט מען דערנאָך שמועסען.

ביי נאכט, א קליין שטיבעל, שאָטען בעוועגען זיך אויף די ווענד. א נייער טיש, אויף וועלכען עס ברענט א גרויסער בליטץ־לאָמפּ, דערביי זיצט פייגעלע און נייהט, ביי איהר זיצט אליעזר און לעזט שמר'ס א ראָמאן.

די טאטע מאמע אָנגעהאָרעוועט פון א גאנצען טאָג ארבייט, — שלאָפען אויף זייערע געלעגערס דאָרט אונטער די פאָרהאנג, וואָס פערשטעלט א האלבע שטוב.

און זיי זיצען ביידע — נאָר טיילמאָל מאכט ער זיך א געלעכטער, נעמט זי אָן פאר דער האנד, אויסרופענדיג מיט א שמייכעלע: פייגעלע!

— וואָס ווילסט דו נארעלע?

— גאָר נישט, גאָר נישט.

און זי נייהט ווייטער. טראכט ביי זיך: ביזט אין די לאפּקע, געפּאַקט דיך, נאָר מיין נישט, אז דו נעמסט איינע פון דער גאס אראָב, ווי זי שטעהט און געהט, נאָך אכטציג רובעל פעהלט אין גאנצען צו די דריי הונדערט רובעל אין באנק...

און זי ווייזט איהם איהר אויסשטייער, די העמדער, אין דאָס בעטגעוואנד — וואָס זי האָט שוין די האלבע ליעגען פערטיג אין קאסטען.

---

און נעהנטער זיינען זיי געוואָרען איינער צום צווייטען, וואָס אמאָל, וואָס אמאָל מעהר, אזוי, אז אלע האָבען זיי שוין בעטראכט פאר חתן כלה, וואָס מען וועט א לאדע טאָג תנאים שרייבען...

פייגעל'ס מוטער קלייבט נחת. אזא שמחה, אזא גליק, האָט איהר טאָכטער געטראָפען, אזא יונגער מאן, אזא גאָלדענער יונגער מאן!

בעלייכטען די קעפּלעך פון די זאנגען, וואָס ציהען זיך פוןביידע זייטען וועג.

א ווינדטעל בלאָזט, בייגט איין די קעפּלעך פון די הויכע זאנגען, און זיי שושקען זיך בסוד, און זיי געהען אויפ׳ן לאנגען וועג ווייט אוועק.

עס הויבט אָן נאכט צו ווערען.

און וואָס אמאָל ווערט מעהר פינסטערער, טרויעריגער און ליעבער.

— שוין לאנג האָב איך מיך געוואָלט דערקענען מיר דיר, פייגעלע.

— איך ווייס עס, דו ביזט מיר נאָכגעגאנגען ווי א שאָטען.

זיי שווייגען.

— וואָס קלערסט דו פייגעלע?

— וואָס קלערסט דו אליעזר?

און פּלוצלונג לאָזט מען זיך גאָר אריין אין א טיעפען געשפּרעך פון פערשיעדענע זאכען, מען שמועסט פון דעם, און יענעם, וואָס נאָר די וועלט האָט אָן עק.

און טונקלער ווערט וואָס אמאָל מעהר, וואָס אמאָל מעהר.

זיי האָבען זיך נעהנטער צוזאמענגערוקט.

אָט, נעהמט ער זי ביי דער האנד, זי גיט א ציטער, און וואָס אמאָל מעהר גנב׳עט זיך זיין האנד אין איהר האנד.

פּלוצלונג, ווי פון הימעל אראָבגעפלויגען, בויגט ער צו זיינע ליפּען צו איהר באַק און גיט איהר א קוש.

א פויגעל איז פערבייגעפלויגען...

זי גיט א לייכטען ציטער, נעהמט ארויס איהר האנד פון זיינע און ווערט אביסעל ברוגז׳דיג.

ער ווייסט, אז עס איז נור אזוי געמאכט.

אָבער באלד ווערט ווייטער גוט, אזוי ווי זי וואָלט געהאט פון אלעם פערגעסען.

און אזוי פערברענגט מען א פּאָר שעה, יעדען טאָג גנב׳עט מען זיך ארויס הינטער דער שטאדט...

און אליעזר הויבט אָן אריינצוגעהן צו איהרע עלטערן אין הויז. דאָס ערשטע מאָל מיט איין אויסרייד, ער האָט ארבייט פּאר פייגעלען, און דערנאָך קומט מען, ווי דער שטייגער איז, געוואָהר ווערען ווען די ארבייט וועט פערטיג זיין, און פייגעלע מאכט זיך ווי זי וואָלט איהם

ער גיט א הים, עס הייסט איך בין דא, זי גאר נישט, איך ווייס נישט ווער דו ביזט, און וואס דו ווילסט? וואס געהט עס מיך אן.

זיי שווייגען ביידע, און דאס ווינטעל וואס בלאזט דערצעהלט פון אלעס וואס ביי זיי ביידע אין די הערצער טהוט זיך.

— איך בעט איך, איהר ווייסט נישט ווי שפעט עס איז?

— ניין, איך ווייס נישט, ענטפערט זי איהם שטייף: עס הייסט, איך ווייס גאנץ גוט וואס דו מיינסט; נאר איך דיך נישט אזוי, עס וועט דיר נישט אזוי גיך אנקומען.

און איהר חבר'טע, וואס זיצט ביי איהר שטופט זי: דו הערסט?

זי פערדריסט אביסעל אויף די חבר'טע, זי כאטש, קלערט ביי זיך, אז ער מיינט זי? און באלד וויל זי זיך אויפהייבען פון דער באנק, אבער זי זיצט ווי איינגעקלעבט.

— א שעהנע נאכט, וואס ניין?

— יא, א שעהנע נאכט.

אט אזוי פערלענגערט זיך דאס געשפרעך, ער א פראגע, זי א אנטוואָרט, מען רעדט פון פערשיעדענע זאכען, צום ערשט מיט שרעק, מיט הארץ־קלאפעניש, דערנאך רוקט מען זיך נעהנטער איינער צום צווייטען און מען ווערט גאר היימישער.

זי געהט אהיים, ער פיהרט זי אב. מען דערלאנגט זיך די הענד, און מען זאגט זיך: אויף ווידערזעהען.

און א צווייט מאל, און א דריט מאל, טרעפט מען זיך צוזאמען, יונגע הערצער ציהען איינס צום צווייטען ווי מאגנעט. אין אנהויב, פערשטעהט זיך דורך א צופאל, דורך א טרעפעניש האט מען זיך פונקט געזעהן, געטראפען אין געזעלשאפט פון נאך צוויי פון איהרע חבר'טעס און זיין קאלעגע, און צו ביסלעכווייז, פיהלט מען עפעס, אז מען דארף זיך אליין זעהען, הינטער צוויי אויגען... און מען שמועסט זיך טאקע אב, אין דער שטיל זיך אליין צו בעגעגנען.

און ביידע האבען זיך געטראפען.

פערגאנגען זיינען זיי זיך ארוים א הינטער דער שטאדט, צווישען הימעל און פעלד, מען געהט און מען רעדט, אבער פונקט ווי זיי וואלטען וויסען, אז דאס געשפרעך איז נור געמאכט, שווייגען זיי ליעבער.

פאר נאכט, די לעצטע שטראהלען פון דער זון בעגאלדענען און

אָבער אַמאָל ווי גרויס איז דיר דאָס פּערדרוס, דאָס עגמת־נפש, ווען דו געהסט אַדורך, און ער בעמערקט דיך נישט נאָר קוקט אויף יענע, אויף מלכה'ן, וואָס געהט אַנגעטהאָן דעם נייעם זשאַקעט מיט דעם קאַפּעלויש, און עס פּאַסט איהר ווי אַ הונד אַ שלייער, און ער קוקט דאָך אויף איהר, און דו דרעהסט זיך נאָך 8 מאָל, און נאָך אַ מאָל, מאַכסט דיך נישט וויסענדיג (עס פּאַסט דאָך נישט), נאָר פון הינטער־ווייַלעכס וואַרף אויגען און דו זעהסט, ווי ער קוקט נור אויף מלכה'ן און זיין גאַנץ פּנים לייכט פאַר פרייד, ער שטופּט זיין קאָלעגע, ווי זאָגענדיג: „דו זעהסט?“ האָב דערנסטמאָל אַן אייזערן האַרץ, אַ שטאָ־גענע גאַל, אַז זי זאָל דיר נישט פּלאַצען פאַר קרענקונג.

טאַקע, דערנאָך, אַז ער בעמערקט זי, נו מוז זיך שוין מלכה אָב־טראָגען אין אַ זייט. אָט דערהויבט ער זיך שוין אויף פון באַנק, שלעפּט מיט דעם קאָלעגע און געהען נאָך, נאָך, ווי אַ שוואַרצער שאָטען. איין מאָל דורך, קוקט, גוט שבת! שאָקעל איהם צוריק מיט דעם קאָפּ שטאָלץ. עס הייסט גאָר נישט... עס איז מיר אַלעם איינס, וועל איך נאָר אַריינגעהן אין אַן אַנדערע אַלעע, אָט איז ער אויך דאָ, ער געהט נאָך. ער געהט נאָך ווי אַ בייזער שילדער.

און דערנסטמאָל איז אַזוי גוט, אַזוי פיין. דו מאַך זיך גאָר נישט קוקען, גאָר איהם נישט בעמערקען, נאָר געה דיר שטייף, פעסט, דעם קאָפּ אין דער הויך, און ער קוקט און געהט נאָך, כאָטש אין עק וועלט, אין פּוסטע מדבריות געהט ער דיר נאָך, כאַ, כאַ, אַזוי גוט, אַזוי פיין.

נאָר איינמאָל, אין אַ שבת פאַרנאַכט, אין גאָרטען, אַזוי געהענדיג מיט איהרס אַ חבר'טע, און ער געהט פון הינטען נאָך, איז זי זיך פער־קראָכען אין אַ פינסטערע אַלעיע, זיך אַנידערגעזעצט אויף אַ באַנק, וואָס שטעהט הינטער אַ פולען געדיכטען צווייגענבוים.

ער קומט אָן און זעצט זיך אויך אַנידער, אויף דעם צווייטען עק באַנק.

פאַרנאַכט, די הויכע פולע צווייגענבוימער פערשאָטענען, פער־פינסטערען און דונקעל ווערט, מען ווערט פערשטעלט, בעהאַלטען פון מענשענס אויגען.

אַ ווינטעל בלאָזט, גרינג און ליעבליך, עס ווערט אַביסעל קיהל.
און דאָ איז אַזוי גוט, די הערצער קלאַפּען אין דער שטיל.
ווער וועט פריהער אָנהייבען?

# אַ פּשוט'ע מעשה

פייגעלע האָט ליעב ווי אַלע יונגע מיידלעך זיך צו כטרויען און צו פּוטצען.

אין דער וואָכען האָט זי קיין צייט ניט צו אַזוינע נאַרישקייטען, אַרבייט איז דאָ אָהן עין־הרע און נייהען מוז מען. דירה־געלד קאָסט טייער און די צייט איז שלעכט. דער טאַטע פערדיענט ווענינ און צו די דריי הונדערט רובעל נדן פעהלט נאָך גאָר אַ סך, דערצו נעהמט די מאַמע פון נדן צו ביסלעך אויף שבת, ווען עס פעהלט איהר אויס.

— התנים זיינען דאָ ווי די הינד, אָבער יעדער הונד וויל אַ פעטען ביין, — פּיקט אַ געדאַנק אין איהר קאָפּ.

קלערען פיעל האָט זי פיינט. אַ יונג מיידעל, און שעהן. אמת, מען טאָר זיך נישט איינרעדען, אָבער דאָך, ווען זי שטעהט ביים שפּיגעל, זעהט זי פאר זיך איהר ליכטיג פנים מיט איהרע ראָזע באַקען, און ווי די שווארצע האָר לאָזען זיך אראָב. נאָר באַלד פערגעסט זי זיך אין דעם, ווי גלייך זי וואָלט מורא האָבען, אז זי זאָל זיך קיין עין־הרע נישט געבען.

שבת איז שוין גאָר איין אַנדער זאַך, דענסטמאָל איז דאָ צייט צו דעם, און דאָס פּוטצען, דאָס כטרויען — נעהמט קיין ענדע נישט. די מאַמע שרייט: פייגעלע, שוין גענוג זיך געפּוצט, ביזט אַזוי אויך שעהן. נאָר וואָס ווייסען אַלטע ווייבער? פאר זיי איז אַזוי אויך גוט. אָהן אַ קאַפּעלוש און אָהן אַ זשאַקעט איז אויך רעכט.

אָבער אַ יונג מיידעל ווייכט וואָס דאָס בעדייט, דאָרטען אויף דער באַנק זיצט ער — אליעזר מיט נאָך אַ חברה קאָלעגעס און וואַרפען אויגען. ער מיינט אַז מען ווייסט ניט, קוקט מיט זיינע גנבה'שע אויגען, שטופּט דעם צווייטען קאָלעגע: „זעהסט, פייער אין פלאַם“, און זי, פייגעלע, מאַכט זיך ווי גאָר נישט, זי נעהט אדורך, גלייך, קאַלט־בליטיג, נישט ווי זי וואָלט מען געמיינט, פון הינטען קוק, קוק נאָך, אין נעהם דיר דאָס לעבען, הענג דיך אויף....

הייסען דאָס ליעד פון „די דינה“, און עס האָט זיך אָנגעהויבען ווי אַלע אַנדערע ליעדער:

„הערט אוים איהר מענשען פון דער וועלט
וואָס האָט זיך געטהון פערלויפען...“

מיט דעם ליעד האָט מען קינדער איינגעשלעפערט אין יענע קאָנ־טען אַ צייט מיט יאָהרען, ביז עס האָט זיך ניט געמאַכט די סבה פון דער „דערטרונקענער כלה“, פון וועלכער גדליה קלאַרנעט האָט פער־פאַסט אַ הערליך ליעד, וואָס האָט געהייסען „דאָס ליעד פון דעם גע־שטאָרבענעם אנגעל“.

צוויי בעלי־בתים און האבען איינגערוימט א סוד אין אויער דעם שטאדט־כטראזשניק, אז עס איז געקומען צו פאהרען „א דינה", יונגען נעהמען געלד צוזאמען, און שבת וועלען זיי אין וואלד עפעס א יונג פאר א קעניג מאכען...

דערווייל האבען זיך די חברה פארגעברייט צו מאכען דעם קינפטיגען שבת די גענעראל־פראבע אין „פעלנא פארב". באלד נאכ'ן מיטאג איז מען זיך צוזאמענגעקומען. אייף א בערגעל אין וואלד איז געווען די כצענע. ארום האט זיך אויסגעשטעלט דער „האר" און האט געגעבען א זאג אב א שטיקעל מיט'ן „קנאק"; דערנאך איז א געהארויס דער הויכער יונג מיט דער קאסקע אויפ'ן קאפ און א רויטען לאמפאס איבער די קאפאטע. די יונגען האבען איהם געגעבען א זעין אנידער אויף דעם טהראן, וועלכער איז געמאכט געווארען פאר'ן „קעניג צעזאר". פאר דעם קעניג האט זיך געגעבען א שטעל אנידער „בר־כוכבא" מיט א גרויסען שווערד אין דער האנד. אין א צווייטען ווינקעל איז דערווייל געשטאנען גדליה קלארנעט מיט א געל אבגעפארבט פנים און האט חנ'דלעך געמאכט צו „דער דינה", וועלכע איז געווען אנגעטהון אין א קורין קליידעל מיט א קרוין אויפ'ן קאפ...

עס האט זיך אנגעהויבען דאס ריכטיגע שפיעל. בר־כוכבא האט געגעבען א טרעט ארויס פאר'ן קעניג און געגעבען א מאך אזוי:

„איך בין בר־כוכבא, דער יודישער העלד,<br>פאר מיר טהוט ציטערן די גאנצע וועלט."

דא איז אנגעקומען צו לויפען דער כטראזשניק אין וואלד אריין. ליבעל היטעל־מאכער, אונזער בר־כוכבא, האט אוועקגעווארפען די שווערד און געמאכט פליטה, נאך איהם די חברה מיט'ן קעניג, מיט די מיניסטארען און מיט דעם גאנצען קלאפער־געצייג. זיי האבען נאך זיך איבערגעלאזט „די דינה". דער כטראזשניק האט זי געהאפט מיט דער שווערד אין דער האנד, און האט זי געפיהרט אין וואך אריין.

„דינה" איז נעזעסען אין וואך, און יונגען האבען זיך פאר'ן פענסטעריל געדרעהט און אהין אריינגעווארפען צוקערלעך מיט שאקאלאדקעס, און זי האט פון וואך־פענסטעריל ארויסגעזונגען „דאס ליעד פון די געפאנגענע"....

דערנאך אז מען האט די „דינה" מיט'ן עטאפ אבגעשיקט קיין לאדז, האט גדליה קלארנעט פערפאסט א ליעד אויף דעם, וועלכעס האט גע־

יונגעלעך זיינען איהר נאָכגעלאָפען און געטייט אויף איהר מיט די פינ־גער: א דינה! א דינה!

איינגעשטאַנען איז „די דינה“ ביי גדליה קלאַרנעט אין צווייטען שטיבעל. חברה פון דער טרופע זיינען געקומען צו איהר מיט א „וויזיט“, און מיטגעבראכט מיט זיך פאר „די דינה“ פרעזענטען: ווער א שטיקעל שמעקעדיגע זייף, „א פלעשעל פעראָפאָמע“, אָדער פיער לויט „לאַנדארין־צוקערלעך“. „די דינה“ איז זיך געזעסען אויף א קאַנאפעלע און זי האָט ארויסגעוויזען די ראָזע „שטרימף“ פון קורצען קליידעל.... ביי איהר איז געשטאַנען א רינדעס טהיי־טייטעל און אויף דעם טיישעל איז געלעגען א „העבפט אינטערעסאנטער ראָמאַן“. אין האַנד האָט זי געהאַלטען דאָס קלאַפּערעל און צוגעקלאַפּט זינגענדיג דאָס ליעד פון „די דינה“ אין „בר־כוכבא“:

„אזוי לאַנג ווי די זאַנג איז יונגער,
„איז דער קאָרען מאָגער, גרינגער;
„אזוי לאַנג ווי די זאַנג איז יונגער,
„לאָזט מען זי צורוה....“

איז ארייגעקומען א יונג, האָט ער זיך געגעבען א פערנייג און ער האָט זיך אזוי פאַרגעשטעלט:

— האבע די עהרע מיך פאָרצושטעלען נאָטע שאַבשאָוועטץ.

— זעהר מיר אנגענעהם — האָט זי געזאָגט און האָט די הענד צו איהם אויסגעשטעקט.

דער יונג איז רויט געוואָרען און האָט זיין פרעזענט אנידערגעלעגט אויפ׳ן טהיי־טישעל, זיך אנידערגעזעצט און אָנגעהויבען „שפרעכען“ וועגען דרייפוסען...

און אין שטעדטעל האָט זיך אָנגעהויבען א גערודער, זאָל גאָט אָבהיטען. פון אַלע שופלאָדען האָט מען געלד גע׳גנב׳עט צו קויפען פרעזענטען פאר „די דינה“; חתנים האָבען כלות אוועקגעוואָרפען און געקומען מיט „וויזיטען“ צו „די דינה“, קינדער האָבען פון די מאַמעס פארטיכער געלד ארויסגע׳גנב׳עט און געקליבען אויף בילעטען. און די גאַנצע שטאָדט יונגען, אזוי גרויס ווי קליין, האָבען זיך אַלע איינגע־ליעבט אין „די דינה“, אוועקגעוואָרפען די ארבייט און גדליה קלאַר־נעט׳ס שטוב בעלעגט, און געזונגען ליעדער...

די שטאָדט איז געוואָרען אונרוהיג, ביז עס האָבען זיך געפונען

האָט אַ יונג פאַרגעשלאָגען, אז מען זאָל אַליין מאכען אין שטעדטעל אַ „טרופּע" און מען זאָל אָבשפּיעלען דאָס שטיק „בר כוכבא". דעם עולם איז דער פּראָיעקט זעהר געפעלען, און עס איז געוואָרען בע־שטימט, אז מען זאָל מאכען „קוויטלעך"; יעדעס „קוויטעל" זאָל קאָס־טען פינף קאָפּעקען, און יעדער יונג, און יעדע מויד, וואָס וויל ארייג־טרעטען אין די „טרופּע", מוז קויפען יעדע וואָך אַ „קוויטעל" פאַר פינף קאָפּעקען און דאָס געלד וועט געהן אויף די טרופּע.

יעדען שבת נאָכ'ן עסען זיינען זיך חברה צוזאמענגעקומען אין שטאָדט'ס וואלד אריין, די קאפּעל־מייסטער זיינען טאקע געוועזן לייבעל היטעל־מאכער מיט גדליה קלארנעט, וועלכע האָבען אויסגעלערענט דעם עולם די „שטיקלעך", וואָס דער „חאָר" דארף זינגען. לייבעל אַליין האָט געזאָלט זיין „בר־כוכבא". גדליה'ן, ווייל ער פינטעלט מיט די אויגען און שאָקעלט צי מיט דער גאָמבע, האָט מען צוגעמאכט אַ געל בערדעל און ער איז געוואָרען „פּאפּוס". דעם העכסטען און שטארקס־טען יונג האָט מען אויסגעזוכט פון דער חברה און געמאכט פאַר'ן „צעזאר".

געפּעהלט האָט נאָך אַ „דינה". האָט לייבעל פאַרגעשלאָגען שבת אין וואלד, אז יעדער יונג זאָל זיך מתחייב זיין עפּעס צו געבען אויף אַ „דינה" און מען זאָל אויסשרייבען אַ „דינה" פון לאָדז...

צו מאָרגענס איז גדליה קלארנעט מיט לייבעל היטעל־מאכער ארומ־געגאנגען אין אַלע ווערקשטעלען און האָבען צוזאמענגענומען אויף אַ „דינה". און אַז עס האָבען זיך צוזאמענגענומען אַ פּאָר גילדען, האָט לייבעל מיט לייזער שפּידיטער מיטגעשיקט אַ בריוועל מיט אַ פּאָר גיל־דען קיין לאָדז, און פרייטאג אויף שבת איז אראָבגעקומען אין שטעד־טעל אריין אַ „דינה".

דאָט זיך מיט אמאָל געוויזען אין שטעדטעל „אַ מיידעל מיט אַ קורין קליידעל", וועלכע האָט געטראָגען אַ פּאָר ראָזע שטרימפּ, וואָס זיינען געוועזן ווי ארויפגעגאָסען אויף איהרע דינע, נאָר זעהר געשיקטע פיסלעך, אויף די פיסלעך אַ פּאָר רויטע פאנטאָפעלעך מיט הויכע קלאָמצען; און געטראָגען האָט זי אַ רונדיגעס שטרויענעם מענישעם קאפּעלושעל אויף איהרע קורין געשווירענע האָר. דערצו נאָך אזעלכע בראָשקעלעך, מיט בראָנזעטעלעך... און אַ גאַנצע חברה מיידלעך מיט

שטאָדט פערשפּרייט ווערען: קינדער האָט מען דערמיט איינגעשלע־
פערט, דאָס קלאָפּעריי פון נעה־מאַשינען האָט עס פערשטימט. און
ניישט איינמאָל האָט זיך געטראָפען, אז מען האָט גדליה׳ן טאַקע די ביי־
נער אונטערגעהאַקט פאַר אַזעלכע ליעדער, נאָר עס האָט גאָרנישט גע־
האָלפען, ער האָט שוין געהאַט אַזאַ טבע...

איז אראָבגעקומען פון לאָדז צופאָהרען אין שטעדטעל אַרייז ליי־
בעל היטעל־מאַכער, אַן אכטצעהן־יעהריגער בחור פון גדליה קלאַרנעט׳ס
חברה. ער האָט מיטגעבראַכט פון לאָדז אַ היטעל מיט אַ קליינער
דענגע; אַ פּאָר געקנייטשטע שטיוועלעך לויט די נייעסטע מאָדע, וועל־
כע האָבען געטהון אויף סקריפּען, און אַ נייעס ליעד, וועלכעס הייסט
„אויף דער בריק". אין דעם ליעדעל ווערט „פּויערגעזונגען", ווי אַ מיי־
דעל געזעגענט זיך אָב „מיט איהר ניי־געבוירען קינד", „וועלכעס איז
געקומען איבער אונשולדיגע זינד" און די יונגע מוטער לאָזט עס איבער
איינס אַליין ביי דער בריק. דאָס ליעד האָט אַ גרויסען רושם אָנגע־
מאַכט אין דער שטאָדט: מיידלעך האָבען פיעל טרעהרען דעריבער
פערגאָסען, און בחורים האָבען זיך אַ גרויכען מוכר אראָבגענומען...

„און די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען אין אַ רויט געשטאַלט"
„און דער הימעל האָט זיך געהילט אין אַ פּינצטער קלייד". „דאָס
שטעדטעל איז זיך שוין געגאַנגען שלאָפען לעגען" און פּאַר גדליה קלאַר־
נעט׳ס טהיר זיינען געזעסען חברה קאָמאַשען־מאַכערס מיט נייטאָרינס,
גדליה קלאַרנעט׳ס ביכער־לייענערס, און איבער דעם שלאָפענדיגען
שטעדטעל האָט געקלונגען אַזאַ ליעד:

„געהט דער גראף אין וואַלד אַליין,<br>
„טרעפט ער אַ מיידעל ביים בוים שטעהן.<br>
„— מיידעל׳לע, מיידעלישי,<br>
„וואָס טהוסט דו אין וואַלד אריין?<br>
„איך בין געגאַנגען אין וואַלד אריין,<br>
„און ווייס ניט וואו אהיים צו געהן..."

צווישען דער חברה איז אויך געווען לייבעל היטעל־מאַכער. ער
האָט זיי פערצעהלט פון לאָדזער יודישען טהעאַטער, אז ער איז דאָרט
אַ גאַנצער מאַכער; ער קען זיך מיט די ארטיסטקעס און מיט די אר־
טיסטען. און ווי מען הויבט נאָר אָן שפּיעלען, איז ער שוין הינטער
די סצענע... און אַזוי ווי מען האָט געשמועסט פון יודישען טהעאַטער,

# אַ „דינה"

אין דער שטאדט האָט זיך געפונען א יונגער מענש, וועלכען מען האָט גערופען גדליה קלארנעט. דער גדליה קלארנעט איז געווען א גרויסער בקי אין אלע העכסט־אינטערעסאנטע ראָמאַנען, וואָס געפינען זיך נאָר אין דער זשאַרגאָנישער ליטעראטור. דעריבער טאַקע האָט ער זיך געמאַכט נאָך דער התונה א „שטיבעל", ד. ה., ער האָט אויסגע־באָרגט ביכער צום לעזען. דאָס איז נאָך ניט געוועזן זיין עיקר פּרנסה. פון די ראָמאַנען האָט ער זיך אויסגעלערנט שעהנע ליעבעס־בריעף שרייבען; זיינען געקומען צו איהם פערליעבטע מיידלעך און פערליעב־טע בחורים, ליעבעס־בריעף לאָזען שרייבען. א פּראָסטער ליעבעס־בריעף האָט געקאָסט צוואנציג גראָשען, נאָר גאָר א העכסט טראַגיישער ליעבעס־בריעף, למשל, אז דער פערליעבטער זאָגט אָב ודוי פאר זיין „אנגעל" איידער ער געהט זיך הענגען, ווארפען זיך אין וואסער אריין, האָט געקאָסט א גילדען. ווייטער האָט זיך געפונען ביי איהם א פאָנאָ־גראף, וואָס האָט געהאט צוועלף רעהרען, און פאר א צווייער האָט מען געקריגען צוויי רעהרען און מען האָט געהערט דאָס ליעד: „וואָס וועט זיין אז משיח וועט קומען". אויסער דעם האָט גדליה קלארנעט גע־לערענט בחורים „נאָטען" אויף פּיעדעל שפּיעלען.

דער גדליה קלארנעט האָט געהאט א טבע, אויף אלעס, וואָס האָט זיך פערלאָפען אין שטאָדט, צו פערפאסען א ליעד אויף צו זינגען: האָט א חתן די כלה איועקגעוואָרפען; האָט מען די מקוה פער'חתמעט און די ווייבער זיינען געקראָכען איבער'ן דאך — איז שוין געוואָרען פערפאסט א ליעד. יעדעס ליעד האָט זיך אזוי אָנגעהויבען:

„הערט אוים מענשען פון דער גאנצער וועלט
וואָס האָט זיך געטהון פערלויפען..."

ביי איהם זיינען זיך צוזאמענגעקומען אלע קאמאשען־מאכערס און שניידער־געזעלען, וואָס האָבען גענומען ביכער צום לעזען, — פלעגען זיי זיך דאָס ליעד אויסלערנען, און דאָס ליעד פלעגט שוין באלד אין

דער גרויער טאָג־שיין האָט בעגרויט באַשטן, וועלכע איז געלעגען אויף איהר שעניק, אראָבגעוואָרפען פון זיך דעם פּאָטער'ס פעלץ, עס האָט זיך געוויזען די נאקעטע פיס ארויסשטארענדיג פון די רויטע האלקע און די געדיכט שווארצע צעפּ זיינען געווען צוזאמענגעדריקט אויף איהרע רויטע אָבגעלעגענע באקען...

דער יונג איז געלעגען שטיל, געשטויגען אין האַרץ און אין קאָפּ.

און די נאַכט איז געווען אין וואַסער און דאָס וואַסער אין דער נאַכט. און ביידע אין די אָרימס פּערזונקען זיינען ערגעץ־וואו געווען פערוואָרפען, און שטיל איז געווען אַרום און אַרום, ווי די וועלט וואָלט דעם אָטהעם אויפגעהאַלטען, וואַרטענדיג מיט שרעק אויף עפּעס...

נור צייטען־ווייס האָט די לאָדקע אין וואַסער זיך בעוועגט, און דאָס וואַסער האָט אין דער שטיל און אין דער פינסטער דעם ברעג געקושט, געגלעט און געקיצעלט...

---

אין דער וועלט איז עפּעס געשעהען. פערנעפּעלט נאָך אין טונקלען שלייער, און דאָך ווייכט מען ניט ווי אַזוי — אין דעם נעפּעל הייבען זיך שוין אָן אָבצושיידען דער הימעל פון וואַסער, עפּעס זעהר אַ גרויעס, ווי וואַסער פון אַ גרויען ים האָבען זיך אַריין פערבלאָנדזשעט אין פינסטערן נאַכט ים אַריין, און האָבען פערגרויעט די וועלט. אַרום און אַרום איז אַלעס געווען פערהאַנגען נאָך אין דעם גרויען נעפּעל, און די בערלינקעס, די הייזלעך אַרום בייב וואַסער, וואָס זייערע סילוועטקעס האָבען זיך געריסעוועט פון נעפּעל, האָבען דעם איינדרוק געמאַכט פון אַ „ניכטערן“, וואָס איז ערשט אויפגעשטאַנען פון שלאָף, און נאָך פאַר „מה טובו“... נור וואָס אַ מאָל מעהר, זיינען די בערלינקעס בולט’ער אַרויסגעקומען פון נעפּעל. די אייזערנע בריק האָט זיך פון דערווייטען געוויזען, און צווייטען די ויילען אויף וועלכע זי ליגט, האָבען סילועטקעס פון רעכער, דעכער און דעכער, געריסעוועט זיך אויף אַ גרויען גרונד....

פּשאָריק איז געשטאַנען ביי’ם ברעג פון דער ווייכסעל, געקוקט אָהנע צו וויסען אַליין, ווייט אין האָריזאָנט, און האָט דאָס מויל ברייט אויפגעעפענט, די הענד משונה פערבראָכען, און ברייט געגענעצט — עס האָט זיך ניט געלוינט.

די גרויע וועלט אַרום און אַרום האָט פּשאָריק’ן נאָכגעגענעצט: עס האָט זיך ניט געלוינט.

אין דעם גרויען טאָג שיין — צווישען אַנדערע בערלינקעס, איז אויף ענטפּלעקט געוואָרען אהרן כל־מירס פון קאַזמערס בערלינקע.

שווארצע חיות זיינען מיט זייערע לאַפּעס אין וואַסער איינגעזונקען, און דאָס שטערענדעל, דאָס אויג, שיינט זיך אין זייער שטערן.

פּשאָריק איז אין דער שטיל צוגעקראָכען, אויף אַלע פיער, צו דער בערלינקע. און ליגענדיג מיט'ן קערפּער אויפ'ן ברעט, וואָס ליגט פון ברעג צו דער בערלינקע, האָט ער זיין האַנד אין די בערלינקע אריינ־געשטעקט צו גנב'ענען אויבס —

ער איז געלעגען אויפ'ן ברעט, און מיט דער האַנד אין דער שטיל געטאַפּט אין דער בערלינקע. פּלוצלונג, איז ער שטיל רוהיג געבליבען. דאָס הארץ האָט אין איהם הויך אויפגעהערט צו קלאַפּען ווי ביז יעצט, נור אין דער שטיל זיך בעוועגען. זיין האַנד האָט זיך אריינגעקנעטען אין עפּעס רונדיגעס, ווייכעס און ווארימעס. דער יונג איז געלעגען. ער האָט מורא געהאַט צו קלעהרען, אז מען זאָל זיינע געדאַנקען ניט הערען, מיט'ן הארץ מורא געהאַט צו פּיהלען, און די האַנד אזוי ווי זי האָט זיך אריינגעקנעטען פון אויר מיט אַמאָל, אזוי האָט זי זיך אין ווארימעס געהאַלטען. דאָך, נאָכ'ן ערשטען בעראַשונג — האָט דער יונג געפּרוואווט די האַנד ווייטער צו שיקען... עס האָט זיך געלאָזט — דאָס ווייכע, האָט ער געפּיהלט, ווי עס ערוואַרימט זיך, עס זידט הינ־טער זיין האַנד. און איין געפּיהל האָט איהם אָנגענומען: ער האָט אין זיין האַנד עפּעס לעבעדיגעס מיט א רצון... און דעם יונג האָט עס געצויגען... ער האָט זיך אין דער מחשבה געמאַכט פערגעסען פאַר זיך אליין וואו ער איז, וואָס עס איז, נור ער האָט זיך געגליטשט נעהנטער, נעהנטער... און ער האָט דערפּיהלט ווארימעס און ווייכעס...

ער איז געבליבען ליגען איינגעזונקען, ווי מען מען וואָלט איהם ארויף געוואָרפען, ער האָט דערפּיהלט א ווארימען אָטהעם, וואָס האָט איהם ארומגענומען ווי הינטער א ווארימער דעק... און ער איז געבליבען ליגען אָהנע זיך צו בעוועגען, נור געגנאָרעט מיט זיין פּנים אין א ווייכען, ווארימען האַלז, וואָס האָט זיין פּנים אין זיך אזוי ווייך אריינגע־נומען ווי אין א ווארימען פּוך.

דאָס „ווארימע", דאָס „ווייכע" האָט זיך הינטער איהם געלאָזט ליגען אזוי שטיל, אזוי אָהנע זיך צו בעוועגען, ווי עס וואָלט גאָר קיין לעבענדיגעס ניט געווען. נור דער הייסער אָטהעם, וואָס האָט זיך גע־טראָגען פון די נאָז־לעכער האָט אויף זיין נאַקעטען הארץ געקלאַפּט, אין הארץ זיך אריינגעצויגען און געוואַרעמט...

אויערען געצויגען, — אָבער זעה, גוטער ברודער, אז דו זאָלסט מיר נישט צווישען מיינע פינגערלעך ארייןפאַלען.

— צייט געווען, צייט געווען — האָט אהרן מסכים געווען.

— ניטשעוואָ — האָט פשאָריק זיך פון סטראַזשניק'ס האַנד ארויסגעדרעהט.

---

אז מען האָט שוין די בערלינקע ביין ברעג פערפעסטיגט, איז באַשע געגאַנגען אין נאָהנטען געוועלבעל אריין, איינקויפען די נויטיגע זאכען.

עס איז שוין געווען האַלב טונקעל. די נאַכט האָט געשוועבט אין די לופטען, און צווישען די קופּעס שטיינער וואָס ליגען פאַר'ן ברעג, צוריק געהענדיג מיט די זאַכען פון געוועלבעל צו דער בערלינקע — האָט זי פּשאָריק'ען בעגעגענט. זי האָט געוואָלט פלינק פערביילויפען, פּשאָריק האָט אָבער איהר דעם וועג פערהאַלטען, און זי ביי די האַנד אָנגענומען, שעלמיש איהר געקוקט אין די אויגען.

די מויד האָט זיך געוואָלט פון איהם ארויסרייסען, ער האָט זי אָבער צו פעסט געהאַלטען, און זי האָט מורא געהאַט, אז דער צוקער מיט דעם טהעע זאָלען זיך איהר נישט אויסשיטען, האָט זי זיך שטום געוועהרט; ער האָט זי אָבער פעסטער ארומגענומען און צו זיך געדריקט.

די פּראָווינציאַלע מייד, וואָס קיין אויג האָט זי קיינמאָל ניט ביי זיי אין שטעדטעל אָנגעריהרט, — איז רויט געוואָרען. עס האָט אין איהר עפּעס אָנגעהויבען צו קאָכען... אין ניט וויסענדיג אליין האָט זי דעם יונג מיט אזא קראַפט פון זיך געגעבען א שטויס אָב, אז דער יונג האָט זיך איבערגעקויקעלט, און פלינק צו דער בערלינקע צו.

---

עס איז געווען נאַכט, נור ניט די נאַכט האָט געהאַנגען איבער'ן וואַסער, — די נאַכט אין וואַסער, דאָס וואַסער אין די נאַכט, פערזונקען אין די אָרעמ'ס זיינען זיי ביידע ערגעץ־וואו געווען פערוואָרפען. זעלטען וואו האָט אין די נאַכט א אויסגעהענדיג שטערענדעל געבלאַנדזשעט, און דאָס וואַסער איז אזוי שטיל געווען, אז דאָס פּליסקערן פון א וואַל גאַניז טיעף, האָט זיך געדאַכט, ווי א שטילע לאַנגע מעשה פערצעהלט פון א שטילער נשמה. טיעף אין דער נאַכט האָבען זיך דאָ און דאָרט געטוקט ליכטלעך, און עס האָט זיך געדאַכט, ווי אונענדליכע,

רענדיג צום שילעך צו, האָט זיך געדאַכט, אַז אהרן מיט זיין בערלינקע שפּאַלטען און שיידען דעם הימעל פון וואַסער אָב, — וואָס אַ לייכט ציטערנדיג נעפּעלע האָט קוים צוזאַמענגעוועבט דאָרט אין עק וועלט דעם הימעל מיט וואַסער, און עס האָט זיך געדאַכט, אַז עס זיינען צוויי הימלען...

אָנקומענדיג צום שילעך צו, צווישען די פיעל אַנדערע קליינע שיפלעך, וועלכע זיינען אָנגעבונדען ביים ברעג, האָט באַשע בעמערקט פון דערווייטענס „פּשאָריק'ען", אַ אָבגעריסענעם ווייכסעל יונג, וועל־כער היט נור אָב די בערלינקעס מיט אויבס, אַז ער זאָל קענען עפּעס בעקומען.

באַשע האָט זיך אָבגערופען צום פאָטער:

— זעה, פּשאָריק וואַרט אונז שוין אָב.

— דער דראָנג איז דאָ, האָט אהרן געזאָגט, קוקענדיג אויפ'ן דראָנג, וואָס איז ביי איהם געלעגען.

זיי זיינען אָנגעקומען צום ברעג, אהרן האָט אַראָבגעלאָזט דאָס אייזען אין וואַסער אריין, אַרויסגעקראָכען, אָנגעבונדען די שטריק ביי דעם נאָהענטסטען בוים. פּשאָריק איז צוגעקומען, נעהמט אָן די שטריק און געהט העלפען.

— איך דאַרף דיך נישט, נור מאַך דיר נישט קיין פוסעל — האָט איהם אהרן אָבגעשטופּט.

— זעהט נור, וואָס האָט איהר מורא, איך וועל אייך אַ שטיקעל אָבבייסען?

— מען וועט זיך קענען אָהר דיר אויך בעגעהן, — האָט איהם באַשע פון דער בערלינקע אַראָבגעוואָרפען.

— הע, אַ רוח איהר אין די אויגען — האָט פּשאָריק צו איהר אַ שעלמישען ווינק אהין געוואָרפען.

— דו פּשאָריק געך, געהסט דו אוועק — האָט באַשע געחאַפּט דאָס דרענגעל.

עס איז דערווייל צוגעקומען דער סטראַזשניק וואָס שטעהט דאָרט. גאַנץ שעהן זיך געוויטעוועט מיט אהרן'ען, אהרן האָט זיך דאָס היטעל אַראָבגענומען. פּשאָריק פון דער ווייטען האָט אויך מיט'ן הוט געגריסט.

— אַ גוטער יונג, האָט דער סטראַזשניק געקלאַפּט פּשאָריק'ען אויפ'ן רוקען, און מיט די צווייטע האַנד איהם דעם הוט איבער די

# עס האָט זיך ניט געלוינט

(אַ בילד)

---

דער פאַרנאַכט האָט זיך ליכט, ווי מיט צערטליכע טריט איבער־געצויגען איבער דעם ווייטען ווייכסעל ברעג. דאָס וואַסער האָט זיך רוהיג, ווי צום איינשלאָפען, געוויעגט אין זיין ברייטען ראַנד, און ווייט אין דער וועלט אריין אַ שטומע בערלינקע פערפיהרט... ביים עק הימעל, דאָרט ווייט וואו עס האָט זיך שוין געריסעוועט די אייזערנע בריק הענגענדיג אין דער לופטען, האָט זיך דער הימעל אין איין רויט פייער געפלאַמט. דער ברענענדיגער הימעל האָט ארויסגעקוקט פון צווישען די געמויערטע זיילען, אויף וועלכע עס ליגט די אייזערנע בריק, און אין דעם רויטען הימעל האָט זיך געריסעוועט הויכע שפיצען פון קירכען, קירכען און קירכען. עס האָט זיך געדאַכט אז די גרויסע נשמה פון דער גרויסער שטאָדט וואַרשע ברענט זיך און בראָט זיך דאָרט אין גיהנום איבער איהרע פיעלע זינד, וואָס ווערט אין איהר אָבגעטהון דורך דעם לאַנגען הייסען זומער טאָג...

אויף דעם וואַסער, פון קאַזמער צו, איז געשוואומען אַ בערלינקע מיט אויבס אין דער גרויסער שטאָדט אריין. באַשע, אהרן „כלי־מיר'ס" אויבס־הענדלער'ס טאָכטער האָט זי געפיהרט. אַ געזונדע, רויטע מויד, וואָס נור אין דער פּראָווינץ אליין, אין די כעדער קען נאָך אזעלכעס אויפוואַקסען, און אהרן אליין האָט מיט דעם שיפלער נאָך געשטופּט. עס איז שוין געווען סכות־צייט. אהרן כאַדאָווניק האָט דאָס אויבס פון די בוימער אַראָבגענומען, און געפיהרט עס נאָך וואַרשע מיט דער בערלינקע. דער ווינד האָט אהרן'ן דאָס לאַנגע שוואַרצע באָרד צובלאָזען, די שפּאַלטען פון זיין קאַפּאָטע פערשפּרייט, עס האָבען זיך ארויס־געוויזען די ציצית. דער ווינד האָט דאָס טיכעל פון באַשע'ס קאָפּ אַראָבגעריכען, צעלאָזט איהר די שוואַרצע געדיכטע צעפּ, וועלכע האָבען איהר געפּאַטשט אין די רויטע, געזונדע באַקען, און אזוי צופּאָה־

דאָס קינד האָט ער געפונען וויינענדיג הויך: מאַמ־מאַ, פּאַ־פּאַ, מאַמ־מאַ, פּאַ־פּאַ!...

ער האָט עס אויף די הענד גענומען און איז געגאַנגען דערמיט צו די נאָהנטע הייזלעך, וואָס זיינען הינטער דעם וואַלד; געגאַנגען פון טהיר צו טהיר און געבעטעלט מיט אַ געבראָכענעם שטים:

— גיט פאַר אַ קינד, אַ יתום, אַ לעפעל מילך... גיט פאַר אַ קינד, אַ יתום, אַ לעפעל מילך!...

בוידעמס, שלעסער אָבדרעהען און קאַלב־לעדער גנב'ענען! און דו וועסט האָבען קינדער, און די מאַמע וועט פון זיי אַנטלויפען — יאָ, און וועסט מיט דיינע קינדער איבער די הייזער געהן? — יא, ווער ביסט דו, דו קליינער קאַלאַק? ווער ביסט דו? א קאַלאַק, איך קאַלאַק, — דו — איך, יא? מיין... מיין!...

ער האָט דאָס קינד אַריינגענומען צו זיך הינטער די וועסט און געוואַרימט זיין ברודיג ליב מיט'ן קינד'ס וויך ליבעל. דאָס קינד האָט דאָס קעפּעל איינגעבויגען און ביי איהם עפּעס געזוכט, געלעקט זיינע פינגער, געזויגט.

— ניין, איך האָב נישט קיין ברוסט, גאָט האָט מיר נישט געגעבען פון דיינטוועגען צו קאָרמען. וואָלט איך געהאַט פאַר דיינט־וועגען בריסט, וואָלט איך זיי קיינעם נישט פערקויפט... קיינעם נישט אוועקגעגעבען... איך וואָלט נישט אַנטלאָפען פון דיר...

ער האָט דאָס קינד אוועקגעלעגט ביים ברעג פון סטאַוו, זיך געשטעלט הינטער א בוים און געקוקט אויפ'ן קינד וואָס וועט עס טהון.

דאָס קינד איז ווי פריהער געלעגען און געזויגט די הענדטעלעך אין מיילעכעל, געגראָבען מיט די פיסלעך און געוויינט שטיל ווי שפּיע־לענדיג זיך: מאַם־מ־מאַ, מאַם־מ־מאַ.

ער האָט זיך אָבגערוקט א בוים ווייטער, ווי אוועק'גנב'ענענדיג זיך פון זיך אַליין... און זיינע אויערען האָבען נאָך קוים פערנומען דעם קינד'ס געוויין... אַזוי האָט ער זיך אָבגע'גנב'עט פון קינד פון בוים צו בוים, ביז ער האָט עס שוין מעהר ניט געזעהן און נישט געהערט, דאַן האָט ער אָנגעהויבען פלינק צו אַנטלויפען.

ער איז געלאָפען איבער פעלדער, ווייט אוועק, און אין די אויערען האָט איהם געקלונגען דאָס קינד'ס געוויין: מאַם־מאַ, מאַם־מאַ! און איהם האָט זיך אָבגעדאַכט אַליין, ווי דאָס קינד קייקעלט זיך אין סטאַוו אַריין... בייב האַרי'ן האָט עס אירם גענאָגט... גענאָגט... און דער ראַנד פון קאָפּ האָט ביי איהם אָנגעהויבען וועה צו טהון... די הענד האָבען איהם געציטערט — און ער איז ווייט, ווייט אַנטלאָפען.

פלוצים האָט ער זיך אין מיטען לויפען אָבגעשטעלט. אַרומ־געקוקט זיך און אָנגעהויבען זיך פלינק צוריקקעהרען צום קינד, ביים ברעג סטאַוו...

איהם האָט זיך געדאַכט, אַז מענשען קוקען איהם נאָך, טײטען מיט די פינגער און לאַכען איהם אויס.

ער האָט זיך פאַר אַ געוועלב אָבגעשטעלט און אַרײנגעשאָלטען:

— וואָס לאַכט איהר! אַ מענש האָט אַ קינד. איהר מעגט האָבען קינדער, די חאָלערע זאָל אײך פּאַקען, און איך נישט?!

ער איז אויסען שטאָדט אַרויס, אָנגעקומען צום וואַלד און זיך בײם סטאַוו געזעצט.

אַרום אין דער געגענד איז קײנעם ניט געווען צו זעהן; נור די צווײגען פון די בוימער האָבען טרויעריג געראַוישט, אַראָבוואַרפענדיג פון זיך די געלע בלעטלעך. און פון גאַנץ װײט האָט זיך אַ וואַסער צווישען די שטײנער געגאָסען. ער האָט דאָס קינד בײ זיך אַנידערגעלעגט און מיט אַ ביטערקײט געקוקט אויף איהם. דאָס קינד האָט איהם שווײגענד אָנגעקוקט, דאָס הענדטעל אין מײלעכעל געזויגען און פון עפּעס געקלערט, — ווי עס וואָלט זיך אָן זײן וועלט דערמאָנט. אָן דער וועלט, פון וועלכער עס איז געקומען צו געהן.

קאָלאַק האָט נישט געוואוסט, וואָס אָנצוהויבען מאַכען מיט'ן קינד. ער האָט אין אײן מינוט געקלערט, ווי אַזוי פון דעם קינד פּטור צו ווערען... נור באַלד האָט איהם אַרומגענומען אַזאַ רחמנות אויף זײן אײגען קינד, אויף זײן אײגען בלוט און פלײש... ער האָט דאָס קינד אין אָרעם גענומען, פעסט צו זיך צוגעדריקט און געקוקט דערויף, אַזוי אומעטיג, מיט אַזאַ ליעבע, אַז דאָס קינד האָט דערפיהלט זײן וואָרי־מען בליק און עס האָט צו איהם אַקעגען געשמײכעלט.

— ווער ביסט דו? שלמה'לע, ווער ביסט דו? — וואו איז דײן מאַמע? די מאַמע, ווילסט צו דער מאַמע? יאָ, דו ווילסט?

דאָס קינד האָט צו איהם אַקעגען מיט די פיסעלעך געטאַנצט און געשמײכעלט אַזוי ליעבליך, אַזוי גוט.

ער האָט אין דעם קינד'ס געזיכט זײן פּנים דערקענט, איהם איז וואַרים אין די גליעדער געוואָרען, און ער האָט אָנגעהויבען צו שמײכלען, ער — האָט זיך געפרעהט, אַז עס איז נאָך ווער דאָ, וואָס זעהט אויס ווי ער.

— קלײנער קאָלאַק, מאַכט ער צום קינד: — יאָ, דו ביסט אַ קלײנער קאָלאַק, און דו וועסט זײן אַ יד, קריכען דורכ'ן ליפּטישיק אויף

געקומען אין מארק אריין צו קראדניק'ס „שטעל", ווערט א גערודער! „קאלאק" געהט מיט א קינד! קראדניק רופט צו איהם פון דער „שטעל":

— וואו האסט דו דאס „יאט'ל" געפאקט?

די קראדניקאווע הויבט זיך אויף מיט א גרויסער גדולה, לויפט צו צו איהם מיט אויפגעעפענטע הענד, ווייזט זיך איבער איינינע מאל דאס פנים מיט'ן פארטוך פאר גרויס פרייד, לאכט און קלאפט דעם קינד אין געזעסעל אריין:

— קאלאק, עס איז דיינס!... זאלסט מיר לעבען, זעה, ס'אר אנ'אויגעלעך ער האט, איך וואלט געשוואוירען, אז עס איז פון דער — פון דער מארינע מיט דער גראבער נאז: פונקט איהר נאז, זאלסט מיר אזוי לעבען! א קינד א קרוין, גיב עס נור, גיב עס נור אהער!

און זי נעמט פון איהם דאס קינד, ווארפט עס מיט'ן האנד: אזוי, דו פופיק איינער, א פשישאק!...

דער אלטער קראדניק מיט דער איינער האנד, דער „רבי" פון די גנבים, דערהויבט זיך זעהר פאמעליך פון זיין שטעל, געהט צו, בעטראכט דאס קינד און קלאפט דערנאך קאלאק'ן אין פלייצע:

— נישקשה, נישקשה פון א „יאט'ל". ווער געשיקט דורך א ליפטשיק קריכען? ווער איז די מוטער?

— זאל איהר דארט א פייער אין איהרע אויגען זיך אנצינדען, וואו זי איז — אנטלאפען ביי נאכט, די לייכטער מיטגענומען!...

— און דאס קינד האט זי איבערגעלאזט?

— איבערגעלאזט.

— איז נישט גוט... איז נישט גוט! קראצט זיך דער אלטער קראדניק אין קאפ. דער יונגער קראדניק קומט צו, און מאכט צו קאלאק'ן אזוי:

— נישקשה, וועסט איצט מעגען די „פרנסה" אוועקלעגען. א ניאנקע ווערען: א שטיקעל דיר אבגעטהון, וואס?

— זאל דיר דיין קאפ פאר מיר נישט דארען! גאט איז א פאטער, און קאלאק איז קאלאק!

גענומען דאס קינד אויף דער האנד, האט ער זיך געלאזט איבער דער שטאדט.

דעם בײנקאַרט איהרען!" — אָבער ער האָט נישט קײן פּוס געקאָנט שטעלען װײטער, בײם האַר'ן האָט עס איהם גענאָגט... גענאָגט... ער האָט צונויפגעקװעטשט די הענד אין אַ קולאַק און איז נאָכאַמאָל אין שטוב אַרײַן.

איצט האָט שוין דאָס קינד הויך געװײנט מיט אַ לאַנגען קינדישען געװײן: מאַמ־מ־מ־מאַ, מאַמ־מ־מ־מאַ!

— די מאַמע רופט עס נאָך! גײ, זוך דיר דײַן מאַמען, די אויסגעלאַסענע!... אַ חאָלערע זאָל זי דאָרט פּאַקען, װאו זי איז! זוך זי דיר...

ער האָט דאָס קינד אויף די הענד גענומען.

דאָס קינד האָט זיך װאַרים צו איהם צוגעטוליעט, מיט'ן מײַלעכעל עפּעס בײַ איהם געזוכט... דאָס פּנים, די הענד איהם געזויגט און אַזוי זיך װאַרים געטוליעט צו איהם...

— אַ חאָלערע זאָל זי דאָרט פּאַקען, װאו זי איז!... האָט ער געשאָלטען, און דאָס קינד געגלעט מיט דער האַנד איבער'ן בעקעל, איבער'ן לײַבעל:

— שװײג, שלמה'לע, שװײג... שװײג... איך בעט דיך. שװײג... איך בעט דיך!

נור דאָס קינד האָט געזוכט מיט'ן מײַלעכעל, געװאָרפען מיט די הענדטעלעך און געמאַכט מיט'ן קעפּעל, װי עס װאָלט עפּעס רעדען געװאָלט... ער האָט עס װאַרימער צו זיך צוגעטוליעט, אויפגעזוכט אַ ביסעל קאַלטע מילך אויפ'ן אויװען, אַרײַנגעבראָקט די זעמעל און האָט דעם קינד מיט אַ לעפעלע צו עסען געגעבען. דאָס קינד האָט געגעסען פון זײַן האַנד, און ער האָט שטיל גערעדט צו איהם:

— עס געזונדטערהײד, איך בעט דיך... דײַן מאַמע, אויסגעראָט זאָל זי װערען, אַנטלאָפען — איבערגעלאָזט דיך. אַ הונד לאָזט ניט איבער די הינטעלעך, איז זי ערגער פאַר אַ הונד. אַ קאַץ לאָזט ניט איבער איהרע קעצעלעך, איז זי ערגער פאַר אַ קאַץ... שװײג... איך װעל דיך נישט איבערלאָזען... זאָל איך שוין אַזוי לעבען!...

אַז דאָס קינד האָט זיך אײַנגעשטילט, האָט ער עס אין אַ טוך אײַנגעװיקעלט און איז דערמיט אין גאַס געגאַנגען.

ער האָט אַ מינוט געקלערט, ריידענדיג צו זיך:

— וואָלט איך געוואוסט וואו זי איז, וואָרף איך דאָס קינד הינטער די טהיר אַרונטער. נאַ, האָסט דו דאָס דיינינגע!...

אַ שלעכטער געדאַנק איז איהם איצט אין קאָפּ אַריינגעפאַלען. די גאַז איז איהם בלייך געוואָרען, ער האָט די אויבערסטע ליפּ פעסט מיט די צייהן פערביסען, און די הענד האָבען אָנגעהויבען ביי איהם צו טרייסלען... ער איז צו צום קינד, עס איז געלעגען, אַראָב־וואַרפענדיג מיט איין פיסעל די ברודיגע שמאַטע פון זיך, און די הענדטלעך האָט עס אין מיילכעל אַריינגעפּאַקט. מיט די אויגעלעך האָט עס ערגעץ וואו אהין געשמייכעלט, און די פאַלדען ביים מיילעביל האָבען איהם אָן אימיצען דערמאָנט, אָן אַ גאַנץ אַלטען און אַ בעקאַנטען מענשען, וואָס ער האָט איהם אַמאָל געזעהן, און ער געדענקט נישט — ווען און וואו...

ער האָט זיך פון דעם קינד אַוועקגעדרעהט, געוואָרפען דעם הוט אויפ'ן קאָפּ און איז אַרויס אין גאַס אַריין, צושליסענדיג די טהיר נאָך זיך.

ער איז אָבגעגאַנגען איניגע טריט, האָט עס ביי איהם אין האַרצען נישט געקאָנט רוהען. אין די אויערען האָט ער געהערט דעם קינד'ס געוויין, און געזעהן האָט ער, ווי עס וואַרפט מיט די פיסעלעך און עס רופט עפּעס.... ער האָט ווייטער נישט געקאָנט געהן, אויסגעשפּיגען.

— אַך, וואָלט איך זי געפּאַקט, אָט אזוי, וואָלט איך זי ביים גאָרגעל אָנגענומען און געשטיקט, גוט געשטיקט, ביז זי וואָלט די צונג אַרויסגעשטעקט, די צונג.... די צונג!....

ער איז אַריין אין אַ געוועלבעל, געקויפט אַ זעמעל און איז צוריק אויפ'ן בוידעם אַרויף.

דאָס קינד איז געלעגען, ווי פריהער. אַראָבגעוואָרפען פון זיך די שמאַטע, מיט דעם נאָך פון פריהער לויכטענדען שמייכעלע אויף די ליפּען, וואָס האָט איהם אָן דער מוטער דערמאָנט...

— אַ, אויסגעראָט זאָלסט דו ווערען!... עס וועט איהם גאָר נישט זיין דעם ביינקאַרט איהרען!...

ער איז נאָכאַמאָל פון דער שטוב אַרויס. אָבער ער האָט נישט ווייט געקאָנט געהן, ער האָט אַלץ כסדר געהערט דעם קינד'ס געוויין הינטער זיך. פיעל מאָל האָט ער זיך געזאָגט: „עס וועט איהם גאָר נישט זיין,

# דער יונג מיט'ן קינד

אז ברוך קאַלאַק האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה, האָט ער דערהערט דאָס קינד וויינען נעבען איהם. פערשלאָפענערהייד, נאָך מיט פערמאַכטע אויגען, האָט ער איינינע מאָל גערופען: „גאָלדע, דער ממזר וויינט!“

גאָלדע האָט זיך נישט אָבגערופען. אז ער האָט זיך גוט אָנגע־הויבען ארומצוקוקען, האָט ער ערשט בעמערקט, אז גאָלדע איז נישטאָ.

צוערשט האָט עס איהם אַ ביסעל געוואונדערט, געטראַכט: זי איז אודאי צום וואסער געגאַנגען זיך וואַשען. ער האָט אויסגעזוכט אַ שטיקעל לייוועגט און דעם קינד אין מויל געשטעקט, אז עס זאָל אויפהערען צו וויינען.

ער האָט זיך דערווייל אָנגעטהון. טראַכטענדיג — וויפיעל מען וועט קענען פאַקען פאַר די זילבערנע לייכטער, וואָס זיי האָבען ביי נאַכט פון זשאַבלינער'ס שאַנק געצויגען. ער איז אַרויף מיט איין פוס אויפ'ן בוידעם, בעטראַכט די חפצים — זיי זיינען נישטאָ! ער שאַרט אהין, שאַרט אהער — נישטאָ. ער איז אראָב פלינק פון בוידעם, אראָבגעריסען דאָס ליילעך פון וואַנד — איהרע זאַכען זיינען נישטאָ! דעמאָלט איז איהם קלאָר געוואָרען אין מח: זי איז אַנטלאָפען פון איהם.

— מיט וועמען?

מיט שלמה שלאָסער אָדער מיט חיים'ל גוב?

— אַנטלאָפען, געה ברעך הענד און פים! אויף טויזענד כפּרות... צו אַלדע שווארצע יאָהר!... האָט ער מיט אַ געמאַכטען שמייכעל געזאָגט און אויף די וואַנד געשפּיגען. אַ געשעפט האָסט דו?... הע... הע... הע...

ער האָט געוואָרפען אַ בליק אויפ'ן קינד.

— אָבער מיט'ן ממזר וואָס מאַכט מען, מיט'ן ביינקאַרט?

ציטערען אויף זיין ברוסט... די אויגען האָבען זיך איהם ארויסגעזעצט פון פּנים ווי די פויסטען און פערגאָסען געוואָרען איינגאנצען מיט בלוט. און ער האָט שטיל־געשוויגען.

ער האָט זיך אויפגעזעצט אויפ׳ן בעט און ארומגעקוקט זיך. דער־זעהן פאר זיך וויצלעך, האָט ער זיי צוקיית מיט׳ן מויל אויף מעהל, דעם טייבעל׳ס פּיסקעל אין זיין מויל ארייגעשטעקט און מיט דער צונג עס צו עסען געגעבען. דאָס דינע טייבעל׳ס העלזיל האָט צווישען זיינע פינגער רחמנות׳דיג געמיאנטשעט און מיט די פליעגעלעך געבע־טען זיך...

— גאָט! האָט ער געגעבען א געשריי אויס — געהאפּט דאָס טייבעל, א דרעה אראָב דאָס קעפּיל (דאָס טייביל האָט איין קוויטש גע־טהון און א דינער שפּראַץ בלוט האָט איהם אין פּנים געשפּריצט) און אוועקגעוואָרפען. דאָס צווייטע טייבעל א דרעה אראָב דאָס קעפּיל, אוועקגעוואָרפען. דאָס דריטע טייבעל.... נאָכדעם איז ער אראָב פון בעט, געהאפּט דאָס שפּינעל, א זעץ אראָב אויף דער ערד. ער איז צו צו דער שראנק, איין „וואַלע" צושפּאָלטען און געוואָרפען אויף דער ערד. צום בעט — מיט די ציינער געגעבען א ריס־אויף דאָס בעטגעוואנד, און די פעדערן זיינען ארויס. א זעץ — און איינגעוואָרפען דעם טיש... גע־האפּט א שטוהל און א האק אָן אייוועץ — דער אייוועץ האָט זיך געגעבען א לאָז אראָב אויף דער ערד; צוריסען דאָס העמד אויף זיך, און די הענד זיך געביסען... צום סוף האָט ער געגעבען א פאל אנידער אויף דער ערד, צווישען די חרב׳דיגע זאכען איינגענורעט דאָס פּנים אין די פּאָדלאָגע און איז איינגעשלאָפען און געשלאָפען לאנג... לאנג...

קיינער האָט נישט געוואגט אין דער שטוב אריינצוגעהן און צו וועקען דעם איינגעשלאָפענעם דונער...

מיט די פליגלען — עס האָט איהם געהויבען פון בעט, ער האָט זיך אָבער נישט געקאָנט ריהרען. ער האָט אראָפּגעקאָפּיעט פון זיך די קאָלדרע און געלעגען, און אויסגעהאָרכט.

די טויבען קלאַפּען מיט די פליגלען. ער האָט געקוקט אויף די יוזעפּע און געוויזען מיט'ן פינגער אויפ'ן באַלקען.

די יוזעפּע איז ארויף אויפ'ן בוידעם און האָט איהם אראָבגע־בראַכט אין אָרעם אַ פּאָר יונגע, קליינע, ערשט קוים־קוים מיט עטוואָס פעדערן בעוואַקסענע טייבעלעך, וואָס מען האָט ערשט פון זיי די מו־טערס אראָבגענומען, און געשיקט זיי שחט'ען.

די טייבעלעך זיינען נאָך געווען יונגינקע. די קוים־בעפעדערטע פליגעלעך האָבען געקלאַפּט און עפּיס געזוכט... די דינינקע העלזע־לעך, איבער וועלכע אַ דין, ווארים הייטעל איז געווען אריבערגעצויגען איבער אַנ'איידעל ביינדעל, וואָס האָט זיך געבראָכען אין די פינגער, האָבען זיך איינגעקאָרט'שעט, די קעפּלעך האָבען זיי פערבאָרגען אין די פליגעלעך, און מיט די פליגעלעך געזוכט...

ער האָט זיי איז דער האַנד גענומען, די ליפּען פערביסען און מיט אַ פוס דעם שטוהל, וואָס איז געשטאַנען ביי'ם בעט, פון זיך אָבגע־שטויסען; די טייבעלעך האָבען צערטליך געציטערט אין זיין האַנד, און אזוי רחמנות'דיג עפּיס געזוכט.... ער האָט זיי אונטער'ן העמד ארונטערגענומען און אויף זיין ברוסט זיי צוגעטוליעט און געוואַ־רימט זיי....

די טייבעלעך האָבען רחמנות'דיג אויף זיין ברוסט געציטערט, און עפּיס געזוכט, געבעטען זיך, קלאַפּענדיג מיט די פליגעלעך....

ער איז בלאַסער געוואָרען אויפ'ן פּנים. די אויגען האָבען זיך איהם פערגלייסט און טיעף בעהאַלטען זיך איהם הינטער'ן שטערן, די נאָז האָט זיך איהם אויסגעצויגען, בלייכער געוואָרען און דינער, און די ליפּען — ווי זיי וואָלטען פערקרעמפּעלט געוואָרען איינע אויף די צווייטע....

אין שטוב איז שטילער געוואָרען. אַ לייכטער ווינד האָט אויף די שויבען געציטערט. אַלע האָבען זיך ארויסגערוקט פון דער שטוב און איבערגעלאָזט דאָס הויז אליין פאר דעם דונער וואָס וועט ארויס־ברעכען און אליז צולעגען און פערטיליגען...

ער איז געלעגען און האָט געפּיהלט ווי די יונגע, שוואַכע טייבעלעך

דיג דאָס קוילער געסיל מיט די כלים אין די הענד, האָבען זיי אָבגע־טראָטען, ווער מיט א צובלוטיגטען קאָפּ, ווער מיט א צוהאַקטער האַנד, איבערלאָזענדיג א פולען הויף מיט בלוט און א זיעבען־אכט פון זייערע ברידער קרעבצענדיג אין די ווינקעלעך פון הויף. איינער האָט צום צווייטען געזאָגט:

— טא יאָבא וצאַלע ניע זשידעם !... (די יאָבא איז גאָרנישט קיין יודענע.)

---

דורכגעקומען דעם מאַרק־טאָג בשלום, איז דאָס „בית־המדרש־געסיל“ ארויסגעקראָכען פון הינטער די אייוועגס, פון הינטער די שאַפּעס, בוידעמס און לעכער, וואו זיי זיינען געווען בעהאַלטען. געקומען אויף מאָרגען אין בית־המדרש אריין, האָט איינער דעם צווייטען שלום עליכם אָבגעגעבען, און הויך געזונגען „הודו ה׳“.נאָכ׳ן דאַוונען האָט מען נאָך לעקעך און בראַנפען געשיקט, — און ביי דער „אנשי שלמנו“ איז געוואָרען בעשטימט, אויף דער נאַכט צוזאַמענצוקומען און צו מאַכען א שטיקעל „משתה׳לע“. כתריאל און עוזר׳ל, ר׳ ישראל׳ס איידעמס, האָבען צוגעזאָגט, ארויסצוקריגען פון שוועער דעם „זוהגדיל׳ס“ (נאָטע־לעס) טויבען. און אזוי ווי דאָס זוהגדיל איז טויט־חרב, וועט ער אודאי נישט קענען מתרעם זיין. — און עס איז אודאי כדאי, אז יודען זאָלען עבען אויף דער משתה די טויבען, איבער וועלכע די גאַנצע עדה יודען איז געווען אין סכנה, און אונטערברייינגען דעם ענין טויבען, כדי עס זאָל שוין מעהר נישט זיין קיין „פרחי יונה“ ביי יודען, וואָס איבער זיי קומען אַלע גזרות אויף יודען.

אזוי איז געווען. די צוויי יונגע לייט זיינען אהיים געקומען פון דאַוונען, האָבען זיי איבערגערעדט מיט׳ן שוועער. זיי זיינען ארויף אויפ׳ן בוידעם און צוגענומען אַלע טויבען, און געשיקט זיי צום שוחט שחט׳טען.

נאָטע איז געלעגען אויפ׳ן בעט טויט־בלאַס. דער קאָפּ, וועלכער איז געווען פערוויקעלט אין איין גרויסען באַנד, איז געלעגען הינטער א פענכער מיט אייז, די ליפּען נאָך פערביסען, און האָט שוועער אָבגע־עטעמט מיט׳ן האַרץ. נעבען איהם איז געזעסען די יוזעפּע און האָט איהם דערלאַנגט דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט. ער האָט דערהערט אויפ׳ן בוידעם ריהרען זיך. ער האָט דערפיהלט, אז די טויבען קלאַפּען

— שטעהט, זאָג איך אייך: ער האָט אַ מענשען גע'הרג'עט, זאָל ער זיך אַליין „בראַניען".

און נאָטע האָט זיך אַליין „געבראַניעט". מיט'ן שייגעץ אין דער האנד, האָט ער מיט זיינע צוויי מעכטיגע ריעזיגע אָרעמס איבער די קעפּ געהאקט. קעפּ האָבען זיך הינטער איהם געלעגט ווי זאנגען הינ־טער אַ קאָסע. אָט האָט איהם שוין אַ פּויער געגעבען מיט אַ שפּאַרעל איבער'ן מח, און אַ שטראָם רויט בלוט גיסט זיך איהם פון קאָפּ און רינט איבער'ן פּנים. דעם פּויער, מיט וועלכען ער שלאָגט, לאָזט ער פון די הענד ניט ארויס. אריין וואָס אַמאָל טיעפער — חאַפּט ער פון אַ שייגעץ דעם שפּאַדעל ארויס, און וואַליעט, ווי עס וואָלט אריין אַ נישט־גוטע קראַפט אין איהם, און בלאָזט איהם די העלדישע אָרעמס אָן מיט בלוט, אַז די אָדערן פּלאַצען פון די הויט ארויס... האָט איהם שוין אַ צווייטער פּויער הינטען־ארום מיט אַנ'אייזען אין זייט גענגע־בען — ער גיט זיך אַ בויג איין, און אויף איין מינוט בלייבט ער שטעהן, — אָבער באַלד לאָזט ער זיך ווייטער. מען חאַפּט איהם שוין פון הינ־טען ביי די הענד אָן — ער קאַפּיעט נאָך מיט די פּיס, בייסט מיט'ן מויל — אָט בויגט ער זיך שוין איין און חאַפּט זיך פאַר'ן זייט...

— אָך, ווי יאָקאָ פּשאַ קרעוו 1) — האָט זיך די יוזעפע ווי פון הינ־טער דער ערד בעוויזען מיט אַ רידעל אין דער האנד: ווי פּאַנישאַ זייבילי 2), און האָט מיט'ן רידעל געגעבען איבער'ן קאָפּ דעם פּויער וואָס האָט נאָטען פאַר אַ האנד אָנגעחאַפּט, און דעם צווייטען אָנגע־מאָסטען מיט'ן רידעל: יאַ וואַם דאַם 3), און זי האָט אָבגעשטופּט מיט'ן רידעל אין דער האנד די פּויערים פון נאָטען, וועלכער האָט זיך שוין געבויגען צו דער ערד, האַלטענדיג זיך מיט איין האנד פאַר'ן זייט, און אין דער צווייטער — דעם שפּאַדעל און שעדיגט איבער די קעפּ די וואָס האָבען זיך געוואָלט צו איהם אונטערחאַפּען, ביז די יוזעפע האָט איהם אָבגעפיהרט אין הויז אריין און איהם אויפ'ן בעט אנידער־געלעגט.

די פּויערים האָבען זיך געוואָלט ווייטער ריהרען, נור דערזעהענ־

1) אָך, איהר הינדיש בלוט.

2) איהר האָט דעם יונגען הערר גע'הרג'עט.

3) איך וועל אייך געבען.

אריין אין הויף און געשטעלט זיך פאר'ן הויז מיט די שפאדלעס אין די הענד, איז אין געסיל געוואָרען א געשריי: ביי ר' ישראל'ן זיינען זיי! האָט דאָס קוילער־געסיל געגעבען א געה ארויס גרויס און קליין. דער בלינדער לייב (א יונג וואָס האָט געקענט אייזען ברעכען) האָט דערטאַפּט פון שטאָהל ארויס א ווידלע מיט דריי שטארכעס און ארויס. דאָס קוילער געסיל האָט געגעבען א רינגעל ארום דעם הויף...

— סטייטיש! — האָט ר' ישראל געגעבען א געשריי, און אליין ארויסשטעלענדיג זיך, איינער אליין צווישען די פויערים, מיט'ן איי־זערנעם שטעקיל אין דער האנד, מיט וועלכען ער פלעגט זיך אמאָל בענוצען אויפ'ן לאָדזער וועג פון די לאָדזער גנבים, האָט ער געגעבען א זאָג צו די פויערים:

— ווען זענט איהר געקומען שלאָגען? מיך? וואָס איך האָב פאר אייך מיין גאנץ לעבען געארבייט, פון אייך, הינד, דאָס פיה אָבגעקויפט, מיט געלד בעצאָהלט און פאר אייך ערגעץ־וואו עס קיין אויבלאנד געפיהרט! פערשווארצט געוואָרען פון אייערעט וועגען, זומער אָבגעברענט פון דער היץ, ווינטער פאר קעלט און אייך אין די קעשענעס מיט די הונדערטער אָנגעשטאָפּט. — קומט אהער, הינר! אָט בין איך דאָ, ווייזט מיר ווער עס וועט זיך פרובען מיך אָנריהרען?!

די פויערים האָבען שטיל־געשוויגען. איינער פון דער חברה האָט זיך אָבגערופען:

— צו אייך, זשאָבלינסקי, האָבען מיר גאָרנישט. — מיר האָבען נור צו דעם זוהן אייערען, וואָס האָט דעם פויער גע'הרג'עט.

— אָט בין איך, האָט נאָטע געגעבען א געשריי אויס אויפּפראַלענדיג דעם טויער פון הויף און א לויף אריין. געהאַפּט דעם ערשטען בעסטען שייגעץ ביי די באָקעס, אויפגעהויבען איהם אין דער־הויך און א זעץ אנידער אויף דער ערד, אז עס האָט זיך דערהערט א קנאַק פון די פיס, וואָס האָבען געבראָכען הינטער איהם... די פויערים האָבען זיך געגעבען א וואָרף אויף איהם ווי א וויכער... נאָטע אָבער האָט געכאַפּט א צווייטען שייגעץ ביים קאָפּ, אויפגעהויבען איהם אין דער־הויך און מיט איהם גע'הרג'עט איבער די קעפּ... האָט זיך געגעבען א לאָז ארויס דאָס קוילער געסיל מיט די ווידלעס, און אריין צווישען די פויערים, אין דעם האָט זיך געהערט ר' ישראל'ס קול, רופענדיג צום קוילער געסיל:

וואך, — דאָך גענוג שטאַרק פאַר אַ מענטשליכע האַנד. האָט ער גע־געבע אַ האַפּ פאַר די שטאַכעטען פון פענסטער — האָטיש זיי בויגען זיך הינטער זייגע הענד, דאָך גענוג פעסט זענען זיי איינגעמויערט אין דער וואַנד. האָט ער געגעבען אַ נעהם פאַר'ן טאַפּטשאַן און אַ זעץ אין אייזען, האָבען זיך אין איין מינוט ברעט מיט ציגעל צוזאַמענגעמיישט. ווי אַ דונער, וואָס מען וואָלט אין שטוב איינגעשלאָסען, האָט ער זיך געגעבען אַ וואָרף אויף די ווענד. צום סוף די הענד אין די צייהן זיך געביסען, דעם קאָפּ אין די קניה איינגעבויגען און אָנגעהויבען צו ברו־מען, אַז די ברומען האָבען זיך הינטער'ן באַלקען געטראָגען און אין די שטאַכעטען אָנגעקלאַפּט, ארויסגעהענדיג דורכ'ן פענסטער.

אַזוי איז ער געלעגען אַ לענגערע צייט, ביז עס האָט איהם אַ קול פון הינטער'ן פענסטער גערופען:

— פּאַנישאַ, פּאַנישאַ!

ער האָט דורכ'ן פענסטער ארויסגעקוקט, און דערזעהען די יוזעפע מיט צולאָזענע האָהר.

— בייאָן אָיצאַ — האָט זי איהם אריינגעשריען, און איהם דורכ'ן פענסטער אַג'אייזען אריינדערלאַנגט.

ער האָט זיך געגעבען אַ וואָרף צו דער טהיר, אַ פּאַק אריין דאָס אייזען צווישען די קלאַמקעס, מיט'ן האַרץ זיך אָנגעלעהנט און מיט דער גאַנצער נשמה געגעבען אַ שטופּ אָב: איינס, צוויי, דריי — און די טהיר האָט געגעבען מיט רעש אַ בראָך אויף. דעם סטראַזשניק, וואָס האָט איהם געפּרובט אין הויז צו פערכאַפּען, האָט ער געגעבען אַ „פלעם" אין פּיסק אריין מיט דער פויסט, אַז ער האָט זיך באַלד אי־בערגעקוילערט און אין בלוט געבאָדען זיך. נאָטע האָט זיך אהיים געלאָזט צום פאָטער.

---

די פויערים פון פערד־מאַרק האָבען זיך געגעבען אַ לאָז צו ר' ישראל'ן:

— דא זשאָבלינבקעגאַ, צאָ סין זאַביל חלאָפּאַ *), האָבען גע־שריען די פויערים און מיט די רודלעס און שפּאַדלעס אין די הענד זיך געלאָזט צו ר' ישראל'ן אין הויז אריין.

---

*) צו זשאָבלינסקי'ן וואָס דער זוהן האָט אַ פּויער גע'הרג'עט.

איהר אין בויך אריין און רייסט זיך פון איהרע הענד ארויס. קליינע קינדער שלעפען מאמעס ביי די פאָלעס. די טאַטעס טרייבען פון זיך די קינדער און מיט פערביסענע ליפען און מיט בלוט־ארויסגעזעצטע אויגען דריקען זיי זיך אין דער מהומה אריין. און אין דער מהומה דאָ איז נישט געווען קיין מלחמה, איינער דעם צווייטען גובר צו זיין. אַלע האָבען זיך אויסגעמישט. א האָלערא איז אריינגעפאַלען אין זיי. איינער האָט דעם צווייטען די פויסט א־ן פיבק אריינגעשטעקט און ביי דער צונג געריסען, די גרגרת ביי'ם גאָרגעל אָנגענומען און די נשמה איהם ארויסגעריסען.... צוויי האָבען זיך אָנגענומען און האָבען זיך צוגעקוועטשט צו א וואָגען און איינער האָט אין דעם צווייטענס ברוסט, בויך מיט די פויסטען זיך איינגעקנעטען, מיט די צייהן זיך אריינגע־ביסען.... דאָ האָט נישט געוואָלט איינער דעם צווייטען גובר זיין. די איינגעשלאָפענע היה האָט זיך אין די מענשען ערוועקט. אַלע צוזא־מען אויסגעמישט האָבען זיך פאר'ן הימעל אין גאָט און איינער דעם צווייטען לעבעדיגערהייד געגעסען...

3.

נאָטע האָט דעם גאַנצען טאָג פון וואך־פענסטער'ל ארויסגעקוקט. איהם האָט נישט הרטה געטהון אויף די התונה, וואָס ער האָט דאָ אָנ־געמאַכט, — ער איז נישט פון די מענשען, וואָס האָבען הרטה. ער האָט אָבגעוואַרט די מינוט, ווען עס זאָל זיך אָנהויבען. ער האָט זיך קיין פּלאַן נישט געמאַכט ווי ארום ער זאָל זיך ארויסקריגען, נישט גע־קלערט פון דעם — ער איז נישט פון די מענשען וואָס מאַכען זיך פּלאַ־נען. אז עס קומט—צו־פלאַצט עס זיך, צוברעכט און געהט ארויס ווי א דונער!

אין דעם האָט ער דערזעהן, ווי מען הויבט אָן צו לויפען איבער'ן מאַרק פון פערד־פלאַץ. א יונג לויפט מיט א צובלוטיגטען קאָפּ, ווייבער לויפען ארום איבער'ן מאַרק און נעהמען די קינדער. די געוועל־בער פערהאַקען זיך. ער האָט דערפיהלט, אז עס מאַכט זיך עפּעס. א שטראָם בלוט איז איהם ארונטער ביים הארצען און אָנגעפילט איהם די הענד מיט די פיס. ער האָט פערביסען די ליפען, די אויגען האָבען זיך איהם געגעבען א זעץ ארויס מיט בלוט. ער האָט זיך געגעבען א וואָרף אויף דער טיהר. די טיהר — האָטש פון א קליין־שטעדיגער

אריינגעוואָרפען אין איהם דריי צעהן־פונטיגע געוויכטען, ציגעבונדען און ארויפגעוואָרפען אויף די אקסעל. קומט, ברידער! נאָך איהם האָט זיך געגעבען א לאָז דאָס קוילער געסיל — די קצבים מיט די העק און די קלינגען. די פוהרמאַנעס האָבען די דישלען פון די וועגען ארויסגעריסען. די פישערס האָבען געחאפט די קאָסאַקעס, מיט וועל־כע זיי שלעפּען די קאַסטענס פיש פון וואסער ארויס. די פערד־הענד־לער אויף די פערד מיט די שטאָהלענע בייטשען זיינען ארויס אויפ׳ן פערד־מאַרק.

דער גרויסער ברייטער פּלאַץ, פון וועלכען עס שיידען זיך צוויי וועגען אָב, איז פול געוועזען מיט פוהרען, פוהרען און פוהרען, וועלכע האָבען געטיקט און פערלאָרען זיך אין פערד, אָקסען, מענשען און חזרים. דאָס אלץ האָט זיך פערשיעדענפארביג געמאָלט און פערשיע־דענע געשרייען געלאָזט פון זיך הערען. שכור׳ע פּויערים מיט שטעקענס אין די הענד האָבען געיאָגט אנטלאָפענע יודען אין לאנגע קאַפּאָטעס, וועלכע זיינען געשפרונגען ווי די פער׳סמ׳טע איבער וועגען, פערד און מענשען. דאָ האָט זיך געהערט אַ שרעקליך געשריי פון אַ מענשען, שפּרינגענדיג אריבער איבער א פוהר און רופענדיג ווילד נאָך רעטונג, אויסגעמישט מיט אַ ווילד־אויפגערייצטען שכור׳יש געלעכטער. פערד האָבען זיך צובריקעוועט און הינטער זייערע פיס זיינען געלעגען מענ־שען, האָבען געקוויטשעט חזרים. איבער די קעפּ זיינען שטעקענס גע־פלויגען, שטיינערנע טעפּ, היטלען. דערשראָקענע גענז און היהנער זיי־נען ביי די פוהרען געפלויגען פערשיעדען קוויטשענדיג, זייערע פעדע־רען האָבען זיך פון זייערע צ ו פ ל א ש ע ט ע פליגלען אויסגעריסען און געפלויגען אין דער לופט. אומעטום האָבען זיך געזעהען ווי עס לויפען יודען מיט שווארצע קאַפּאָטעס אויף אַלע פיער זייטען מיט שרעקליכע געוואַלדען...

דאָ האָט זיך אין דער מהומה געגעבען א לאָז אריין דאָס קוילער געסיל, ווי אַ שטראָם גליהענדיג שטאָהל אין טיעפען קאַלטען ים אריין. מען האַלט זיך שוין ביי די קעפּ. שטיקער שטאָהל, אייזען קנעטען זיך אין מענשענ׳ס לייבער אריין, בלוט רינט איבער די אויגען, קאַפּאָטעס, פוהרען און רעדער... מען זעהט נישט וואָס, ווען. אַלץ האָט זיך אויסגעמישט. פערד אויף מענשען, מענשען אויף פערד. אַ פויערטע שלעפּט, בעגאָסען מיט בלוט איהר צו׳הרג׳עטען מאַן, און ער שלאָגט

האָבען דאָס זייעריגע פערקויפט, געדונגען זיך, צום סוף נאָכגעגעבען און האָבען געקויפט דאָס, וואָס זיי האָבען געדאַרפט.

אין אָנהויב זיינען די יודישע געוועלבער געווען פערמאַכט, א פויער האָט הערינג געזוכט צו קויפען, האָט א הערינג־יודענע דאָס הע־רינג־געוועלביל אויף דערוויילי אויפגעעפענט און דעם פויער די הערינג פערקויפט. דערנאָך איז א צווייטער פויער געקומען, און א דריטער... אז דער קרעמער פון אנטקעגען האָט געזעהן, אז יענער האָלט אָפען, האָט ער אויך אויפגעעפענט זיין געוועלב. אַזוי האָבען זיך איינציג־ווייז די געוועלבער אויפגעעפענט... דער טאָג האָט אָנגעהויבען דורכצו־געהן ווי אין די פריהעריגע מערק. יודען זיינען ביי זיך שטאַרקער געוואָרען און מעהר מוט געקראָגען מיט די פויערים צו דינגען זיך... פּלוצים איז א יונג אָנגעקומען צולויפען פון פערד־מאַרק: געוואַלד, מען הרג'עט יודען!...

אין איין מינוט זיינען די געוועלבלעך געוואָרען פערמאַכט. די לאָדענס איבער די פענסטער פערהאַקט און די טהירען פון די הייזער צוגעמאַכט. ווייבער, יודען, האָבען געהאַפּט, וואָס זיי האָבען אונטער די הענד געטראָפען: א קינד, א לאָמפּ, א טייש, א דעק און זיינען גע־לאָפען ווי פון א שרפה, נור באַלד זיך אָבגעשטעלט, נישט וואַרטענדיג וואוהין.... הינטער די בעטען ארונטערגעקראָכען... געלעגען א מינוט... ניין.... ארויסגעקראָכען, אָבגערוקט די שאַנק, און ארונטער הינטער דער שאַנק.... ארויס.... ארויף אויפ'ן בוידעם. ווער עס איז אריינגעקראָכען אין קעלער, ווער עס האָט זיך אויף דעם אייוון אריינגעהאַפּט. קינ־דער האָבען געוויינט, מאַמעס האָבען זיי די מיילער מיט די קישענס פערשטעלט, אז מען זאָל נישט הערען זייער געוויין אין דרויסען.... פון דרויסען האָט זיך ווער דאָס דערשלאָגען, ער איז אָנגעקומען צולוי־פען, און געהאַקט אין דער טהיר און געבעטען זיך, אז מען זאָל אידם אריינלאָזען. פרעמדע מענשען דאָבען זיך אין פרעמדע שטיבער גע־פונען. ווער עס איז ביי דער טהיר געשטאַנען, דער האָט זיך אריינ־געכאַפּט. פרעמדע טאַטעס האָבען געקרעכצט: וואו זיינען זייערע קינדער איצט? און האָבען פרעמדע קינדער צו זייערע הערצער גע־דריקט....

אין קוילער געסיל האָט מען אויך דערהערט: מען הרג'עט. איז ארויס פון די יאַטקעס הערשעלע קאַזאַק און האָט געכאַפּט א זאַק,

זאָג נור, העכט איינער, האָסט דיר שוין אָנגעגרייט דעם מעבר יבוק אין דער־היים ?

געזאָגט האָט מען, אז דער יום־הדין וועט זיין אין טאָג פון יאָ־האנע־יריד.

יאָהאָנע איז איינער פון די גרעסטע ירידין אין שטעדטיל. נאָכ׳ן שניט קומען פויערים דאָס ערשטע מאָהל אין שטאָדט אריין. די שייערס זיינען פול מיט תבואה; דאָס פעלד — פול מיט קארטאָפעל און קרויט. דאן קומט דער פויער אין שטאָדט אויפ׳ן יריד מיט׳ן ווייב און קינדער קויפען זיי מתנות. ער פערקויפט די פיה, וואָס האָבען זיך שוין אויסגעהאָדעוועט, און קויפט „יונגווארג“ איין צום פיטערן אויף די אָבגעשניטענע פעלדער. מען טרעפט זיך אויפ׳ן יריד מיט „קומעס“, מען פרעגט זיך אויס אויף דעם היינט־יאָהריגען שניט און מען געהט צוזאממען מאכען א שנעפסיל.

און אויף דעם טאָג, וואָס יודען פלעגען יעדעס יאָהר ווארטען מיט אזוי פיעל האָפנונג אויף פרנסה, האָבען זיי דאָס יאהר געווארט מיט טויט־האַרץ־שרעקען און געוואונשען זיך, אז ער זאָל ווי צום גיכסטען אריבער.

---

אז עס איז אָנגעקומען דער טאָג, האָבען יודען זיך געאיילט גאַנץ פריה אין בית־מדרש אריין און געשטעלט זיך דאווגען. דער רב איז געשטאַנען פאר׳ן עמוד, ווי צו נעילה און אין שוהל איז געוואָרען אזא געוויין, ווי צו ונתנה תוקף. נאָכ׳ן דאווגען איז דער רב ארויף צום אָרון, אויפגעעפענט דאָס ארון און בצבור אָבגעזאָגט ודוי. ער א פסוק, די עדה — א פסוק. פאר׳ן אהיים געהן האָט זיך איינער מיט׳ן צוויי־טען געזעגענט און געוואונשען זיך, אז מען זאָל זיך מאָרגען זעהן וויטער...

דערווייל האָבען זיך פויערישע פוהרען געהערט פאָהרען איבער דער שטאָדט־בריק. פוהרען זיינען אויפ׳ן מארק אָנגעקומען, יעדער פוהר־גע־רויש האָט אין יודישע הערצער מיט טויט אָבגעקלאַפּט. עס האָט זיך אויסגעוויזען, אז דאָס פאָהרען פון די פוהרען איז היינט גאָר אַנדעריש. דאָס געהן פון די פויערים און פויערטעס איז היינט גאָר אַנדעריש...

דער טאָג איז דערווייל געגאַנגען אָט ווי גאָרנישט. די פויערים

טערס זיינען ארויפגעפאַלען אויף זייערע הדריב־קינדער אין מיטען שענעם טאָג און גענומען זיי קושען און וויינען איבער זייער יונג־לעבען... תנאים, חתונות האָט מען אָבגעלעגט אויף „דערנאָך“, אז עס וועט „אריבערגעהן בשלום“. יודען שומרים האָבען זיך ביי־נאַכט אין די גאַסען ארומגעדרעהט מיט גראָבע שטעקענס היטען; תהלים־זאָגער זיינען אויף־געווען גאַנצע נעכט אין בית־מדרש און האָבען תהלים געזאָגט.

נאָטע האָט ארויסגעקוקט פון די קליינע שטאַכעטען, וואָס זיינען אין דעם וואַך־פענסטער׳ל, וועלכעס געהט אין מאַרק ארוים. יעדען פריה־מאָרגען האָט איהם די יוזעפע דעם בולאַן פאַר דעם וואַך־פענסטער׳ל דורכגעפיהרט, און געוויזען איהם, אַז ער איז ריין אויסגעפוצט. באַשקע מיט׳ן הונד באַרעה זענען אַ גאַנצען טאָג פאַר׳ן פענסטער׳ל געלעגען און זייער בעל־הבית האָט צו זיי דורך די שטאַכעטען גערעדט. און „קאָמפּאַניע“ האָט איהם געמוזט יעדען טאָג די טויבען פאַר די שטאַכעטען דורכטרייבען, און ער האָט דורכ׳ן וואַך־פענסטער׳ל קאָמאַנדירט, וואָס מען דאַרף טהון.

אין דער שטאָדט האָט מען זיך וואָס אמאָל מעהר געשראָקען. מענשען זיינען ארומגעגאַנגען ווי די שאָטענס. די שטאָדט־גוים, וואָס לעבען אַ גאַנץ יאָהר מיט יודען צוזאַמען, האָבען אָנגעהויבען אויף יודען אַנ׳אימה ארויפצואַוואַרפען. דער וואַסער־טרעגער, וואָס טראָגט אַ גאַנץ יאָהר וואַסער אין יודישע הייזער, האָט געזאָלט זאָגען צו אַ יודען, אַז עס וועט קומען דער מאַרק „יאָהאַנע“ וועט ער זיך נעהמען צו מאָשקאָווסקי׳ס הויז. דער ליכטצינדער פון דער שוהל וועט ווערען דאָזאָר איבער יודען, און דער בית הקברות־גוי וועט נאַטשאַלניק ווערען, און יודען וועלען איהם מוזען מס צאָהלען... יודען האָבען די מעשיות אויסגעהערט און זיינען אויסגעגאַנגען פאַר שרעק. מיידלעך האָט מען פון דער־היים ארויסגעשיקט. מען האָט אויסגעזוכט פערבאָרגענע מוהמעס און פעטערס אין דער־פרעמד, און דאָרט אהין די קינדער ארויסגעשיקט. און די שוהל־גאַס האָט זיך צוגעגרייט: גאָט, מיר זיינען הינטער דיין האַנד, טהו מיט אונז אזוי ווי דו פערשטעהסט!...

דאָב קוילער געסיל איז רוהיג געווען, עס האָט זיך פון קיין שום זאַך נישט וויסען געמאַכט. האָבען זיי געטראָפען אַ יודען פון שוהל־געסיל מיט אַ „תשעה באָב׳דיגער“ נאָז, האָבען זיי איהם געפרעגט:

נישט קאָנען שרייען, און אזוי געה'רג'עט איבער'ן קאָפּ, אונטער'ן הארצען, אז ער האָט שוין אליין דערפיהלט, אז עס איז גענוג. דאן האָט נאָטע איהם אָנגענומען פאר'ן קאָפּ, אראָבגעשלעפּט איהם פון שפּייכלער און פאר זיין טהיר איהם אוועקגעטראָגען...

---

אין אַ פּאָר טעג ארום האָט מען נאָטען גענומען און ארייגעזעצט אין וואך. נור אזוי פלינק נעהמט מען שוין אזא יונג? דעם סטארשי־סטראזשניק, וועלכער איז געקומען נאָך איהם, האָט די יוזעפע ארייג־נארט אין שטאל (זי האָט איהם עפּעס צו זאָגען...) מיט דער יו־זעפע איז דער סטארשי־סטראזשניק זעהר גערן געגאנגען. אין דעם פינסטערן שטאָל האָבען אָבער איהם אָבגעוואָרט חברה־לייט, און אזוי כיט איהם בלק געלערנט, אז ער האָט שוין דאָס צווייטע מאָל ניט גע־קאָנט קומען נאָך נאָטען. די שטאָדט האָט אָנגעהויבען מורא צו קריי־גען. מען האָט געזאָגט פערשיעדענע זאכען... נאָטע דרעהט זיך אין גאס ארום מיט דער בלייערנער בייטש אין דער האנד און מיט דער באשקע, וואָס לויפט איהם נאָך. עס זיינען אָבער איהם בעפאלען דריי וועכטער מיט די צוויי סטראזשניקעס, וואָס זיינען אין דער שטאדט און האָבען איהם אָבגעפיהרט אין וואך.

דערווייל איז דער בעקער געשטאָרבען פון די קלעפּ, וואָס ער האָט אונטער'ן הארצען בעקומען. די שטאָדט האָט וואָס אמאָל מעהר אָנ־געהויבען לעבען אין אימה. פערשיעדענע מעשיות האָט מען דער־צעהלט, אז דאָ נעהמען זיך פויערים צוזאמען, דאָרט נעהמט מען זיך צוזאמען. יחיאל דאָרפסגעהער האָט אין בית־מדרש דערצעהלט, אז אַ פויערטע אויפ'ן דאָרף האָט איהם געהייסען אין אַ שפּיי־געלע ארייקוקען, האָט ער דאָרט דערזעהן דעם רב'ס קאָפּ, האָט איהם די פויערטע געזאָגט, אז זי האָט אַ כשוף אָנגעמאכט. מען האָט אָנגע־הויבען צו דערצעהלען מעשיות פון עלילת דם. פון די ארומיגע דער־פער האָט מען געהערט, אז מען איז ביי־נאכט די מילכיגערס בעפאלען, און אלין זיי אוועקגערויבט. די שטאָדט איז זיך צוזאמענגעקומען ביים רב; מען האָט גוזר תענית געווען. די נגידים זיינען זיך צופאָהרען. אין שוהל־געביל האָט עס אויסגעזעהן, ווי דער טויט וואָלט מיט שוואר־צע פליגלען איבער'ן געסיל דורכגעשפּאצירט... אין בית־מדרש האָט אַ גאנצען טאָג ליכט געברענט און יודען האָבען תהלים געזאָגט. מו־

פנים געטיילט מיט דער הוילער פויסט הינטער די באַקעס, אין יעדער לעבער אריין. — יעדער זעץ האָט אָבגעקלונגען אונטער דער האַנד, ביז דער בעקער האָט זיך אויף דער ערד אנידערגעלעגט. און איבער די קעפּ זיינען אַלץ געפלויגען די קופּעס טויבען, איין קופּע איז אין דער צווייטער אריין, ווי זיי וואָלטען געוואוסט, אז איבער זיי הרג'עט מען זיך, האָבען זיי מיט די פליגלען צוגעקלאַפּט, איבער די קעפּ פליהענדיג, און דאָ האָבען זיי זיך אין טיעפען הימעל אריינגעלאָזט...

פאַרטיג געמאַכט דעם בעקער, אז ער האָט זיך שוין פון אָרט נישט געקאָנט ריהרען, זיינען די יונגען זיך צוגאַנגען, זעהן וואָס עס וועט ווייטער זיין.

גאָט האָט געהאָלפען, און די טויבען האָבען זיך איינאַנדער פערשטאַנען, און די „זי" האָט אריינגעבאַרט דעם „ער" אין נאָטעס טויבען־שלאַק.

ביי נאָטען אין דער קאָמפּאַניע איז געווען אזא שמחה, אז עס געהט שוין נישט ווייטער. דערפאַר ביים בעקער האָט מען געקלערט נקמה צו נעהמען.

דעם פרייטאג־צו־נאַכט האָט זיך דער בעקער ארויפגע'גנב'עט אין שפּייכלער ארויף צו ר' ישראל'ן, וואו נאָטעס טויבען־שלאַק איז, האָט ציגעהאַפּט זיך צו די טויבען און אָנגעהויבען צו שטיקען איינע נאָך דער צווייטער.

דאָס איז אָבער געווען אַ צו־גרויסע א י נ ש ט ע ל ו נ ג. די טויבען, דערפיהלענדיג אַ פרעמדע האַנד צווישען זיך, האָבען אָנגעהויבען צו קלאַפּען מיט די פליגלען און צו פליהען פון איין עק טויבען־שלאַק צום צווייטען, און צו מ ר אָ ק ע ן מיט די מיילער. די יוזעפע, וואָס שלאָפט אין שטוב הינטער דעם טויבען־שלאַק, איז פלינק אריין, אָנגעהאַפּט נאָטען ביי די האָהר:

— פאַנישאַ, עס איז ווער ביים טויבען־שלאַק.

נאָטע האָט נעהאַפּט אַ שטיק אייזען, וואָס ליגט ביי איהם תמיד ביים בעט, און איז ארויף דערמיט אין שפּייכלער אריין.

אריינלויפענדיג אין שפּייכלער, האָט ער באַלד בעקומען אַ „פּלעם" מיט עפּעס איבער'ן קאָפּ, אז פונקען זיינען איהם פון די אייגען געגאַנגען, ער האָט אָבער אויף דעם ניט ניט געקוקט, דערטאַפּט דעם בחור, האָט נאָטע איהם קודם כל דעם מויל פערשטאָפּט, אז ער זאָל

מיט צוויי שפרונגען איז נאָטע ארויף אויפ'ן בוידעם, אויפגע־עפענט דעם טויבען־שלאַק און ארויסגעלאָזט די טויבען.

מיט דער בייטש, און ארומגערינגעלט פון חברה־יונגען איז נאָטע אין גאַס ארויס. געגענאיבער אויף דער צווייטער זייט מארק איז גע־שטאַנען דער בעקער מיט זיין חברה מיט שטעקענס אין די הענד און איבער'ן מארק טיעף אין די וואָלקענס, האָבען זיך טויבען געבאָדען מיט זייערע לייכטע, פאָכעדיגע פליגלען אין צוויי בעזונדערע סטאדעס. איין סטאַדע איז טיילמאָל אריינגעפלויגען אין דער צווייטער. זיי האָ־בען זיך אויף אַ מינוט צוזאמענגעמישט, באַלד האָבען זיי זיך פונאַנ־דערגעשפרייט, אמאָל אראָבקומענדיג נעהנטער אין מארק אריין און אמאָל נעהמענדיג זיך טיעף אין דער־הויך. מאַכענדיג איינינגע הקפות איבער'ן מארק, האָבען זיך די טויבען אויף די דעכער צושטעלט. הויך אויף אַ דאַך איז געשטאַנען אַ טויב בעזונדער ווי אַנ'ארויסגע־שטויסענע פון דער מחנה. באַלד איז צו איהר צוגעפלויגען אַ טויב פון נאָטעס סטאַדע און האָט זיך אָנגעהויבען מיט איהר ווי צו סוד'ן. אין נאָטעס פארטיע האָט מען אָבגעוואַרט מיט הארץ־קלאַפונג די מי־נוט, אַז די טויבען זאָלען זיך פערשטעהן און צוזאַמען אריינפליהען אין נאָטעס פארטיע אריין.

דאָ איז צוגעגאַנגען אַ שייגעץ פון דעם בעקער'ס קאָמפּאַניע און האָט אַ שטיין געוואָרפען אויפ'ן דאַך ארויף, און די טויבען זיינען זיך צופלויגען.

מעהר האָט מען שוין נישט געדאַרפט.

אַ יונג איז צו פון נאָטעס קאָמפּאַניע און האָט דעם שייגעץ מיט'ן שטעקען איבער די פיס געגעבען. דער שייגעץ האָט זיך אויף דר'ערד אַנידערגעלעגט און אָנגעהויבען צו שרייען. עס זיינען צו דעם בעקער'ס קאָמפּאַניע מיט די שטעקענס, און עס האָט זיך געמאַכט אַ מלחמה, אַז נאָט זאָל אָבהיטען. מען האָט מעהר נישט געזעהען נור שטעקענס איבער די קעפ פליהען; דאָ איז אַ שייגעץ, דאָ איז אַ יונג געלעגען אויף דער ערד, מיט אַ צובלוטיגט פנים. עס איז געקומען צו־לויפען פון שחט־הויז דער בלינדער לייב מיט אַ דייטשעל אין דער האַנד און האָט געפאָכט איבער די קעפ. נאָטע האָט געחאַפּט דעם בעקער פאַר די קלאַפּעס, מיט איין האַנד פאַר די קלאַפּעס צוגעהאַלטען, אַז ער זאָל נישט קאָנען אנטלויפען, און מיט דער צווייטער האַנד אין

כען עס ליעגט דער האָבער פאר די פערד, האָט שוין געהאט א טראַ־דיציע פון א טויבענשלאַק, אז וואו מען זאָל נייסט די טויבען אוועקפיה־רען און אָבלאָזען זיי — קומען זיי צוריק צופליהען און שטעלען זיך דאָרט אויפ'ן דאַך. אויף דער צווייטער זייט שטאָדט האָט געוואוינט א גויישער בעקער, האָט ער אויך געהאט א טויבען־שלאַק. נאָטע מיט'ן בעקער האָבען געפיהרט א בעשטענדיגע מלחמה. נאָטע האָט ארויס־געלאָזט זיינע טויבען, דער בעקער — זיינע. פלעגט טרעפען, אז איין פּאַרטיע האָט פון דער צווייטער א טויב אויעקגענומען. עס איז גע־קומען א „זי" פון דער צווייטער פּארטיע און האָט אָנגעהויבען קאָמפּ־לימענטען צו מאכען, און אנרעדען דעם „ער", אז ער זאָל מיט איהר מיטפליהען אין איהר טויבען־שלאַק.

צו דעם האָט געדיענט די „חברה". נאָטע האָט געהאט זיין חברה יונגען און שקצים, וואָס האָבען געגעבטיגט ביי איהם. דער בעקער האָט געהאט זיין קאָמפּאַניע בעקער־שקצים. האָט איין פּארטיע גע־בראַכט א טויב פון דער צווייטער, איז געוואָרען שמחה, אזוי ווי מען וואָלט די וועלט איינגענומען, און די צווייטע פּארטיע איז ארומגעגאַנ־גען מיט די קעפּ אראָבגעלאָזט, קלערענדיג ווי נקמה צו נעמען. דורכ־דעם פלעגען ארויסקומען געשלעגען צווישען נאָטע'ס און דעם בעקער'ס קאָמפּאַניעס, אז גאָט דער איינציגער זאָל אָבהיטען.

---

.2

עס איז געווען א זומערדיגער פרייטאָג נאָך מיטאָג. ר' ישראל איז ערשט פון וועג אהיים געקומען. קאַמיזע דער פערד־יונג האָט גע־פיהרט די פערד צום פּלומפּ אָנטרינקען. די יוזעפע נעהמט די זאַכען פון וואָגען אראָב. צווישען זיי שלעפּט זי אראָב פון דער פוהר א גאַנז, א אינדיטשקע, אָדער א זעקעל מיט פיש, וואָס ר' ישראל האָט געקויפט אויפ'ן וועג, אהיים צו ברענגען אויף שבת. פּלוצלינג גיט א יונג א שפּרונג אריין אין הויף, לעגט אריין צוויי פינגער צווישען די ליפּען און א פייף האָט א ציטער געטהון אין אויער: פיס־ס.

— וואָס איז, ממזר? האָט נאָטע געפרעגט, ארויסקומענדיג אויפען הויף מיט דער באַשקע.

— דער בעקער האָט די טויבען זיינע ארויסגעלאָזט, די גאָלומביצע שטעהט אויפ'ן דאַך ביים ראָטהויז.

איבער זיין קאָפּ. די יוזעפע האָט איהם דעם בולאַן (זיין פערד) פון שטאַל ארויסגעפירט; איז ער נישט געווען ריין אויסגעפוצט, אָדער אז די האָהר פאר דער „גרישבע“ זיינען נישט געווען פארקעמט מיט די טראַלטלעך, האָט ער איהר געגעבען א „פייף“ מיט דער בייטש איבער'ן לייב, אז דאָס יונגע געזונדע בלוט האָט געגעבען א שפּריץ פון דער פולער רויטער האַנד.

די יוזעפע איז געווען א דיענסט ביי ר' ישראל'ן, א שיקסע, וואָס מען האָט זי געבראַכט פון דאָרף און איז פערבליבען ביי ר' ישראל'ן אין הויז שוין לעולם ועד. געזונד—אייזען: זי פּאַסט אריין אין דער מישפּחה. אין הויז איז זי א גאַנצער „בן־בית“, מישט זיך אריין אין געשפּרעך, גיט עצות און בייזערט זיך, אז עס געפעלט איהר עפּיס נישט. נאָטע קאַטעוועט זי, טיילמאָל מורא'דיג, זי וועט זיך קיין ברוגז נישט מאַכען, גיט זיך א וואָרף אריבער די לאָקען איבער די אויערען און גיט זיך א שטעל אנידער:

— דו קאַטעווע, אז עס ווילט זיך דיר!

און אין א האַלבע שעה ארום, אז זי האָט איהם אויפ'ן פערד דער־זעהן, האָט זי זיך געגעבען א שטעל ארויס פאר דער טיהר, פערלעגט די הענד הינטער די באַקעס, און די אויגען האָבען ארויסגעשמייכעלט פון הינטער די רויטע, בלאַהע פלעקען, וואָס ער האָט איהר אויפ'ן פנים אנגעמאַכט: ווי דאָס רייט זיך אויפ־פערד!

אז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער זי גערופען מיט'ן פינגער. זי האָט זיך צוערישט ניט הערען געמאַכט. דערנאָך איז זי ברוגז'ליך צוגעגאַנגען און פויל גענומען די לייצעס אין די הענד אריין.

ער האָט צו איהר א וואונק געגעבען, און איז ארויף אויפ'ן בוי־דעם צום טויבען־שלאַק.

זי האָט פלינק דאָס פערד אין שטאַל געפיהרט. אויפ'ן שוועל פון שטאַל טרעפט זי די סטרושקע, וועלכע פרעגט זי:

— ווער האָט עס דיר געמאַכט אזעלכע שענע פלעקען אויפ'ן פנים?

— דעם, וואָס האָט זיך געגלוסט, א.ן דיר א מכה! — דערביי האָט זי איהר געוויזען א פייג, און איז פלינק ארויף צום טויבען־שלאַק נאָך נאָטע'ן.

נאָטע האָט געהאַט א טויבענשלאַק. דער בוידעם, אויף וועל־

האָט ר׳ ישראל ליעב געהאַט ווי דאָס לעבען, איהם האָט זיך געדוכט, אַז דער ריט״י איז עפּיס אַ נאָהנטער קרוב, וואָס קעהר זיך אָן מיט אַלע יודען אין מישפּחה. און נאָך אַ יודען האָט ר׳ ישראל ליעב געהאַט: דאָס איז געווען דוד המלך. זיינע קאַפּיטלעך תהלים צוגעהען זיך דאָך אין די אברים פאַר זיסקייט, — און גלאַט אַ יוד דוד המלך. דיר דאַכט זיך, אַז דו געהסט אַרויס אויף דער גאַס, און דו טרעפסט דוד המלך׳ן, גיבסט איהם אָב שלום עליכם:

— שלום־עליכם אַ יוד, דוד המלך!

— ווי געהט עס?

און מען הויבט אָן צו שמועסען פון מאַרק...

אַז ביי ר׳ ישראל׳ן איז אויפגעוואַקסען געוואָרען אַ טאָכטער, איז ער אַרונטערגעגאַנגען צום רב:

— רבי, קלייבט מיר אויס אַנ׳אײדעם פאַר מיין קינד פון אייערע בחורים.

גענומען דעם אײדעם, אַוועקגעזעצט אין זיין הויז אויף כל ימיו: נאַ דיר דיין עסען, דיין טרינקען, דיין שבת־בגד און דיין טאַשען־געלד, און דו לערן מיר אין דער הייליגער תורה.

פאַר די אײדעמס מיט די גרויסע גמרות פלעגט דער יוד אַזוי דרך־ארץ האָבען, אַז אויף די נעגעל איז ער פאַר זיי געגאַנגען. פון דעם טייערסטען און בעסטען האָט ער פאַר זיי בעהאַלטען. אַז ער פלעגט הערען, ווי דער קול־התורה קלינגט אָב אין זיין שטוב, האָט זיך דער אַלטער יוד ווי אַ קינד צעוויינט פאַר שמחה.

---

זיהנדלעך האָט ער געהאַט ר׳ ישראל — ריעזען. „זשאַבלינסקי׳ס גוואַרדיע״ האָט מען זיי גערופען. זיי זענען שוין קיין „לערען־קינדער״ נישט געווען. זיי אַלע איז איבערגעגאַנגען ר׳ ישראל׳ס בן־זקונים׳ל נאָטעלע. נאָטע איז געווען אַ בחור, וואָס האָט געגעבען אַ געה אַרויס אין דער פריה מיט באַרעק׳ן זיין הונד, מיט באַשקען זיין שעפּס, און מיט׳ן פייפער. אַ טויב איז איהם געשטאַנען אויפ׳ן אַקסעל. די גאַס האָט געציטערט פאַר איהם. מיט׳ן שטרויענעם היטעלע אויף דער שפּיץ „גרשיבע״ און מיט דער בלייענער בייטש אין דער האַנד, האָט ער זיך געגעבען אַ שטעל אַנידער פאַר דער טהיר, און אָנגעהויבען צו פייפען אויף זיינע טויבען, וועלכע האָבען זיך אין אַ ראָד געהויבען

— זאָג איהם, אז ער זאָל איהם ביי מיר איינלעגען, און דו געה אהין צו יאָסקעס איידעם, אז ער זאָל צו־מאָרגענס מאכען א גוואלד, אז מען האָט איהם די פעסער אויפגעעפענט. איך וועל דיר דעם „רויטען" ארויסגעבען, און, דערנאָך, אז דער דרעה־קאָפּ וועט דיר עפּיס פּאָרזאָ־ פען — האק איהם נאָך די צייהן אויס.

אהיים געקומען א יוד ווי ר' ישראל פרייטאג פארנאכט פון וועג, האָט ער זיך געגעבען א זעץ אנידער פאר דער טהיר אויף דער באנק מיט א פולער קעשענע קליינגעלד, און גאָט געבעטען אין הארצען: „טאטע, שיק מיר צו יודען, וואָס דארפען אויף שבת", און איי נישט אריין אין שטוב, ביז ער האָט נישט די קעשענע קליינגעלד אויסגע־ טיילט אָרימע לייט. אָבגעוואשען זיך, אָנגעטהון די שבת'דיגע קאַ־ פּאָטע, און געגאנגען אין דער חברה „דריי פּיי'ען" צו קבלת־שבת. אורחים וואָס זיינען געגאנגען אויף דער מדינה, זיינען דוקא אין דער שטעדטיל אָבגעטרעטען איבער ר' ישראל'ס שבת. דער טעם פון ר' ישראל'ס קוגעל ליעגט זיי א גאנץ יאָהר אין מויל. די חברה איז תמיד פול געווען מיט אורחים. ר' ישראל האָט זיך געגעבען א שטעל אני־ דער ביי דער טהיר מיט די אורחים ווארטען, וויפיעל עס וועט איבער־ בלייבען — קיין שום יודען ליעבען נישט אזוי אורחים אהיים צו נעה־ מען אויף שבת, ווי קצבים און פישער — און וויפיעל עס זיינען אי־ בערגעבליעבען, האָט ר' ישראל מיט זיך מיטגענומען. נישט איין מאָל איז אויסגעקומען, אז דער שמש פון דער חברה „דריי פּיי'ען" האָט אויסגערופען: „דריי גילדען אנ'אורח", ווי מען פערקויפט די עליות אין דער שוהל. אזוי פיעל בעלנים זיינען געווען אין דער חברה „דריי פּיי'ען" אויף אורחים. צו־מאָרגענס אין דער־פריה נאָכ'ן דאווגען האָט זיך דער רבי פון דער חברה אנידערגעשטעלט און געלערנט מדרש פאר דער חברה. ר' ישראל'ן האָבען זיך געוויזען טרעהרען אין די אויגען. דערנאָך האָט ער אהיים געבעטען דעם עולם צו זיך אויף „קדוש". און בשעת „לחיים", האָט ר' ישראל געקלאפּט מיט דער פויסט אין טיש:

— טרינקט, יודען, אונזער טאטע יעקב! אונזער רבי משה!

די שטוב האָט געציטערט פון די זעץ מיט די פויסטען אין טיש אריין...

ר' ישראל האָט געקאָנט מעביר זיין די סדרה, און אין רש"י גע־ ווען היימיש דאָרט. וואו ער „טשעפּעט" נישט תרגום־ווערטער. רש"י'ן

מ'האָט געפונען ביי איהר אָקוויט, און געלאָזט אריינזעצען זי אין קאָזע, איז מען געקומען צולויפען צו ר' ישראל'ן. ר' ישראל נעהמט דעם שטעקען אין דער האנד און געהט אין גאס אריין, טרעפען זיך מיט'ן יוד דעם חסיד:

— לאָז ארויס די אלמנה פון דער וואך, — זאָג איך דיר!

— ר' ישראל, זאָגט אליין, זי נעהמט מיר אויעק מיין פרנסה.

מעהר האָט ר' ישראל נישט גערעדט. אהיים געקומען פון גאס, און צוויי יונגען זיינען שוין אריין צום „פראָפּינאַטאָר" אין שיינק מיט די שטעקענס אין די הענד, האָבען געגעבען א נעהם צוויי טונען מיט שפּירט, ארויסגעדרעהט די קראַנען און ארויסגעשטעלט זיי פאר דער טהיר: שעפּט ווער עס וויל! האָבען יודען געראָטן א שבת מיט בראַנ־פען, אז מען האָט זיך אין גאסען ארומגעוואלגערט שכור, און איהם, דעם „פּראָפּינאַטאָר", האָט מען נאָך די אויגען אינטער־געהאקט און צוגע־זאָגט איהם: אויף דער צווייטער וואָך צו פערבעבערען — און געה שריי חי וקים!

קומט אריין א יונג אין שטוב ביי ר' ישראל'ן און שטעלט זיך אני־דער ביי דער גרויסער שאַנק.

— וואָס ווילסט דו, שניידער־קאָפּ? געהט צו צו איהם ר' ישראל און קלאַפּט איהם איבער'ן פּנים: שלאָגט די מאמען, זאָגט מען מיר, דו וואוילער יונג איינער. — ווער האָט דיר ביז איצט צו פרעסען גע־געבען? און אז אַנ'אַנדער זאָגט איהר א וואָרט, נעהמסט דו צו איהם א מעסער ארויס!

— ר' ישראל, עס איז מיין מאמע, איך מעג, דאָס איז מ י י ן מאמע, אָבער א פרעמדען — א מכה. די ב ע ב ע כ ע ס וועל איך איהם ארויסנעהמען, — נישט רעכט, ר' ישראל?

— און וואָס ווילסטו, צירעלע?

— דער „דרעה־קאָפּ", דער חביר — וואָס האָט דעם נאָפּט־סקלאַד, וויל מיר געבען א רויטען קארפּען־קאָפּ, אז איך זאָל ביי־נאכט אריבער איבער'ן פּליט צו זיין קאָנקורענט, יאָסקעס איידעם, און זאָל איהם א חתונה אָבשפּיעלען מיט די פּעסער נאַפּט.

— וועל איך דיר דעם קאָפּ צושפּאַלטען, דעם רויטען קארפּען־קאָפּ געהם, און טראָשע איהם א ביין אונטער.

— וויל ער דאָך דעם קארפּען־קאָפּ פריהער נישט געבען.

זיעבציג־יעהריגער, דאָך איז ער געגאַנגען נאָך אַהן אַ שטעקיל און האָט נאָך קיין ברילען נישט געטראָגען, — אַ רעשטעל פון פאַרצייטיגע יאָהרען, ווען אַ קווערטיל אַקוויט האָט אַ פינפער געקאָסט. אז ר׳ ישראל פלעגט זיך אַ צוויי שעה ארומיאָגען נאָך אַנ׳אָקס, וועלכער האָט זיך פון שטריק אַבגעריסען, און פלעגט איהם צום סוף ביי די הערנער אָנכאַפּען, אַזוי אַז דער אָקס האָט זיין שווערען אָקען געבויגען פאַר איהם, פלעגט ער קרעכצען מיט אַ געלעכטעריל: „ע, נישטאָ די פאַרצייטיגע כחות"! ער איז געווען אַ גרויסער פּיה־הענדלער, וועלכער האַנדעלט מיט׳ן „דייטש" אין די טויזענדער אריין, און קויפט־אויף דאָס גאַנצע פיה אין דער ארומינער געגענד. ווי אַ מענשען, וואָס האָט פון זיך געלאָזט אַ גראָשען פערדיענען, האָבען איהם אַלע, ווי יו־דען, ווי גוים, שטאַרק כבוד אָבגעגעבען. ביי איהם האָבען זיי געהאַט דאָס געלד שטעהן, ביי איהם האָבען זיי געלד געבאָרגט, ווען עס איז אויסגעקומען, און צו איהם זיינען זיי געקומען שואל עצה זיין און אויסגלייכען זיך, און דאָס,וואָס ר׳ ישראל האָט געזאָגט, איז, ברודער, געווען געזאָגט. ר׳ ישראל האָט געקאָנט טיילען פּעטש דעם גרעסטען, שטאַרקסטען „וואַיילען יונג" (אַז עס איז אויסגעקומען). — ר׳ ישראל׳ן וועט מען נישט אַנטקעגען רעדען. האָט עס אַ יוד געוואגט, האָט ער געקאָנט גע׳הרג׳עט ווערען אויפ׳ן אָרט פון קוילער געסיל. ביי ר׳ ישראל׳ן אין הויז האַלטען זיך אויף אַלע יונגען און שקצים פון קוילער געסיל — טרייבען די אָקסען קיין לאָדז, אָדער צו דער גרעניץ. אין די שטאַלען, וואו עס זיינען געשטאַנען די פערד, אָקסען און שעפּסען, האָבען חברה גענעכטיגט. עסען איז ביי ר׳ ישראל׳ן פריי און אָפען געווען פאַר אַלעמען. תמיד איז דאָס ברויט מיט פּוטער אויפ׳ן טיש גע־שטאַנען, — אריינגעקומען, אָבגעשניטען אַ „המוציא" און געגאַנגען זיך זיין וועג. דאָס הויז האָט זיך געבאָדען אין שפע: קיה, אָקסען, פערד, ציגען, שעפּסען, גענז און יונגען מיט שקצים. ביי ר׳ ישראל׳ן איז אַליץ געשטאַנען אָפען. דאָ, וועט מען, ברודער, נישט גנב׳ענען: גע׳הרג׳עט אויפ׳ן אָרט וואָלט מען געוואָרען. האָט מען ווען געטהון אין שטאָדט אַנ׳עולה, איז מען זיך געקומען קלאָגען פאַר ר׳ ישראל׳ן, און ר׳ ישראל איז ארויסגעגאַנגען און געטיילט פּעטש. אַמאָל האָט דער יוד, דער חסיד וואָס האַלט די פּראָפּינאַציע ביים פּריץ פון שטאָדט, געמאַכט אַ רעוויזיע ביי אַ יודענע אַנ׳אַלמנה אין אַ פרייטאָג פאַרנאַכט.

קוילער געסיל פלעגט דאָרט אהין אריינשיקען, און חאַטש וואָס עס זאָל זיך נישט מאַכען אין שוהל־געסיל — דער שעפער רייצט דעם הונד אָן, אָדער א שכור'ער גוי שלאָגט, — פלעגען יודען, ווי גרויס, ווי קליין קומען צו לויפען אין קוילער געסיל אריין: „געוואלד א גוי שלאָגט!" דאָך אין הארצען האָבען זיי עס אינגאַנצען מבטל געווען: גאָרנישט מעשה יוד, האָבען זיי זיך געזאָגט, און אז משיח וועט קומען, וועלען זיי דאָך מוזען אָנקומען צו אונז... די „פיינע מענשען" פון דער ברייטער גאַס, א ר' ברכיה ליבוויארש, למשל, האָט גאָרנישט „געהאלטען" פון זיי: „ווילדע ברואים, זאָגען אלעמען „דו", נור מען דארף אמאָל די שקצים מחמת שלום וועגען, ווען די רעקרוטען געהען דורך, אז זיי זאָלען נישט די שויבען אויסהאַקען."

אמת איז, אז אויך דאָס קוילער געסיל האָט זיך ניט שטאַרק גע'חבר'ט מיט די מיוחסים פון די אנדערע געסלעך. זיי פלעגען זיי רופען: „אויסגעוויקטע יודען". נור אז עס האָט זיך געמאַכט, ווען מען האָט געדארפט עפּיס צום הימעל, ווי א קוויטעל שרייבען פאַר א קראַנק קינד צום רבי'ן, אָדער א קאַפּיטעל תהלים זאָגען (צו דעם קיין גרויסע בריות זיינען זיי שוין נישט), האָבען זיי געמוזט אָנקומען צום בית־המדרש־געסיל. פלעגט קומען ראש חודש אלול, דענסטמאָל איז דאָס קוילער געסיל גאָר געוואָרען ווי א כושל פאַר'ן בית־המדרש געסיל. מען האָט דרך־ארץ געהאַט פאַר'ן קלענסטען יוד פון בית־המדרש־געסיל: „פון משה רבינו'ס גוואַרדיע", האָבען זיי איהם גערופען: און ערב־יום־כפור איז פאַר דער טהיר פון דער שוהל געלעגען אויסגעצויגען א הויכער געזונדער יוד, א בעל עגלה, אָדער א פישער, און דאָס בית־המדרש־געסיל האָט פאַר גאָט און הימעל מיט א פּאַסיק מלקות געטיילט דעם קוילער געסיל...

---

אין קוילער געסיל איז געשטאַנען געבויט א הויז: פון האָלץ, פון איין שטאָק מיט לאַנגע ביינק פאַר דער טהיר, וואָס מען האָט עס גערופען „אויף דער באַנק", וואָרום דאָרט זיינען חברה זיך צוזאַמענגעקומען, און פאַר דער טהיר זיך געזעצט. אין דעם הויז האָט געוואוינט ר' ישראל זשאַבלינער.

ר' ישראל איז געווען דער עלטסטער און מכובד'סטער פון אלע איינוואָוינער אין קוילער געסיל. ער איז געווען א יוד א זקן — א

פויער האָדעוועט דאָס פערד און שאַנעוועט עס, געפינען זיך דאָרט די גרויסע אידישע פערד־הענדלער, וואָס שטעלען צו סחורה פאַר'ן „דייטש“, וועלכער קומט אראָב פון טהוירען און בערלין. די אָרימע יודען דינגען ביים פויער איבער'ן זומער דעם פרוכט־גאָרטען אָב. ווינטער וואַשען זיי פאַר איהם די פעלצלעך אין שטאָדט־סטאַוו, און פיהרען עס אויף די ירידין קיין לאָוויטש, אָדער קיין גאָמבין. דער יוד איז די גאַנצע וואָך אין דאָרף, וואוינט מיט'ן פויער און לעבט מיט איהם צוזאַמען, אויף שבת קומט ער אין שטאָדט אריין, צו דער חברה „דריי פייע'ן“ (פישער, פלייישער, פוהרמאַנעס) דאַווענען. דאָרט טיילט מען זיך כבודים, און מען דערצעהלט מעשיות פון אַ גאַנצער וואָך. שבת נאָכ'ן עסען געהט מען אויפ'ן פעלד, וואו מען פיטערט די פערד און וואו יונגען שפּיעלען אין „פאַלענט און באַלעם“. און פאַר־נאַכט זעצט מען זיך אויף די ביינק פאַר די הייזער, און מען קוקט אויף די דיענסט־מיידלעך, וואָס געהען שפּאַציערען, און מען דערצעהלט זיך ווייטער מעשיות.

---

אין איינעם פון די אויבען־דערמאָהנטע שטעדטלעך איז געווען אַ געסיל, וועלכעס מען האָט גערופען דאָס „קוילער געסיל“. קויל איז אַ שטעדט'ל דערנעבען, און דאָס געסיל ליעגט אויפ'ן טראַקט, וואָס קומט אָן פון זשאָכלין און פיהרט דורך קראָשעניעוויץ קיין קויל. די חברה „דריי פיי'ען“ האָבען זיך געפונען אין קוילער געסיל. דאָס קוי־לער געסיל איז נישט געווען אין גלות. דאָרט האָט מען יודען נישט געשלאָגען; האָט זיך עפּעס געמאַכט אַ נאָך סוכות, ווען רעקרוטען זיי־נען דורכגעגאַנגען דורכ'ן שטעדט'ל און האָבען אָנגעהויבען אָנצוגעבען, האָבען זיך געפונען חברה־לייט, — די דישלען האָט מען פון די וועגען ארויסגענומען, פּרענטען אייזען האָט מען פון די לאָדענס אָבגעריסען, בוימער, וואָס וואַקסען פאַר די טהירען, האָט מען פון דער ערד ארויס־געריסען, און מיט דעם אין גאַס אריין, ווייזען: „ווער איך בין!“

דאָס בית־המדרש־געסיל, וואו דער רב וואוינט מיט די שוחטים און אלע מלמדים, און וואו עס איז די מקוה מיט'ן שחט־הויז פאַר עופות, האָט זיך זעהר געשעמט מיט'ן קוילער געסיל: „גראָבע מענ־שען, קצבים, פישער־יונגען!“ און האָטש דאָס בית־המדרש־געסיל האָט איינגאַנצען נור געלעבט פון דעם „כבוד־יום־טוב־געלד“, וואָס דאָס

איז דער פויער, וואָס ארבייט אויף דעם פעלד, ווי דער קארטאָפעל, וועלכען עס גיט פון זיך ארויס. ניישט עס פוצט זיך דאָ דער פויער אין די ווייסע האלאטען און אין די קאָלירטע הייזען, און בעפוצט ניט זיין קאפעליוש מיט בענדער און קאָרעלען, ווי דער פויער פון לאָוויטש; און ניישט ער פערנעהמט זיך מיט כישוף־מאכעריי, ווי דער פויער פון די „הויכע טאפאָלען" וואָס איז אין „קאיאווע". דער פויער פון דעם פעלד איז ווי א שטיק ערד, וואָס גאָט האָט אין איהם א נשמה אריינגעבלאָזען, ווי א געהענדיגע ליפע, וואָס וואקסט פאר זיין הויז... ער האלט זיך ביי זיין פייפעל פון וועלכער ער שפיעלט ביז אין דער האלבער נאכט לאנגע נגונים אָהן א מאָטיוו, וועלכע הויבען זיך ניישט אָן און לאָזען זיך ניישט אויס, ווי זיינע לאנגע, ווייטע, גרין־בעוואקסענע פעלדער... א מענש איז עס אָהן איבערשפיצלעך. — „אָט אזוי האָט מיך גאָט בעשאפען". איז ער גוט, קאָן ער איועקגעבען דאָס העמד פון לייב! דערבייזערט מען איהם אָבער — וועט ער מיט'ן לעבען בעצאָהלען, אבי נור פון יענעם נקמה צו נעהמען. ער האָט ליעב פון דער נאטור זיין פיה, וואָס עס וואוינט מיט איהם, און וועט עס קיינמאָל ניישט שהט'ען פאר זיין אייגען געברויך. נור מעהר פון אלין האָט ער ליעב זיין פערד, שאנעוועט עס, און וועט עס קיינמאָל ניישט בענוצען צו א וואָכענדיגע ארבייט, צום אקער וועט ער בעסער די קיה מיט'ן ווייב איינשפאנען, נור ניישט זיין פערד. דאָס פערד האלט ער צום וואָגען אויף זונטאָג, צו פאָהרען אין קירך אריין, אָדער אין א נאָהענט דארף צו א חבר, צו קאָנען ווייזען זיך מיט זיין פערד פאר אנדערע חברים.

דער יוד, וואָס איז געבאָרען געוואָרען אויף דער דאָרטיגער ערד, האָט אין זיך מעהר פעלד־געשטאַלט און עפעל־געשטאַלט, ווי בית־המדרש און מקוה... דאָס לאַנד איז רייך אין פאַשע, האָרעוועט דאָרט דער פויער דאָס פיה, דעם אָקס מיט'ן שעפס. יודען קויפען עס אויף און פיהרען דאָס פיה קיין לאָדז, אָדער איבער דער גרעניץ, וואָס איז פון דאָרט ניישט ווייט. עס געפינט זיך דאָרט צווישען די יודען די בעריהמטע פיישער פון די לאַנסטער כטאַיועז, וואָס בעזאָרגען מיט פיש לאָדז און די ארומיגע געגענד אין ראלישער און אין פלאָצקער גובערניע. וואו עס געהט נאָך קיין באהן ניישט, געפינען זיך די גרייכע פוהרמאַנעס, וועלכע שטעלען צו די ליטוואַקעס צו דער גרעניץ. דער

# דאס קוילער געסיל

צווישען גרויס־פוילען און מאזעוויע׳ן ציהט זיך א דריי־עקעדיג שטיק לאנד. פון איין זייט גרעניצט עס זיך מיט די זאמדיגע ווייקסעל־בערג, וואס ציהען זיך הארט ביי דער זילבערנער ווייקסעל־סטענגע ארום פלאצק און וולאצלאוויק; צו דער צווייטער זייט, ביי ליענשי׳ן צו, האט עס אין שכנות די פראווינץ קאיאווע, וואס איז פול מיט מורא׳דיגע סודות, און לינקס פון דארט האט עס דאס רייכע אין פארבען און טענער „קשענסטווא“ לאוויטש. דאס שטיק לאנד, אין וועלכען עס געהען אריין די שטעדט: קוטנא, זשאכלין, גאסטענין, גאמבין און נאך איניגע קליינע שטעדטלעך, איז פראסט און איינארטיג, ווי דער פויער, וואס וואוינט אין איהם. ארים אין וואסער, ארים אין וועלדער, ציהט זיך דארט אויס דער האריזאנט גאנץ ברייט און ווייט, דאס אויג האט אויף גארנישט בעזונדערס אבצושטעלען זיך: לאנגע, איינארטיגע פעלדער, בעוואקסען מעהרסטענטייל מיט׳ן ארימען ברויט, בלאנדזען זיך אויף מיילען אוועק. טיילמאל שניידט דורך די אונ־ענדליכע, גלייכע, בעזייהטע פעלדער א ווייסע סטענגע פון א פוהר־וועג, בעזעצט שיטער מיט וויינענדיגע ווערבעס, וואס פיהרט פון איין שטעדטיל אין דאס צווייטע אריין. נישט דאס לאנד האט אין זיך די סודות פון איהר שכנה קאיאווע, וואס מען דערצעהלט פון איהר פערדישיעדענע לעגענדען, אז טויטע נשמות שפאצירען איבער איהרע שווארצע וועגלעך, וועלכע בלאנדזען זיך אין די פעלדער ארום, און זיי פערנארען מענשען אין זומפען אריין; נישט עס האט אין זיך די רייכ־קייט פון פארבען און טענער פון איהר שכנה דער „פרינצעסין פון לאוויטש“, וועלכע האט אויף איהר ערד ארויסגעגעבען דעם גרעסטען פוילישען מוזיקער און בעשעפער פון דער פוילישער פאלקס־מאזורקע— שאפען׳ן. נור פראסט און איינארטיג איז דאס פעלד, און פשוט

פון אָרט און אַ ביסעל װײַטער זיצענדיג, און האָט זיך גלײַך געמאַכט דעם הוט אויפ'ן קאָפּ.

— גוט שבת!

חברה בלײַבט זיצען שטיל.

מײדלעך האָבען זיך געדרעהט אַהין און צוריק און קײנער האָט קײן װאָרט גערעדט. „קאַמיזע" האָט זיך בעהאַלטען אין אַ װינקעלע בײַ דער װאַנד. די זון שײַנט, עס לעבט אַלין. נור חברה — טױט שטום זײַנען זײ! שלמה מלאך בײַגט דעם קאָפּ אַראָב אויף דער האַנד און קלערט עפּעס.

— נו מלאך, װאָס שװײַגסט דו? — גיט מאַטיס איהם פּלוצלינג אַ פּאַטש מיט דער האַנד איבער דער קניע.

— אָה, בעל־בית! — זאָגט דער יונג, און רוקט זיך אָב, רײַבט זיך מיט דער האַנד איבער דער קניע און פערקרימט דאָס פּנים מיט אַ מאָדנע מין געלעכטער.

חברה האָט געשװיגען, און אַ שטילקײט האָט אַלין אַרום געשטיקט.... מען האָט דרך־ארץ.

מאַטיס האָט זיך אויפגעהויבען און צוריק אין טהיר אַרײַן.

— „קאַמיזע", די טעקסע געהט! — הערט ער הינטער זיך שלמה מלאך'ס קול.

פען, פריש, א ביסעל אויפגערוימט, נישט וויסענדיג אליין פאר וואס, און איז אין דער צווייטער שטוב אריין.

אויפ'ן געדעקטען טיש זיינען צוויי פאמעראנצען אין א קלאַיש געלעגען, רחל'ה האט גערעדט מיט'ן ברודער, וואס זיצט מיט'ן רוקען צו מאטיס'ן און בעמערקט איהם נישט.

— וואס מאכסט דו עפיס, מאטי? — געהט מאטיס צו און קלאפט איהם וואוילעריש אויף די פלייצע.

דער שוואגער דרעהט זיך אום און קוקט אויף מאטיס'ן האלב פערוואונדערט, האלב מיט כעס.

באלד איז רחל'ה אין דער צווייטער שטוב אריין און ווינקט צו מאטיס'ן מיט'ן פינגער.

מאטיס איז נאכגעגאנגען.

— זעהסט, מאטיס — זאגט זי צו איהם, אננעהמענדיג איהם פאר דעם קנאפ פון פאלטא — עס איז נישט שען צו קלאפען איבער די פלייצעס. דאס פאסט פאר זיי, נישט פאר דיר.

זיי זיינען צוריק אין שטוב אריין.

דער שוואגער האלב ברוגז'דיג און א ביסעל „פון דער הייך", טרינקט פון כוס און רעדט מיט רחל'הן, נישט קוקענדיג אויף מאטיס'ן.

מאטיס איז פון שטוב ארויס.

די זון שיינט היימליך, אויפגערוימט איז אין געסיל, אויף דער באנק זיצט חברה, מען לעבט, מען ציהט איינער דעם צווייטען דעם הוט איבער די אויערן, דיענסט־מיידלעך אין שבת'דיגע קליידלעך דרעהען זיך איבער דער גאס, און חברה — וועמען מען קען מעיז פנים זיין — שיקט מען צו „קאמיזע'ן", און וועמען נישט — לאזט מען פערביי מיט געלעכטער פון דער ווייטען.

מאטיס איז צוגעגאנגען און האט זיך געזעצט אויף דער באנק.

— א רוח דיר אין דיין טרפה פרצוף! — האט שלמה מלאך געזאגט צו א צווייטען יונג, נישט בעמערקענדיג מאטיס'ן.

באלד האט א יונג שלמה מלאך געגעבען א שטופ, און געוויזען איהם מיט'ן פינגער. שלמה האט זיך אומגעדרעהט, און איז, דערזע־ענדיג מאטיס'ן, פערשעמט געווארען.

— גוט שבת! — האט ער געזאגט, א ביסעל אויפהויבענדיג זיך

מאַטיס, איינוויקלענדיג זיך אין מאַנטעל, געהט אריין אין דער „רעסטאַראַציע“.

די בעל־בית'טע האָט געבעטען אַ אינדיטישקע פון מאַרק. — דערמאָנט שלמה מאַטיס'ן, ווען דער לעצטער אין פון דער „רעסטאַראַ־ציע“ ארויס, גרייט צו פאָהרען.

---

געוועזען איז עס אַ שבת נאָכמיטאָג.

אויפ'ן בעט אין „שלאָף־צימער“ ליגט מאַטיס אויסגעצויגען און קוקט אויף דעם ווייב'ס קאַפּעלויש מיט דער „קייט“, וואָס ליגען אויף דעם צווייטען אויפגעבעטען בעט. דאָס ווייב איז אין שוהל געוועזען — קלערט ער פויל און רייבט די אויגען. די שבתים נאָך מיטאָג זיינען עפּעס מיט מעהר גלאַנץ, שבת'דיגער, עס לאַכט מיט חן דורכ'ן פענסטער און שטראַהלט זיך אָב אויף דעם שויבען־שענקעל, וואָס שטעהט צווישען די צוויי בעטען. די זילבערנע לייכטער גלאַנצען... פון דער צווייטער שטוב הערט זיך זיין שוואָגער מאָטעל'ס נגידיש קול, וואָס קלינגט איבער דער שטיב ווי אַ גלעקעל. „דער שוואָגער איז געקומען צו גאַסט, מען דאַרף זיך אויפהויבען“ — פּיהלט מאַטיס אַ חוב אויף זיך. פון דער באַנק, וואָס איז פאַר דער טהיר, הערט זיך אַ חבר'ס קול. יוסעלע טויבענכאַפּער פערצעהלט מיט געלעכטער, ווי פיעל „קוילען“ (קניידלעך) אהרן פורמאַן עסט אין פסח אויף.

מאַטיס, ליגענדיג אויפ'ן בעט, האָרכט זיך איין, וואָס חברה פערצעהלט און לאַכט מיט.

— נעם זי, נעם! — שרייט אַ יונג, אשר ביק'ס קול.

— אָט אזוי, האלט...

— חאַ, חאַ, פעסט האַלט, לאָז נישט אָב!

— פיהר זי אונטער דער חופּה, הייכט זי מוחל זיין!

— חאַ, חאַ...

מאַטיס קריכט אראָב פון בעט, ער געהט צו צום פענסטער און קוקט ארויס. „קאַמיזע“ האַלט אַ אויסגעפּוצטען טישאַלענט אונטערן אָרים און לאָזט זי נישט אָב. דאָס מיידעל רייסט זיך פון איהם מיט אַלע כחות, ער האַלט זי אָבער פעסט, און חברה לאַכט.

מאַטיס קוקט און לאַכט מיט. געפיהלט האָט ער זיך אויסגעשלאָ־

די פערד טראַפּטשען און טראַפּטשען, די רעדער שניידען אין די שטיינדלעך, און דער רעגען קאַפּעט אויפ'ן פּנים, און שלמה מלאך מאַכט זיך גאָר נישט דערפון, קיין וואָרט רופט ער זיך נישט אָן.

מאַטיס וויל אָנהויבען רעדען, נור שלמה מלאך זיצט פערדרעהט, אויפ'ן רוקען א זאַק, עס פאַלט א טראָפּען און דער זאַק זאַפּט אין זיך די טראָפּען איין, גלייכגילטיג: נישט זיין געשעפט...

און דער רעגען קאַפּעט, דער הימעל איז שוין אין גאַנצען פערוואָלקענט. די חמארע האָט זיך געלעגט איבער'ן וואַלד, עס איז טונקעל, טרויעריג...

מאַטיס וויל אָנהויבען רעדען — — —

נור שלמה מלאך'ס רוקען איז שטום, דער זאַק זאַפּט איין די טראָפּען און שווייגט.

זיי פאָהרען פערביי א קרעטשמע.

— ווערסט כאַפּען א לאַמפּערקע? (א טרונק בראַנפען).

— פאַר וואָס נישט?

זיי קריכען אראָב פון וואָגען, אין קרעטשמע אריין. מען כאַפּט א טרונק בראָנפען און מען זעצט זיך צוריק אויפ'ן וואָגען ארויף...

— שלמה.

— וואָס?

— גאָר נישט, פאָהר אין דער זייט, אויף די שטיינער...

---

דער מאַרק איז אָנגעשטעלט מיט וועגען און פערד. מענשען לויפען, א גערעדעריי און גערודער, עס קלאַפּט...

מאַטיס איז אראָב פון וואָגען און איז געגאַנגען צום פערד־מאַרק.

פאַר נאַכט קומט ער צוריק, און א יונג פיהרט איהם צוויי פערד.

— זעה די „חיות“, וואָס איך האָב מיר געשאַפט, — זאָגט מאַטיס צו שלמה'ן.

שלמה מלאך בעטראַכט די פערד. קוקט זיי אין די ציינער און שווייגט.

— נו, וואָס זאָגסט דו, שלמה?

— ווייס איך?

— טרעף, ווי פיעל זיי קאָסטען.

— זאָל איך אזוי ווויסען...

שלמה מלאך צו דער חברה, ווען זי איז שוין אוועקגעגאַנגען — אַזוי ליכט שיטען זיך איהר די ווערטער, אַזוי ממזר'יש, — אַ רוח איהר אין איהר טאַטען !

און עפּיס אָהנע צו וויסען אַליין, האָט ער זיך געסטאַרעט די בעסטע פּאָר פערד פון שטאַל אויסצוקלויבען און פלינק די פוהר איינצו־שפּאַנען. און מיט אַ קנאַל פון דער בייטש איז ער פאַר דער טהיר אַפּויר געפאָהרען.

נאָך דעם שמועס מיט דער בעל־הבית'טע האָט ער זיך געפיהלט עפּיס מעהר היימיש, און איז אין דער קיך אריינגעקומען, אָהן אַ תירוץ צו האָבען, וואָס ער האָט ביז יעצט נישט געקענט טהון...

דערזעהן אָבער רחל'ען אין דער קיך, איז ער פּלוצלונג שטעהן געבליבען. „וואָס טהו איך דאָ ?" האָט ער זיך געפרעגט. און שטעהענדיג פון דער ווייטען ביי דער טהיר, האָט ער געשטאַמעלט : דער בעל־בית וועט באַלד ארויסקומען ?

זי האָט איהם נישט געענטפערט. און שלמה מלאך איז באַלד ארויס פון קיך.

---

פון דער חתונה אָן האָט מאַטיס נישט געוואָלט פאָהרען מיט שלמה מלאך „סאַם נאַ סאַם". נישט געשעמט זיך, יאַ געשעמט זיך, עס איז דאָך נאַרישקייטען, נאָר גלאַט אַזוי... ער איז דאָך אַ גוטער ברודער פון לאַנג, אין איינעם ביי פוקס'ן שמייסער געווען, „געשעפט־ליך" געהאַט, און יעצט — — — איבער דעם איז מאַטיס די גאַנצע צייט אויבען־אָן געזעסען, און שטיל געשוויגען. שלמה מלאך אויפ'ן קאַרשעל האָט אויך שטיל געשוויגען.

ווען זיי זיינען ארויסגעפאָהרען איז שען געווען. נור אין מיטען וועג האָבען זיך איבער'ן הימעל קליינע אָבגעריסענע וואָלקענדלעך פערקליבען. באַלד האָבען זיי זיך בעהעפט, איין שטיק געוואָרען, און עס האָט אָנגעהויבען ליכט צו טריפען.

שלמה מלאך איז געזעסען מיט'ן פּנים צו די פערד און האָט זיך דאָס זייניגע געטהון : אָנגעטריבען.

דער רעגען האָט געקאַפּעט, נישט געדיכטער נישט שיטערער, נאָר עפּעס אַזוי שוין מיט איין מאָס, אָרן אַ כונה, גלאַט אַזוי : עס רעגענט.

**די** פערד שטעהען, בעהאַלטענדיג די קעפּ אין דער פינכטער.... אונטער יעדען איז פריש שטרוי אויסגעשפּרייט, א ווארעמער פערד־גערוך טראַגט זיך פון זייערע צוהיצטע קערפּער ארוים, אויף גרויסע הויפען שטרוי ליגען חברה אויסגעצויגען און שמועסען.

— די יאַטישע טאָכטער האָט דאָך צו מיר גערעדט! — זאָגט שלמה מלאך צו די חברים אָנקומענדיג.

— א רוח איהר אין די זייטען! איך וואָלט איהר אין פּרצוף געשפּיגען, ווען זי וואָלט זיך צו מיר מיט א וואָרט אָנגערופען.

— איך לאָקער נאָך אויף איהר! וועל איך איהר אמאָל געבען אין טאַטען אריין, וועט איהר ליכטיג אין די אויגען ווערען.

— שווייגט, אָט רידערט זי מיט א אבר. זי געהט. די „יאַטישע".

פון הויף קומט רחל'ה אָן. זי געהט זיך פּאַמעליך, אזוי ווי זי וואָלט מורא האָבען, איהר פוס אויף די האַרטע שטיינער צו שטעלען, דאָס לייכטע טיכעל ציטערט איבער איהרע אקסעל. א ווינטעל בלאָזט און פערוואָרפט איהר איינינגע טראָלבען פון טיכעל איבער'ן פנים. זי בעוועגט לייכט מיט דער האנד און מאַכט זיך גלייך די האָר פון קאָפּ.

זי קומט אָן פאַר'ן שטאָל.

אָהנע צו וויסען, האָבען זיך חברה אויפגעחאַפּט, גלייך געשטעלט און „גוט מאָרגען" געזאָגט.

זי האָט לייכט מיט דעם קאָפּ אָבגעענטפערט.

— מיינע ליעבע, ווער פון אייך פאָהרט מיט מיט'ן הערר נאָך ליענטשיץ אויפ'ן מארק?

— איך, בעל־בית'טע! — האָט שלמה מלאך אָבגעענטפערט, זיך גלייך מאַכענדיג דעם הוט אויף'ן קאָפּ.

— מיין פריינד, וועסט אזוי גוט זיין, מיר פון מארק א גוטע אינדיטשקע מיטברענגען. וועסט דערמאָנען דעם הערר, וועט ער דיר געלד געבען...

— גוט, בעל־בית'טע! — האָט ער אָבגעענטפערט.

און ווען זי האָט זיך אומגעדרעהט אוועק צו געהן, האָט זי לייכט איהר קאָפּ צוריק געוואָרפען און געזאָגט:

— א פעטע זאָלסט דו אויסקלויבען. הערסט, שלמה?

— יא, בעל־בית'טע.

— ווי דאָס רעדט! וואָס פאַר א פּיסקעל דאָס האָט! — זאָגט

צו זעהן אַ שטיקעל נחת ביי אַ קינד.

און מאַטים איז שוין געוואָרען אין די „משפחה“ אריינגענומען, ביים טיש זיצט ער שוין ניט מיט האַרץ־קלאַפּען, וואַרפט אפילו אַמאָל אויף אַ וואָרט אין שמועס אריין.

— אונזער מאַטים וועט זיך אויסאַרבייטען! ניישט אַזוי שלעכט, ווי געמיינט, — זאָגט ר׳ יעקב צום עלטערען זוהן מאָטעלע.

— ער האָט אָפּטמאָל גאַנץ גוטע איינפאַלען — העלפט דער זוהן דעם פאָטער צו.

שבת. ער זיצט ביים שווער גלייך מיט אַלע און שמועסט. רחל׳ה דרעהט זיך אין זיידענעם שלאָפראָק ארום, די גאָלדענע קייט מיט דער „קאַליע“ אויפ׳ן האַלז: דאָס בלייכע עדעלע פּנים לייכט פון אונ־טער דעם האָריגען שייטעל ארויס, און אויף די דיניטשקע ליפּען ליגט אויסגעגאָסען אַ ליעבער, זיסער שמייכעל.

פאַר דער טהיר, אויף דער באַנק, זיצען חברה, אַמאָליגע מאַטים׳עס חברים און וואַיוועען ארום, און רעדען „עזות׳קייטען“. און יעדעס מאָל, ווען עמיצענס גראָב קול לאָזט זיך הערען אין שטוב, ווערט מאַטים רויט, און דאָס האַרץ קלאַפּט אין איהם: ער האָט מורא, עס זאָל זיך אַ יונג נישט ארויסכאַפּען מיט זעהר אַ גראָב וואָרט...

---

ער ווייסט נישט ווי און ווען דאָס איז געוואָרען, נור די אַמאָליגע חברים האָבען איהם אויפגעהערט צו זאָגען „דו“.

— זאָל מאַטים אַזוי גוט זיין, געבען אויף אַ האַלבע קערין האָבער — זאָגט צו איהם שלמה מלאך, שטעהענדיג אין קיך ביי דער טהיר.

רחל׳ה קומט פון דער צווייטער שטוב ארויס און בעוועגט לייכט מיט׳ן קאָפּ. שלמה מלאך וויל איהר גוט מאָרגען זאָגען, נאָר ער שרעקט זיך...

— ווען הייסט מאַטים... דער בעל הב.... איינשפּאַנען?

רחל׳ה ענטפערט איהם פון דער ווייטען, ווי איהר וואָלט נישט געפּאַסט צו שטעהן נעבען איהם:

— דער בעל־בית וועט שוין שפּעטער צו וויסען געבען.

מאַטים קוקט אויף איהר. ווי לייכט די ווערטער שוועבען איהר פון מויל, און געהט איהר נאָך אין דער צווייטער שטוב אריין.

שלמה מלאך געהט צו די חברים אין שטאַל אריין.

איז געווען דער „עומד“ פון חתן׳ס צד, און דער חתן אליין איז עפּעס ערלער, פיינער געוואָרען.

— אַ וואונדער עפּעס, האָבען די ווייבער גערעדט.

— אַז מען קומט אריין אין אזא משפּחה!

— נו, רחל׳ה וועט איהם שוין פאַר אַ לייט מאַכען.

און איינגענומען האָט איהם רחל׳ה מיט גוטען. פון דער הויף. האלב ברוגז׳דיג, האלב מיט אַ גוט געלעכטעריל. אַז מאַטים האָט מיט וועם גערעדט און זי איז דערביי געווען, האָט ער איהר אין די אויגען געקוקט, ווי פרעגענדיג, צו זאָגט ער נישט עפּעס גראָבס.

און טהיילמאָל, אַז מאַטים האָט זיך ארויסגעכאַפּט מיט עפּעס אַ נישט־פּאַסעדיג וואָרט, האָט זי איהם אין דער צווייטער שטוב אריינגערופען און, אָננעמענדיג איהם ביים קנאָפּ פון פּאַלטאָ, אזוי געזאָגט:

— זעהסט, מאַטים, עס פּאַסט נישט! ביי לייטען אין „געזעל־שאַפט“ דאַרף מען זיך מעהר „אַנשטענדיג“ צו האַלטען. מען דאַרף בעטראַכטען יעדעס וואָרט, וואָס מען וויל זאָגען. וואָרום, זעהסט דו, מאַטים, עס איז דאָך ניט שען צו זאָגען עפּעס נישט פּאַסענדיגעס אין געזעלשאַפט. פערשטעהסט דאָך אליין...

די הויף „דייטשע“ ווערטער: „געזעלשאַפט“, „אַנשטענדיג“, וואָס האָבען זיך זעהר ערדעל פון רחל׳הס מויל ארויסגעגליטשט, האָבען אויף איהם אַ ליעבען שרעק געוואָרפען, און ווי אַ קליין קינד האָט ער זיין פעהלער דערקענט.

שען איז געווען צו זעהן שבת נאָך׳ן דאַווענען, ווען ר׳ יעקב גאָלדמאַן מיט מאַטים׳ן געהען פון שוהל אהיים: ר׳ יעקב׳ס אַ אייניקעל טראָגט זיי די טליתים נאָך. פון פענסטער קוקט ר׳ ישכר וויינשטיין ארויס. דער שווער מיט׳ן איידים שאָקלען אין פענסטער אריין: גוט שבת.

— וואָס דען? אונזערע קינדער ווערען לייט? מישטיינס געזאָגט!

— קרעכצט איין יודענע צו דער צווייטער, שטעהענדיג פאַר דער טהיר און נאָכקוקענדיג דעם שווער מיט׳ן איידים.

— דאָס הארץ קוועלט פאַר נחת, אוי, אוי! נעהאָ, זיין מאַמע, האָט געדראַפּט פון קבר אויפשטעהן און זעהן איהר מאַטים׳ן.

— אָרימע לייט, נעבעך, שטאַרבען אָב, און זיינען אפילו ניט זוכה

דערלאַנגט. זי האָט די גלעזלעך אויסגעשטעלט, איינגעגאָסען. ערעל, פּאַמעליך. קיינער האָט נישט געטרונקען, אַלע האָבען געוואַרט אויף'ן אַלטען. דער אַלטער האָט זיך פון אָרט ערהויבען, דעם עלטסטען זוהן דערלאַנגט די האַנד, זאָגענדיג „לחיים"! דערנאָך האָט ער דערלאַנגט מאַטיס'ן די האַנד. מאַטיס האָט זיך אויסגעגלייכט. דער אַלטער האָט איהם פעסט די האַנד געדריקט, און דערנאָך מיט'ן קאָפּ צו די פרויען געשאָקעלט. און די העלפט פון גלעזיל אויסגעטרונקען.

די קינדער האָבען אויך אָנגעקלאַפּט די גלעזעלעך.

מאַטיס איז זעהר רויט געווען און האָט זיך געלאָזט שטאַרק בעטען. רחל'ה האָט צו איהם געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געזאָגט צו איהם, נעהנטער צורוקענדיג דאָס גלעזיל: טרינקט! מיט אַ טאָן, ווי איינער זאָגט: „מען וועט איהם שוין אויסלערנען". מאַטיס האָט שוואַך מיט זיין דיקער האַנד דאָס גלעזיל צו די ליפּען גענומען. אַ שוויים האָט זיך אויף זיין שטערען בעוויזען, און קוקענדיג אַ מינוט ווי פערשעמט אין אַ זייט, האָט ער מאָדנע דין די ליפּען פערקרימט און זיין שטערען האָט זיך געקנייטשט.

רחל'ה איז געזעסען די גאַנצע צייט און האָט מיט אַ האַלב טרויעריגע מינע אויף איהר גלעזיל ווישניאַק, וואָס איז פאַר איהר געשטאַנען, געקוקט און האָט קוים מיט איהרע דינע, ווייכע ליפּען זי בעריהרט.

— וואָס הערט מען עפּיס נייעס? — האָט דער אַלטער דעם עלטסטען זוהן געפרעגט.

און שטיל און יום־טוב'דיג האָבען אַלע אויסגעהאָרכט, ווי דער עלטערער זוהן, מאָטעלע, האָט מיט דרך־ארץ פערצעהלט די „פּאָליטיק" פון דער „הצפירה". און ר' יעקב גאָלדמאַן איז געזעסען אין קאַפּעל און, צומאַכענדיג איין אויג, מיט קאָפּ אויסגעהאָרכט, וואָס דער זוהן פערצעהלט. און געדאַכט האָט זיך אַז עס איז גענוג, אַז דער אַלטער זאָל דאָס צווייטע אויג צומאַכען, און דאָס ערשטע זאָל זיך אויפעפענען, די גאַנצע „פּאָליטיק" מיט די פּיס אין דער הויך איבער קעהרען.

---

און אַ התונה איז געווען, ווער מיר גוטס גינט. דאָס געסיל האָט געלעבט, קינד און קייט האָט זיך געפרייט; ר' משה גאָמבינער

נאָז און די עטליכע ווייסע האָר פון באָרד ציטערען אריסטאָקראַטיש אויף דער ברוסט, איבער דעם ווייסען, בעל־בתישען קראגען מיט דעם שווארצען שניפסעל. ארום טיש — ר׳ יעקב׳ס זוהן מיט די איידימס. אלע אין פיינע, גלאַנצענדיגע שניט־רעק, ווייסע בעל־בתישע קראגען, קליינע, שווארץ־סאמעטענע היטלעך, אויף די זיידענע וועסטען גלענצען די גילדענע קייטען. פון דער צווייטער זייט טיש זיצען ר׳ יעקב׳ס ווייב מיט די טעכטער און שנירען, אין זיידענע קליידער. פון די ווייסע העלזער גלאַנצט דאָס צירונג אראָב. די אויגען קוקען מיט דרך־ארץ אויף דעם טאַטען און שווער. און מען וואַרט מיט רעספעקט אויף דעם וואָרט, וואָס וועט פון זיינע ליפען ארויס. יעדעס וואָרט, וואָס א קינד זאָגט, איז „אָבגעוואויגען און אָבגעמאָסטען“, יעדע בעוועגונג — לייכט און עדעל, ווי „אויס־שטודירט“. אין מיטען די זיהן איז מאטיס געזעסען. אַנגעטהון אין א נייען לאַנגען ראָק. און זיין רויט אָבגעברענט געזיכט, וואָס מען האָט ערקענט, אז עס איז געוועזען געוואַשען; זיינע גראָבע רויטע הענד, וואָס זיינען משונה מאָדנע אויף זיין ברוסט געוועזען פערוואָרפען — האָבען נישט געשטימט, ניט מיט דעם שענעם ראָק, וואָס ער האָט געטראָגען און נישט מיט דעם אלעם, וואָס איז געוועזען ארום טיש... ער איז געזעסען שטיל. ער האָט מורא געהאַט אפילו עפּיס צו טראַכטען, צו בעוועגען מיט א אבר, און האָט מיט גרויס דרך־ארץ אויף איין פונקט געקוקט. זיינע פינקעלדיגע אויגען, וואָס האָבען מורא געהאַט זיך צו ריהרען, און פון איין זייט, זיין אימה אויסגעזאָגט, האָבען אויך צו וויסען געגעבען, אז ער איז אימשטאַנד, יעצט דעם קלענסטען פון דאנען מיט דרך־ארץ צו פאָלגען אלץ, וואָס ער וועט איהם הייסען טהון. רחל׳ה איז געזעסען קעגען־איבער, אָנגעטהון אין א ניי גרין קלייד. איהר קאָפּ האָט זי געהאַלטען אראָב געלאָזט צו דער ברוסט, האלב טרויעריג און האלב שטאָלץ...

אלע ארום זיינען שטיל געזעסען.

די „בעיאָהרטע פרוי“, וואָס איז די גאַנצע צייט ביים טיש נעבען מאַן געזעסען און האָט איהם אין מויל געקוקט, האָט זיך פון איהר אָרט ערהויבען, און האָט דערלאַנגט, פון דער שאַנק ארויס, א געשליפענע קאַרפינקע מיט רויטען ווישניאַק. ערשט דאַן האָט זיך אויך רחל׳ה פון איהר אָרט אויפגעהויבען. דאָס נייע קלייד האָט איהר נאָך געשאָרכט, און זי האָט צום טיש דיניטשקע, ערעלע גלעזעלעך

אז ער איז דורך געגאַנגען פאַר דער „באַנק“, האָט ער געוואָרפען א שעמעדיגען בליק אויף די חברה, וואָס האָבען איהם, אָנגעטהון אין די וואָכעדיגע מלבושים, נידריג און וואָכעדיג אויסגעזעהן.

— „לא קם“ — גיט שלמה מלאך א ווינק צו איהם מיט אַן אויג.

— די פיש פאַנגען זיך! — זאָגט א צווייטער יונג פון דער חברה.

מאַטיס בייגט דעם קאָפ אראָב, קוקט אויף זיין קאַסטיום, וואָס האָט יעצט געפונען חן אין זיינע אויגען, און שאָקעלט פערשעמט מיט'ן קאָפ.

איבער־געקומען די באַנק, איז ער שוין פאַמעליך, מיט דרך־ארץ איבער די גאַס געגאַנגען, און צו יעדען אָרענטליכען בעל־בית, וואָס ער האָט אין פענסטער געזעהן, אריין־געשאָקעלט „גוט שבת“.

באַלד איז ער צו צו ר' יעקב גאָלדמאַן'ס הויז. פאַר די טהיר, אויף שטוהלען, זיינען געזעסען: ר' יעקב'ס ווייב, אין א זיידענעם טוך ארום־געהילט, און האַלב צומאַכענדיג די אויגען, פון „דערהייך“ אין דער גאַס אראָב געקוקט. נעבען איהר — רחל'ה מיט איהרע חבר'טאָרענס. און אין פענסטער זיינען געשטאַנען: ר' יעקב גאָלדמאַן אין קאַפּעל, און ר' יוחנן שדכן, און האָבען עפּיס שטיל גערעדט.

מיט הארץ־קלאַפּען האָט מאַטיס שטיל א שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ: גוט שבת! און געשראָקען זיך, צי ער האָט נישט עפּעס קאַליע געמאַכט....

— גוט שבת, גוט יאָהר! — האָט איהם ר' יוחנן מיט זיין הויך תקיפ'דיג קול אָבגעענטפערט.

---

געוועזען איז עס אין א שענעם שבת נאָך מיטאָג. אין דער גרויסער שטוב ביי ר' יעקב גאָלדמאַן איז אויפגערוימט יום־טוב'דיג. די גאַרדינען זיינען מיט בלאַהע בענדער פערצויגען, אזוי, אז דער שפּיעגעל, פון צווישען די צוויי פענסטער, איז כמעט האַלב פערשטעלט. די ווענד זיינען בעהאַנגען מיט וואָלטשקענע בילדער, אויף קאַנווע אויסגענעהט — רחל'ס ארבייט. פון שויבען־שענקעל פינקלען צוויי זילבערנע לייכטער ארויס. זילבערנע לעפעל, גאָפּעל און מעסער, פּאָרצעלייענע טעלער, גלעזערנע קלאָשען... און דאָס אלץ ווארפט אַן אריסטאָקראַטישען גלאַנץ איבער דער שטוב. אויבען־אָן — ביי דעם ווייס געדעקטען טיש, זיצט ר' יעקב אין שלאָפראָק און קאַפּעל, די ברילען אויף דער

„קאמיזע" (א געשטופעלטער, אָבגעברענטער יונג, וואָס וואַלגערט זיך אין די שטאַלען ארום) שטעהט פאר'ן ביימעל. חברה ציהען איהם דעם הוט איבער די אויגען און לאַכען. אָט שפּאַצירט א מיידיל איבער דער גאַס; חברה שיקען צו „קאמיזען". ער נעהמט זי אונטערן אָרעם. דאָס מיידעל רייסט זיך פון איהם, זי ווערט רויט, פערשעמט, און חברה־לייט לאַכען, זאָגען גלייך־ווערטלעך.

עם הערט זיך ר' משה גאַמבינער'ס קול (ער איז מעביר די סדרה), און זיין זוהן, דעם בחור'ס, גמרא ניגון. די קולות קלינגען אָב אין געסיל, און חברה־לייט אויף דער באַנק זיצען און לאַכען.

רחל'ה מיט די חברטאָרענס געהען צוריק פון דער בריק; פּאַמעליך, מיט דרך־ארץ געהען זיי איבער דער גאַס. רחל'ה — אין מיטען. זי איז די עכבטע פון אַלע. געהט אָנגעטהון אין א לאַנג קארטאָנען קלייד, אונטען צוויי בלאָנדע לאַנגע צעפּ, מיט בלאָהע זיידענע בענדער פערקניפּט. זי געהט זיך רוהיג און פערציילט עפּעס רוהיג די חבר'טאָרענס. די חברה ווינקען צו „קאמיזען", ער זאָל צוגעהן. „קאמיזע" קוקט פון דערווייטען, איבערלעגט זיך און קען ניט מעיז־פּנים זיין... דאָך, שטעהענדיג פון דערווייטען, „בילט" ער עפּעס אהין צו די מיידלעך. די מיידלעך — ניט זיי מיינט מען, — געהען זיך רוהיג, מיט דרך־ארץ. רחל'ה שאָקעלט לייכט מיט איהר שענעם קאָפּ צו ר' משה'ס פענסטער. גוט שבת! באַלד נעמט זי צוריק דעם קאָפּ און פערציילט עפּעס ווייטער, גלייכגילטיג, פּאמעליך און רוהיג.

— קוקט אָן דעם „יאטיש" (די בעל־בתישע טאָכטער) — זאָגט א יונג פון דער חברה.

זי הערט נישט, געהט זיך ווייטער רוהיג, מיט דרך־ארץ.

— א חאָלערע אין איהרע ביינער! מיט וואָס פאר א גאוה דאָס געהט, ווי זי וואָלט ראָטהשילד'ס טאָכטער זיין! אויף מיר א מענש — יעקב גאָלדמאַן'ס טאָכטער.

— „דער אויסגעבלאָזענער טיט" — ענטפערט א צווייטער: ער וועט דאָך באַלד צו דיר קומען א 25־גער באָרגען. — ווענדט ער זיך צו מאַטיס'ן, וואָס איז געזעסען אין א זייט און גאָר נישט גערעדט.

מאַטיס ערהעבט זיך, לאָזט די חברה זיצען, און געהט אהיים, טהוט זיך איבער דאָס נייע פּסח'דיגע פּאָר, און געהט צוריק אין גאַס אריין.

רינט פון דער הויך אין טאָהל אראָב, פאַלט אויף די רעדער, די רעדער פאטשען מיט עזות צוריק... און מאטים ליגט און קוקט ווייט, דאָרט צו דער בריק אריבער.

אַט שפאצירט זי, רחל'ה, ר' יעקב גאָלדמאַן'ס טאָכטער, מיט די חבר'טאָרענס. זיי געהען רוהיג, געלאַסען. און איהר לאַנג קלייד שלעפט זיך איהר נאָך. אַט האָבען זיי זיך אָבגעשטעלט און קוקען אין וואסער אריין. ער זעהט איהר געזיכט, זי איז אזוי שען און רוהיג, אזוי ערנסט. א בעל־בתיש קינד. איהר פּנים מיט איהר לאַנג קלייד שפּיגלען זיך אודאי אָב אין וואסער, און אָט האָט זי זיך אומגעדרעהט, און געהט ווייטער, און ווערט פערשוואונדען.

מאטים זיצט און קוקט אין וואסער אריין.

זי וועט זיין זיין כלה. יום־טוב וועט מען איהם פערבעטען צום מחותן צו גאסט. ער וועט איהר א פּאָר גאָלדענע אויעררינגלעך געבען. זי וועט נעמען און דאנקען, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ... ער וועט מיט'ן מחותן אין שוהל געהן דאווגען, דער מחותן וועט איהם מכבד זיין מיט מפטיר, ער וועט מיט'ן מהותן פון שוהל, איבער די גאנצע גאס געהן. מען וועט זיי נאָכקוקען... ר' יעקב גאָלדמאַן מיט'ן חתן געהען...

און ער קוקט אין וואסער אריין, דאָס ראָד פּאטשט די וועלען, דאָס וואסער רוישט.

באַלד פערשעמט ער זיך פאר זיך זעלבסט. ער הייבט זיך אויף, נעמט אָן דאָס פערד ביים שטריק און פיהרט עס אהיים. פאַרביי־געהענדיג פאר די יונגען, זאָגט ער: קומט חברה! מען נעמט די פערד פאר די שטריק און מען געהט. מאטים מיט זיין בולאַן פאָראויס, חברה נאָך איהם. אין געסיל איז שטיל. פון אַן אָפען פענסטער הערט זיך „תורה": א יוד זיצט ערגיץ־וואו און לערנט, אין דאָס קול, דאָס ליעד פון שבת, שפאצירט מיט רוהיגקייט איבער'ן געסיל. מאטים האַלט דעם שטריק און פערשעמט זיך פאר זיך אליין: א ייד זיצט אין לערנט און ער פיהרט א פערד אין גאס.

מען האָט שוין די פערד אין די שטעלער געבראַכט, און מען קומט צוריק. און מען זעצט זיך פאר ר' משה גאמבינער'ס טהיר. אין געסיל ווערט היימליכער. מיידלעך שפאצירען. פון די אָפענע פענסטער הערען זיך קולות. יודען זיינען מעביר די סדרה. א גאנצע חברה בעלי־עגלות זעצט זיך פאר ר' משה'ס טהיר, די באנק איז עפּעס „מסוגל" צו דעם...

מאַטים האָט שטיל געשוויגען.

— ווייס איך וואָס עס קען זיך מאַכען? פאַר וואָס דען נישט? עס קען אַלץ מעגליך זיין. ר׳ יעקב זוכט נישט קיין וואויל־לערנער, קיין בעל־יחוס, ער זוכט זיך אַ איידעם... פאַר זיין רחל׳ע, אַ בעל פרנסה, און פאַר וואָס דען נייטש? איך בין דאָרט אַ בן־בית! אַ גאַנצער דאָרטיגער.

אַ ווארעמקייט האָט מאַטים׳עס ברוסט ערפילט. און מיט שטילע טריט, מיט דרך־ארץ איז ער ר׳ יוחנן נאָכגעגאַנגען.

און אַהיים־קומענדיג אויף דער נאַכט האָט ער זיך רוהיג ביים פענסטער אַנידערגעזעצט און געקוקט אין הימעל אריין.

ר׳ יוחנן׳ס שמועס איז געווען דער ערשטער סוד, וואָס ער האָט פון זיינע חברים פערבאָרגען.

---

אונטער דעם געסיל ציהט זיך דאָס פעלד. אַ גאַנצע וואָך פאַשען זיך דאָרט די שטאָדט־בהמות. שבת פיהרען די בעלי־עגלות די פערד אויפ׳ן פעלד. עס ליעגט זיך אַ בעל־גאוה אויסגעצויגען אויפ׳ן בויך. נעבען איהם זיצט דאָס ווייב און די קינדערליך, און דאָס פערד פאַשעט זיך פון דערווייטען, אַנגעבונדען מיט אַ לאַנגען שטריק צום שטיק האָלץ, וואָס איז אריינגעהאַקט אין דער ערד. די שטאָדט־יונגען שפּיעלען „פּאַלענט״: מען קלאַפּט מיט׳ן „פּאַלען״ אין דעם „באַלען״, און מען לויפט ביז צו די „מעטע״. קלענערע יונגען שפּיעלען אין זעלנער. אויף אַ בערגיל זיצען אַ קופּע ווייבער, און איינע לעזט פון די „צאינה־וראינה״. איהר וויינענדיג קול שלאָגט זיך אָב אין וואַסער פון דערווייטען.

ביים וואַסער ליעגען מאַטים׳עס חברים. זיי האַלטען די פערד פאַר די שטריק, און שמועסען פון „טשאָלענטער״. אַביסעל ווייטער, נעבען דעם מילעכיל, ליעגט מאַטים איינער אַליין, און פאַשעט זיך זיין „בולאַן״. ער ליעגט און קוקט אין וואַסער אריין, וואו די וועלען לויפען. פון דערווייטען הערט זיך, ווי דאָס וואַסער שאָרכט אויף דעם „ראָד״ פון מילעכיל. פון דאָרט זעהט זיך די בריק. עס שפּאַצירען בעל־בתישע טעכטער און בהורים... מאַטים ליגט און האָרכט זיך איין צו דעם וואַסער־ גערויש. דאָס וואַסער־מילעכיל פּאַטשט מיט די רעדער, ראַש, ראַש. דאָס וואַכער, שטראָמענדיג מיט אַ געבייזער,

— איך האָב זיי אין דער ערד! וועמענס דאַרף איך דען, פרעג איך אייך, זאָגט מיר, וועמענס?

— זעהסט דו, — דערנידערט ר' יוחנן זיין טאָן, — נישט אַזוי פיהרט זיך די וועלט. אַ מענש ווי דו, קודם־כל, פערשטעהסט דו מיך, איך מיין דיר, חלילה, נישט מוסר צו זאָגען. איך בין נישט דיין טאַטע, נישט דיין גואל. נאָר גלאַט. מענשליך זאָג איך עס דיר, וואָס וועט דער סוף זיין פון דיר? אַ יונגער מענש ווי דו, האָט זיך זיין פרנסה, שענע פאָר הונדערט רובעל, נעכטיגט אין שטאַל! כל הימים אין שטאַל קען מען נישט זיין, אַ מענש מיז קלערען אויף אַ תכלית, אַמאָל אַ קלעהר צו טהון, אז מען דאַרף דאָך אַמאָל אַ שידוך צו טהון... וואָס? נישט צייט? מאַטיס האָט שטיל געשוויגען.

— זעהסט דו, אַ יונגער מענש ווי דו, — איז ר' יוחנן ברייטער אַרויס, — האָט זיך זיין פרנסה, זיינע פאָר הונדערט רובעל, קומט אַרויס פון אַ גאַנץ שענע משפחה, אַזאַ יאָהר אויף מיר, איך האָב דאָך גוט דיין טאַטען, עליו־השלום, געקענט. ר' זעליג. אַ אָרענטליכער מענש, איז זיך געגאַנגען זיין וועג. געפאָהרען, געטראָפען אַ אָרימען, אויפ'ן וואָגען איהם אויפגענומען, ווי ווייט געקענט — אַ אורח אויף שבת אהיים גענומען, ווייס איך? איך בין דאָך אַ מענש, וואָס קומט אַריין אין פערשידענע הייזער, קען אַ וועלט מיט מענשען, פאַר וואָס דען נישט? טאָמער מאַכט זיך אַמאָל אַ גלייכער שדוך, וואָס? נישט אַזאַ מענש ווי אַ אַנדערער? מיט אַ בעל־בתיש קינד... אַז מען פיהרט זיך אָרענטליך...

— איך האָב דען וועם גע'גנב'עט, גע'הרג'עט וואָס?

— נישט דאָס מיין איך, פערשטעהסט דו מיך, ביזט דאָך נישט קיין קינד! אַ מענש ווי דו, דאַרף זיך ביהרען אָרענטליך, חבר'ן זיך מיט אָרענטליכע מענשען, נישט מיט קיין שפּייבער־יונגען! וועד זיינען זיי? לאָבעצעס, מיט די גאַנצע וועלט צו טהון...

— אידר מיינט טאַקי, איך חבר מיך מיט זיי? גאָר נישט, ווייס איך, גלאַט אַזוי...

— אָט האָב איך היינט ביים דאַווענען ערשט מיט ר' יעקב גאָלדמאַן גערעדט וועגען דיר: ר' יעקב זאָגט אייך דאָב אייגענע: אַ אָרענטליכער יונג, האָט זיך שען פרנסה, עד ווייל אַרבייטען, זיינע פאָר גולדען — — — —

פון וואסער, האָט מען זיך אין בית־המדרש אריין געאײַלט; אין די וואָכענדיגע מלבושים, ווי מען גערעט און שטעהט, און פון בית־המדרש — צו נאָטע גאָרקעכער — „דאָס האַרץ אונטערלעהנען זיך“.

און אַ פרייטאג־צו־נאכט איז דענסטמאָל געווען — גאָט און לייט ליעב. אַ זומערדיגע נאכט. עס איז נאָך ליכטיג, די זון בענקט נאָך צוריקצוקומען, די שטערען, טיעף אין הימעל, הענגען נאָר אראָבצו־פאלען, שבת'דיגע ליכטלעך שיינען פון די פענסטער, זמירות־געזאַנג הערט זיך אין געסיל, עס קנאקט... פאר טהירען און טויערן זיצען בעלי־בתים, בעלי־בית'טעס. אין געסיל, אראָב צו דער „בריק“, שפּאַציערען „יונגע קינדער“: מיידלעך, בחורים, דאָרט ווייט אין די נאכט... אַ ווינטעל בלאָזט לייכט, ליעב אויף די הערצער...

אין געסיל אין אַ זייט שפּאַציערען מאַטים מיט ר' יוחנן שדכן. ר' יוחנן שדכן, אַן עלטערער מענש, אַ חסיד, אַ בעוואוסטער איינגעהער אין אלע „בכבוד'ע הייזער“, געהט פאמעליך, רעדט שטיל, מיט נחת, ווי קוועלענדיג פון זיך זעלבסט; און מאַטים, שטיל, מיט אַן אראָבגעלאָזטען קאָפּ, ווי אַ קינד, ווען מען זאָגט איהם מוסר, געהט איהם נאָך און בעמיהט זיך, נישט צו מאכען קיין פלינקע טריט.

— עס איז נישט אזוי, מאַטים! נישט אזוי פיהרט זיך די וועלט. אַ מענש האָט שען פרנסה, גאָט צו דאנקען... האָט זיינע פאר הונדערט רובעל... אַן אנדער אויף דיין אָרט, פערשטעהסט דו, — וואָס טויג דיר די חברה? ווער זיינען זיי? שמייסער־יונגען! דיין גלייכען? ביזט דאָך שוין, זאָל מען זיך נישט גענארען, אַ מענש אין די יאָהרען. דאָס גאנצע לעבען אָבלעבען אין שטאָל? וואָס פאר אַ ווערטה האָט מען אין לייטענס אויגען?

— לייטען? איך שפּיי אויף זיי, ווען דארף איך דען? זיי קומען צו מיר בּאָרגען געלד... איהר ווייסט...

טאַקי איבער דעם. מען איז נישט אַ ליאדע ווער פון דער גאַס אראָב... אייגענע פאר הונדערט רובעל... אַ יונג ווי דו, שען פרנסה, אַן אָרענטליכער מענש, — ווען האָסט דו שלעכטס געטהון? און ווי קומסט דו אין שטאָל, אָדער מיט דער חברה פאר'ן שטאָל? אזאַ יונגער מענש ווי דו, ווייס איך? סטארעט זיך, ווייס איך וואָס, אריינ־צוקומען אין אַן אָרענטליך הויז, צו חבר'ן זיך מיט אָרענטליכע מענשען.

— קוקט נאָר אָן דעם „סוחר“! אַ גאַנצער בעל־בית געוואָרען! פּאָהרט זיך אויף מערק און שאַפּט זיך „העלדען“, — בייזערט זיך איבער איהם שלמה מלאך, אַ הויכער דארער יונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען נאָך פון קינדהייט אָן, ווייל ער פלעגט אויף פליעגען זאָגען: מלאכים.

— די שווארצע יאָהר האָבען געקענט וויסען! „פעווענזעלטער מלאך“, וואָס עס ליגט איהם אונטער דער קאַפּאָטע, — פערענטפערט זיך מאַטיס אויף זיין לשון.

און מאַטיס „מאַכט איינציגווייז די פּאַר גולדען“; ער בעהאלט דאָס נישט פאַר זיינע חברים, מען וויים דאָס. אַ יונג געהט צו, גיט איהם אַ טאַפּ פאַר דער גראָבער טאַש: „רויטע קארפּען־קעפּ“, הא?... ביי ר׳ משה׳ן האָט ער שטעהען די פּאָר גולדען אָהן אַ וועקסעלע, אָהן אַ קוויטעל. ער וויינט נישט קיין חכמות, עס איז דאָך עפּיס ר׳ משה גאָמבינער, וואָס האַנדעלט מיט די דייטשען אין די טויזענדער...

אין שטאָדט רעדט מען פון איהם: ער „פערמאָגט“... און חשוב׳ע בעלי־בתים, „די אויפגעבלאָזענע טיטען“, ווי מ׳פלעגט זיי רופען, קומען שוין צו איהם „כאַפּען 25־ערם אויס דער האַנד“ אַ וועקסעלע צו צאָהלען — מאַטיס באָרגט; ער ווייזט, אז ער האָט אויך די „קליינגערם“, נאָר ער בלאָזט נישט פון זיך.

שבת נאָך מיטאג. מאַטיס זיצט מיט דער חברה אויף דער באַנק פאַר ר׳ משה גאָמבינער׳ס טהיר און ציעפּיט די אויסגעצוואָגענע „טשאָלענטער“, די דיענסט־מיידען, וואָס געהען פערביי. די „אויפּגעבלאָזענע טיטען“ דרעהען זיך אין דער גאַס. אָנגעטהאָן אין די שבת׳דיגע פיינע שניט־רעק, מיט די ווייסע בעל־בתישע קרעגענדלעך, פערלעגט די הענד, — געהען זיי פּאַמעליך איבער דער גאַס, קומען אָן פאַר דער „באַנק“, און גיבען אַ פּאַמעליכען שאָקעל מיט׳ן קאָפּ צו מאַטיס׳ן (מען דאַרף אַמאָל דעם הונד). מאַטיס שאָקעלט צוריק ערנסט און דרעהט דעם קאָפּ אין אַ זייט אַוועק, גיט אַ ממזר׳שען ווינק מיט די אויגען און זאָגט מיט אַן ערנסטען טאָן — זעהר אַ גראָב וואָרט.

---

די פערד אין די שטעלער געבראַכט, אָבראָק אין די קאָרעטעס איינגעשיט, און פריש שטרוי אויסגעשפּרייט, — האָט מען זיך צום וואַסער, וואָס געהט נאָך דעם שטאל, אַראָבגעלאָזט. צוריקקומענדיג

טהויער, וואָס האָט זיך, צוליעב זיי, ברייט אויפגעעפענט. די אַנדערע צוויי וועגען פאָהרען נאָך און עס ווערט שטיל.

---

נישט לאַנג איז, זייט מאַטים איז געווען אַ שמייסער ביי פוקסען, וואָס פלעגט פיהרען פון דער קוטנער באַהן־סטאַציע נאַפּט און זאַלץ, ווי אויך צושטעלען רוסישע עמיגראַנטען צו דער גרענעץ. אַלע האָבען געוואוסט, אַז מאַטים האָט שטעהן ביי ר׳ משה גאַמבינער אַ פּאָר שעהנע הונדערט גולדען, וואָס ער האָט זיך איינציגווייז אַנגעזאַמעלט. מאַטים האָט געזאַמעלט געלד, און איז אַלץ ווייטער געווען שמייסער; גע׳חבר׳ט זיך מיט חברים. אַמאָל אָבער, ווען ער איז מיט זיין בעל־הבית אויפ׳ן ליטווישען מאַרק געווען, האָט ער דערזעהן אַ פּאָר „חיות" ביי אַ פּויער. זיי זיינען איהם געפעלען. און מאַטים טראַכט נישט קיין סך, לויפט צו ר׳ משה׳ן, כאַפּט אַ הונדערטער און קויפט די פערד. ער ברענגט די „חיות" קיין קוטנע, קויפט אַ וואָגען און ווערט אַ בעל־הבית פאַר זיך.

צוערשט קומט עס אָן שווערליך. חברה פוהרמאַנעס ווילען איהם נישט אין די קאָמפּאַניע אריינגעהמען. מען סטראַשעט איהם, אַז זיי וועלען איהם די פערד פער׳סם׳ען. מאַטים לאָזט זיך נישט, נעהמט אָן אַליין בעשטעלונגען, — אַרבעט און בעהאַלט די פּאָר גולדען.

עס געהט אוועק אַ יאָהר. מאַטים איז שוין אַ סוחר פאַר זיך, כאַפּט אַ 25־ער פון דער האַנד ביים ערשטען בעל־הבית. מאַטים׳ן געטרויעט מען. אַ „יונג, וואָס וויל אַ גראָשען פערדיענען", רעדט מען וועגען איהם. דאָס געשעפט געהט, די „ליטוואַקעס" שיטען זיך ווי מאָן. מאַטים האָט שוין נאָך אַ וואָגען, ער נעהמט צו אַ „גוטען ברודער", שלמה „מלאך", פאַר אַ שמייסער. צו מאַטים׳ן וויל מען גערן געהן. חברה האָט איהם ליעב — אַ „גוטער ברודער".

עסען עסט מען צוזאַמען ביי נאָטע גאָרקעבער. גאָלדעלע איז אַ וואויל ווייבעל... אַלע לעבען צוזאַמען, ווי געטרייע שותפים פיהרט מען זיך. מאַטים טהוט נישט די האַנד אין קאַלטען וואַסער אריין אָהן חברה. און טאָמער טהוט ער עפּיס אַ פעהלער, אַז ער פאָהרט אַליין אויפ׳ן מאַרק און שאַפּט זיך איין „אַ עקשנ׳דיגען קאָזאַק" אָדער אַ „בלינדען לייב" וואָס איז שוין „לא קם", — בייזערט מען זיך אויף מאַטים׳ן:

אָבגעגאָלטע קעפּלעך. זיי בעגלייט א חברה קינדער: יונגעלעך קליינע, פּנים'ליך פון פרייטאג. מיט „סטאָניק“ יאַגאָדעס פערשמירטע, די העמדעלעך ווייזען זיך אין די הויזען־שפּאַלטען ארויס, די ציצית שאָקלען זיך נאָך און פּאַטשען. מיט גדולה לויפען זיי נאָך די שפּסעלעך. די סטאַדע קומט אָן פאר ר' יוסף ראָזענקראַנץ'ס הויז. די שותפים געהען צו, כאַפּען א שעפּס מיט'ן שטעקען און טאַפּען איהם. זיי רעדען צווישען זיך אביסעל. באַלד לאָזט מען די סטאַדע איינציג־ווייז אין טהויער אריין און ר' משה מיט'ן גראָבען שטעקען אין דער האַנד, צעהלט די שעפּסען, וואָס שפּאַרען זיך דורך דער קויב־געעפענטער פורטקע אין הויף אַריין.

באַלד קומט אָן צו לויפען ערגעץ־וואו א יודיל, א מאָגערס, א קליינס. ער גיט א קלאַפּ מיט א האַמער אין טהיר און ענטלויפט, אוז ווערט פערשוואונדען ווי א שאָטען... דער טעמפּיגער הילך פון האָלצערנעם האַמער לאָזט זיך הערען אין געסיל, עס ווערט שטיל, די געוועלבעלעך פערמאַכען זיך, אין די פענסטער ווייזען זיך ליכטלעך.

דער הימעל — א פעלד א ברייטס, מיט ליכטיג־פערשטויבטע בייטען, און די זון לאָזט זיך אראָב צום פלאָצקער טראַקט צו... אין געסיל בעווייזט זיך שוין אָן אָבגעוואַשענער יוד אין א שבת'דיגער קאַפּאָטע. צוויי אָבגעוואַשענע, שבת'דיגע יונגעלעך, די סדורים־לעך אין די הענד, געהען איהם נאָך אין שוהל אריין צו קבלת שבת.

וויעדער ווייזט זיך פון פלאָצקער טראַקט א גרויסער שטויב, וואָס קומט אָן מיט איילעניש, ווי ער וואָלט עפּיס אָנזאָגען דער גאַס.

באַלד הערט זיך א האַקען פון רעדער, א רעש מיט עזות. דער שטויב צוגעהט זיך אויף אַלע פיער זייטען, און עס בעווייזט זיך א וואָגען אין דריי פערד אין דער ברייט געשפּאַנט. ער קומט אָן אין געסיל מיט רעש. נאָך איהם לאָזט זיך א צווייטער וואָגען, אין צוויי פערד געשפּאַנט, און א דריטער. מען קנאַלט מיט די בייטשען. די קנאַלען שלאָגען אין דער גאַס אָב, ווי א סיגנאַל, אז מען איז אָנגעקומען אויף שבת. די וועגען שטעלען זיך אָב פאַר א לאַנג אָבגעווייכטען צוים, פאַר ר' יוסף'ס הויז. פון ערשטען וואָגען שפּרינגט אַראָב פריהער פאַר אַלע מאַטיס, א הויכער, ברייט־ביינינער יונג, אָנגעטהאָן אין א ברייטען ווייסען זומער־מאַנטעל, אין גאַנצען פערשטויבט. ער נעהמט אָ' די פערד פאַר דער צוים, און פיהרט זיי מיט דעם וואָגען אין דער

# די יאַטישע טאָכטער

א זומערדיגער פרייטאג נאָכמיטאג. הייליך איז אין געסיל, מען שפּירט שוין דעם שבת, וואָס קומט אָן פון פלאָצקער טראַקט.

ר' משה גאָמבינערס ווייב, די ערשטע בעל־הבית'טע אין געסיל, האָט שוין שבת געמאַכט. אָנגעטהאָן אין א ווייסער שערץ, און אין דער שבת'דיגער הויב פון שפּיצען, זיצט זי אויף דער באַנק פאַר איהר הויז. נעבען איהר זיצען צוויי מיידלעך, איהרע טעכטערלעך, אָבגעוואַשענע, אויפגעקעמטע, די זיידען־שווארצע צעפּלעך פערשלייפט מיט ווייסע שלייפלעך. אָנגעטהאָן אין קרעטאָנענע קליידעלעך, ווייסע שערצלעך. זיי זיצען ביי דער מאַמען און קוקען רוהיג אין געסיל. געגענאיבער זיצט פאַר דער טהיר אויף דער באַנק ר' יוסף ראָזענ־קראַנץ'ס ווייב, די צווייטע בעל־הבית'טע אין געסיל, מיט איהרע טעכטערלעך — אויך שוין שבת געמאַכט. אין געסיל, צווישען די צוויי בענק, שטעהען די מענער, ר' משה און ר' יוסף, צוויי אַלטע בעלי־בתים, שותּפים, אָקסען־הענדלער גרויסע. זייערע מלבושים זיינען פערשטויבט פון וועג, די ווייסע בערד — איבער די ברוסטען, זיי שמועסען און פערפולען די וואָך מיט געשעפטס־זאכען. דורכ'ן געסיל לויפט דורך מיט געאייל מרדכי שוסטער, מיט א פּאָר שטיוועל אין א רויט שנופּ־טיכעל אונטער דעם אָרעם, — דאָס טראָגט ער אָב א בעל־בית אויף שבת. פערהאָרעוועטע ווייבער, מיט פערמאַטערטע פּנים'ער און בעשמוצטע שערצען שטופּען זיך מיט איילעניש פאַר חנה־שרה'לעס געוועלביל, כאַפּען ליכט, א פּעקיל טהיי, א פונט צוקער און לויפען אין די שטובען. פארביילויפענדיג פאַר די שבת'דיגע בעל־הבית'טעס, וואָס זיצען פאַר די טהירען, פערשעמען זיי זיך: נאָך ניט שבת געמאַכט!...

וואו דאָס געסיל ענדיגט זיך, הויבט זיך אָן דער וועג, וואָס פערבלאָנדזעט זיך ווייט אין די וועלט אריין: דער טראַקט קיין פּלאָצק. צוקומענדיג צום שטעדטיל, געהט דער וועג באַרג אויף; אָט ווייזט זיך א וואָלקען־שטויב, איינציגווייז הויבען אָן קריכען שעפּסען ארויס פון דעם וואָלקען, די געקרייזעלטע וואָל זייערע איז פערשטויבט. זיי געהען און קוקען זיך תּם'וואַטע אין גאַס ארום, דרעהענדיג מיט די

# אינהאַלט פערצייכנים:

# יוגענד

פון

## שלום אַש

צווייטעס בוך

ארויסגעגעבען פון „פאָרווערטס"
173—175 איסט בראָדוויי, ניו יאָרק.
1911